דוד מייערס ביבליאטעק
ניו יארק, נ. י.

דר. ח. זשיטלאָווסקי

געזאַמלטע שריפטן
ניינטער באנד

# דער ציוניזם און דער נייער ישוב אין ארץ ישראל

פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ
וואַרשע 1931

# אינהאלט:

# איי‍ניקע שעה מיט דר. טעאָדאָר הערצל.

## 1.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט דר. טעאָדאָר הערצל, דעם פירער פון דעם פּאָליטישן ציוניזם, האָט געדויערט איין טאָג, פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט, מיט גרויסע איבעררייסונגען. נישט פאַר יענעם טאָג, נישט נאָך אים האָב איך נישט געהאַט צו דר. הערצלען קיין שום דירעקטע אָדער אינדירעקטע שייכות. די ספערן פון אונזער ביידנס טעטיקייט זענען געלעגן צו ווייט איינע פון דער אַנדערער, אונזערע וועגן זאָלן זיך יוען עס איז האָבן געקאָנט באַגעגענען אין איין געמיינזאַמען פונקט.

נאָר יענער טאָג איז געווען אַן אויסנאַם. אונזער צונויפ־קונפט איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אויסעראָרדנטלעכע אומ־שטענדן, וואָס האָבן, לויט דר. הערצלס מיינונג, באַדאַרפט פירן צו וויכטיקע פּאָליטישע פּאַסירונגען אין דעם לעבן פון דעם יידישן פאָלק. יענע אויסעראָרדנטלעכע אומשטענדן איז אָבער נישט באַשערט געווען קיין לענגער היסטאָריש לעבן, ווי נאָר אַ פערטל שעה. נאָך דעם פערטל שעה זענען זיי געווען טויט. זיי האָבן מיר אָבער געגעבן די מעגלעכקייט צו פאַרברענגען כמעט אַ גאַנצן טאָג אין דער געזעלשאַפט פון דר. הערצל אין אַן אינטימען „טעט־אַ־טעט“.

איך האָב דעמאָלט געגעבן דר. הערצלען אַ וואָרט, אַז אונזער אונטעררעדונג זאָל נישט אַריינדרינגען אין דער עפנט־לעכקייט. כל־זמן די פאַרעפנטלעכונג האָט געקאָנט האָבן אַ װעלכע עס איז פּראַקטישע ממשות, האָב איך געהאַלטן וואָרט. איצטער זענען שוין אַריבער מער ווי גאַנצע עלף יאָר. דער ענין, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט, האָט שוין מער קיין

שום פּראַקטישע באַדייטונג נישט. אָבער די גאַנצע אונטעררע־דונג, ווי שוין דער פאַקט אַליין, וואָס זי האָט געקאָנט האָבן פּאַסירט, איז כאַראַקטעריסטיש סיי פאַר דער דאַמאָלסטיקער לאַגע, סיי פאַר דער פּערזאָן פון דעם ציוניסטישן פירער.

פון דעם שטאַנדפּונקט געזען, איז די אונטעררעדונג אַ וויכטיקער היסטאָרישער דאָקומענט, וואָס טאָר נישט פעלן אין דעם אַרכיוו פון אונזער געשיכטע. ווי אין יעדער היסטאָרישער באַסירונג, קאָן אויך אין איר אײַנגעוויקלט זײַן אַ מוסר השכל „היסטאָריא דאָצעט". אָט פאַר וואָס איך פאַרעפנטלעך איר.

געווען איז דאָס אין דעם זומער 1903, אין דעם זומער פון „קישינעוו" און „אוגאַנדאַ".

פאַר מיר איז יענער זומער געווען דער שווערסטער אין מײַן לעבן. אַ פּאָר גוט־געצילטע קלעפּ פון דער מוטער־נאַ־טור, — זי קאָן אַ מאָל גוט צילן, די מוטער־נאַטור, — האָט מיך פּלוצלונג אַרויסגעשליידערט פון מײַן פּסיכישן גלײַכגעוויכט און אַוועקגעשטעלט פאַר אַ פינסטערן אָפּגרונט. ווען נישט די צוגעהעריקייט צו דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָט גראַד דעמאָלט פאַנאַנדערגעוויקלט איר גראַנדיעזן קאַמף מיט דער רוסישער רעגירונג; ווען נישט דער קישינע־ווער פּאָגראָם, וואָס האָט מיך געצווונגען צו רעווידירן מײַן יידיש פּראָגראַם, און ווען נישט די באמת ברידערלעכע, ליבע־פולע הילף פון מײַן פרײַנט און חבר ש. ראַפּאָפּאָרט (אַן־סקי), וואָס איז אַרומגעגאַנגען אַרום מיר, ווי אַרום אַ קראַנק קינד, וואָלט איך מיך אסור אַרויסגעדרייט פון דער מאַכט פון דעם שוואַרצן תהום.

אַ גוטער פּסיכאָלאָג, אינסטינקטיוו אַ פּסיכיטאַר, האָט אַן־סקי זײַן גאַנצע טאַקטיק אָנגעווענדט דערויף, איך זאָל נישט בלײַבן אַליין, און איך זאָל לאַנג נישט בלײַבן אויף איין פּלאַץ. פלעגן מיר זיך אַרומטראָגן איבער די וווּנדערשיי־נע ערטער אַרום בערן, אין דער שווייץ.

אין יענע שווערע טעג, ווען איך האָב שוין אָבער מיט מײַן גאַנצן עצם דערשפּירט, אַז דאָס שרעקלעכסטע איז אַריי־בער, אַז די קאַטאַסטראָפע אין מײַן פערזענלעכן לעבן ווערט

מיך נישט צובּרעכן, און אַז מיין צוגעבּונדנקייט צו די אויפגאַבן, וואָס איך האָבּ מיר געשטעלט, איז נאָך געוואָרן שטאַרקער, איידער ווען עס איז פריער, האָבּ איך בּאַקומען אַ בּריוו פון מיין פריינט דר. דוד פאַרבּשטיין פון ציריך, — אַ בּריוו אויף וועלכן איך האָבּ מיך קיינמאָל אין מיין לעבּן נישט געריכט.

דר. דוד פאַרבּשטיין, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט פאַר די ציריכער אַרבּעטער, וואָס האָבּן אים אויסגעוויילט אין קאַנטאָנס־ראַט (ער איז איצטער אַן „אָבּער־ריכטער", אויסדערוויילט אַלס אַ קאַנדידאַט פון דער ציריכער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, און אַ ציוניסט פאַר דאָס יידישע פאָלק (ער איז דעמאָלט געווען אַ מיטגליד פון דעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט) איז מיר תּמיד געווען סימפּאַטיש פאַר זיין אָפנקייט, ערלעכקייט און דעם אייגענעם קאָפּ אויף די אַקסלען; נאָר ווי אַ י י ד י ש ע ר פּאָליטישער טוער איז ער געווען אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פון מיינע יידיש־סאָציאַליסטישע שטרעבּונגען.

זיין טעאָריע איז דעמאָלט געווען, אַז אַ סאָציאַליסט דאַרף מען זיין נאָר פאַר די גוים, ווייל מען איז אַ סאָציאַליסט און די גוים נויטיקן זיך שוין אין סאָציאַליזם. דעם יידישן פאָלק קאָן אָבּער דער סאָציאַליזם אין גלות נישט בּרענגען קיין בּרעקל נוצן. דעריבּער האָבּן מיר, יידן, נאָר איין־איינציק פּראָגראַם: די נאַציאָנאַלע ווידערבּאַלעבּונג אין ארץ־ישראל. פון נאַציאָנאַלער גלות־אַרבּעט, פון „בּונדיזם" און פון דעם, וואָס מען רופט יעצט „יידישיזם", האָט ער נישט געוואָלט הערן אַ וואָרט.

אָבּער עפּנטלעך פלעגט ער זעלטן־ווען, אָדער כּמעט גאָרנישט, אַרויסטרעטן אַנטקעגן אונז. ער איז געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דער שווייצאַרישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער בּאַוועגונג און אין דעם ציוניזם און האָט זיך אין אונזערע „רוסישע" אָנגעלעגנהייטן נישט געמישט.

איך, צוריק, האָבּ געבּויט אַלע מיינע יידישע האָפענונגען אויף דער נאַציאָנאַלער ווידערגעבּורט פון דעם יידישן פאָלק

אין גלות און אויף אונזער אַנטיילנעמען אין דער רוסישער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

דר. פּאַרבשטיין האָט גוט געוווּסט, אַז איך בין אַ פאַר-ביטערטער קעגנער פון דעם ציוניזם, דער עיקר דערפאַר, וואָס ער, דער קאָזאַק, לייקנט די נאַציאָנאַלע אַרבעט אין גלות און וואָס ער קעמפט אַנטקעגן אונזער אַנטיילנעמען אין דער רו-סישער רעוואָלוציע. זיין בריוו האָט מיר דעריבער נאָך מער פאַרחדושט.

אין דעם בריף האָט מיר דר. פּאַרבשטיין געלאָזט וויסן, אַז דר. הערצל האָט אים געבעטן, ער זאָל ביי מיר אָנפרעגן, צי קאָן איך נישט קומען צו אים, דר. הערצלען, קיין באַזעל: ער דאַרף זיך מיט מיר זען אין זייער אַ נויטיקן און וויכ-טיקן ענין (וועגן דעם ענין גופא איז אַ וואָרט נישט געווען אין בריוו).

ערשט לייענענדיק דעם בריוו, האָב איך מיך דערמאָנט, אַז אין באַזעל דאַרף די טעג פאָרקומען דער יערלעכער ציו-ניסטישער קאָנגרעס. אָבער — אויף וואָסער פּייער קאָן מיך דאַרפן דר. הערצל? וואָס פאַר עסקים קאָן ער האָבן צו מיר?

אמת, איך בין נאָך דעם קישיניאָווער פּאָגראָם געוואָרן אַ טעריטאָריאַליסט. איך האָב מער דערשפּירט מיטן האַרצן, איידער איינגעזען מיטן שכל, די נויטיקייט פון אַן אייגן לאַנד פאַר אונזער פאָלק, נישט אויפגעבנדיק אַ ברעקל פון מיינע פריערדיקע אידעאַלן און פאָדערונגען. אָבער דר. פּאַרבשטיין האָט נאָך דערפון נישט געקאָנט וויסן, און דר. הערצל אודאי נישט. און אפילו ווען דר. הערצל וואָלט זיך שוין יאָ אינטע-רעסירט מיט מיינע אָנשויאונגען אויף די יידישע פּראָבלעמען, איז דאָך פון טעריטאָריאַליזם ביז ציוניזם נאָך אַ גאַנץ ווייטער מהלך, און אויף יעדן פאַל האָט דר. הערצל גאָרנישט נישט וואָס צו זוכן ביי מיר. און איך ביי אים — אודאי נישט.

איז ביי מיר געבליבן, איך זאָל געבן אַ נעגאַטיווע תשובה אויף דעם בריוו: פּשוט אַן עבירה אַרויסצוואַרפן צייט, בעת איך מוז יעדע אַרבעטספּעאיקע שעה (זיי זענען געווען

ביי מיר, ברוך השם, נישט פיל אין יענעם צושטאַנד מיינעם) אַוועקגעבן פאַר נויטיקערע זאַכן.

אָבער דער פאַקט, וואָס דער בריוו איז געשריבן פון דר. פאַרבשטיינען, האָט מיך געצוווּנגען, באַציען זיך ערנסטער צו דעם פאָרשלאַג, און נאָך אַ ישוב-הדעת מיט אַנ-סקין, האָב איך געענטפערט, אַז איך בין שטאַרק פאַרנומען און איך ווייס נישט, צי איך וועל קאָנען פאָרן. אָבער אויב דער ענין איז באמת זייער אַ וויכטיקער, זאָל ער מיר תיכף שרייבן, וועל איך אָנווענדן אַלע מיינע מעגלעכקייטן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום באַקום איך אַ דעפּעשע פון באַזעל: „זייער וויכטיק. אומבאַדינגט קומען".

אויף מאָרגן אינדערפרי זענען מיר, איך און אַנ-סקי, שוין געווען אין באַזעל, אין דעם זאַל פון דעם קאָנגרעס.

איך האָב געלאָזט אַרויסרופן דר. פאַרבשטיינען, און ער האָט מיך גלייך צוגעפירט און פאָרגעשטעלט פאַר דר. הערצלען. דר. הערצל האָט מיך געבעטן אַריינגיין מיט אים אין זיין „פּרעזידענטן-צימער" און האָט פאָרזיכטיק פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך.

הערצלס פיגור איז גוט באַקאַנט פון די באַשרייבונגען און די פאָטאָגראַפישע בילדער, איך זאָל זיך דאַרפן אָפּשטעלן אויף איר שילדערונג. איך וויל נאָר באַמערקן, אַז איך האָב אין אָנהויב אויך געשפּירט אַ ברעקל פון יענער „יראת הרוממות", וואָס אַ סך מענטשן האָבן דורכגעפילט, בעת זיי זענען צום ערשטן מאָל געשטאַנען פנים לפנים מיט יענעם געוויס-גרויסן מאַן.

אַ הויכער, שיינער, י י ד י ש-שיינער מאַן, און זיין יעדער קער איז געווען פול מיט גראַציע און ענערגיע. אַ שמק פון לאַסאַלן האָט ער געהאַט אין זיך. געשטערט האָבן נאָר זיינע ליפּן: בלוט-רויטע, אויפגעריסענע, אַביסל פאַרקאַשערטע; גשמיותדיקע, תאוהדיקע, הנאהדיקע. זיי האָבן שטאַרק קאָנטראַסטירט מיט דער שוואַרצער ראַם פון זיין באָרד און וואָנסן און מיט דעם רוחניותדיקן אויסדרוק פון זיין געזיכט.

די ערשטע פראַגע זיינע, מיט וועלכער ער האָט מיך באַגעגנט, איז געווען:

— איך האָב דאָך די ערע צו רעדן מיט דעם פירער פון דעם „בונד״?

— ניין, — ענטפער איך — איך געהער נישט צו דעם „בונד״.

א רגע זענען מיר ביידע נשתומם, אָבער דר. הערצל געפינט זיך באַלד.

— דאָס מאַכט נישט אויס! איר זענט דאָך דער פירער פון די יידישע רעוואָלוציאָנערן?

— ניין, אויך דאָס נישט. איך געהער נישט צו קיין שום יידישער פאַרטיי. איך באַלאַנג צו דער רוסישער פאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. אָבער איך בין א ייד, און די אינטערעסן פון אונזער פאָלק זענען מיר טייער.

ווידער זענען מיר ביידע נשתומם: ער — וואָס ער האָט זיך, משמעות, געווענדט נישט אויף דעם ריכטיקן אַדרעס. און איך: וואָס פאַר עסקים האָט ער פאַר די יידישע רע-וואָלוציאָנערן?

— אָבער איר קאָנט מיך צונויפפירן מיט דעם „בונד״? — פרעגט ער שוין מיט א נידעריקערן טאָן.

— גאַנץ געוויס, זאָג איך. איך מוז אָבער פריער וויסן, וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך.

— איז — הערט! („אַלזאָ, הערן זי!״)

דאָס, וואָס דר. הערצל האָט מיר מיטגעטיילט, און וואָס איך גיי יעצט פאַרעפנטלעכן, קלינגט אַזוי סענסאַציאָנעל, אַזוי „שונד-ראָמאַניש״, אַז אויב איך וואָלט יעצט געשריבן א „העכסט-אינטערעסאַנטן״ ראָמאַן, וואָלט איך גאַנץ געוויס געהאַט א רעכט צו פאַרענדיקן דאָס קאַפיטל מיט „אַלזאָ, הערן זי״ און אוועקשטעלן: „פאָרטזעצונג פאָלגט״. וואָס איך דערצייל דאָ, זענען אָבער פ אַ ק ט ן און איך בין אַליין פאַראינטערעסירט, צו פאַרעפנטלעכן זיי.

מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט, און דר. הערצל האָט מיר מיטגעטיילט טרוקן און געשעפטסמעסיק.

— איך קום יעצט פון פּאָן-פּלעווען. איך האָב דעם פּאָזיטיוון פאַרבינדלעכן צוזאָג פון אים, אַז ער וועט אין מאַקסימום פופצן יאָר אויסווירקן פאַר אונז אַ טשאַרטער אויף פּאַלעסטינע. דאָס איז אָבער פאַרבונדן מיט איין תּנאַי: די יידישע רעוואָלוציאָנערן זאָלן אָפּשטעלן זייער קאַמף אַנטקעגן דער רוסישער רעגירונג. באם אין פופצן יאָר פון דעם אָבמאַך, וועט פּאָן-פּלעווע נישט אויסווירקן דעם טשאַרטער, זענען זיי ווידער פריי צו טאָן, וואָס זיי געפינען פאַר נויטיק.

## 2.

דער לעזער, וועלכער געדענקט, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד איך בין געווען, בעת איך בין געפאָרן צו דר. הערצלען, וועט געוויס זיך קאָנען לייכט אויסמאָלן, ווי עס האָט אויף מיר געמוזט ווירקן זיין מיטטיילונג, אַז פּאָן-פּלעווע נעמט זיך אונטער צו באַקומען פאַר אונז אַ טשאַרטער אויף ארץ-ישראל, באם מיר וועלן אָפּשטעלן די יידישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אויף פופצן יאָר.

דער אויסדרוק: „עס איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן", וואָלט געווען די פּאַסנדסטע באַשרייבונג פאַר יענעם רושם, וועלכן זיין מיטטיילונג האָט אויף מיר געמאַכט. אין מיין פאַל וואָלט ער נישט באַטייט קיין איין ברעקל גוזמא.

אַ שטראָם פון שווערע געפילן האָט פּלוצלונג אַרומגענומען מיין האַרץ; דאָס געפיל פון אַ סכנה, וואָס שוועבט איבער אונזערע קעפּ, איז געווען דאָס הערשנדיקע געפיל אין יענעם שטראָם. איך קאָן יעצט נישט זאָגן אויף געוויס, אין וואָס איך האָב דערשפּירט די סכנה. עס קאָן זיין, אַז דאָס איז פּשוט געווען אַן אַנאָרמאַל אַנגסט-געפיל, — אַ פּראָדוקט פון מיינע צערודערטע נערוון אין יענער צייט. אָבער פון דעם אַנגסט-געפיל איז תּיכף אַרויסגעוואַקסן אַ געפיל פון קאַלטער שנאה צו דעם מאַן, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן מיר. איך האָב אים פּלוצלונג גענומען חושד זיין אין עפּעס אַזוינס, וואָס איך וויל גאָר יעצט נישט אַרויפּברענגען אויף די ליפּן.

אין נאָך אַנדערע, גלייך שווערע און קאַלטע געפילן האָבן מיך דעמאָלט טיף געפייניקט.

עס האָט מיך געקאָסט די גרעסטע אָנשטרענגונג פון מיין ווילן, איך זאָל גובר זיין דעם ים פון קאַלטן חושך, וואָס האָט מיך אַרומגענומען, און רואיק, מיט אַ קלאָרן קאָפּ אויסהערן זיינע רייד.

די הענט, צונייפגעשרענקט צווישן די קני, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויף דער ברוסט, האָט ער נאָך עפּעס גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פון דעם מאָמענט, וואָס מיר לעבן יעצט דורך, און וועגן אונזער חוב נישט דורכצולאָזן אַזאַ זעלטן-גינסטיקע געלעגנהייט.

— ווילט איר מיר העלפן אין דעם ? — האָט ער מיך צום סוף געפרעגט און האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף מיר.

אין דעם בליק פון זיינע שיינע, גרויסע אויגן איז געלעגן אַזוי פיל ערנסט, אַזוי פיל צער, אַז ער האָט אַרויסגערופן א גאַנצע איבערקערעניש אין מיין שטימונג. דער קאַלטער חושך איז פלוצלונג פאַרשווונדן פון מיר. אמת, איין רגע איז אין מוח דורכגעפלויגן דער נקמה-געדאַנק, איך זאָל אים צונויפפירן מיט דעם „בונד". חברה וואָלט שוין געוווסט, ווי אויסצוקאָכן דערפון אַ סם-המות פאַר דעם ציוניזם און פאַר דעם רוסישן מיניסטער. אָבער דר. הערצלס ערנסט-טרויעריקער בליק האָט תיכף פאַרטריבן דעם געדאַנק, איך זאָל אים צונויפפירן. און ער אַליין איז דערשינען פאַר מיר אין אַ גאַנץ אַנדער שיין : פאַר מיר איז געזעסן אַ — קינד ! אַ גרויס, ערלעך און גרענעצלאָז-נאַאיוו קינד, אין וועמעס הענט די געשיכטע האָט שיער נישט אַוועקגעלייגט דעם גאַנצן גורל פון אונזער פאָלק.

אַ געפיל פון רחמנות האָט זיך דערוועקט אין מיר, און איך האָב דערשפּירט, אַז איך קאָן אים נישט „איבערליפערן אין די הענט" פון דעם „בונד". איך האָב אים געענטפערט, אַז איך מוז מיך גאַנץ פּאָזיטיוו אָפּזאָגן פון דער מיסיע.

— און ווילט איר אָננעמען מיין עצה, הער דאָקטאָר ? — האָב איך צוגעגעבן : זוכט נישט קיין צונויפקונפט מיט

דעם „בונד". וואַרפט איבערהויפּט אַרויס פון זינען יעזן געדאַנק וועגן דעם ענין.

— פאַר וואָס ?

איך האָב אים געמוזט דערקלערן די גאַנצע אויסזיכטסלאָזיקייט פון זיין שריט.

קודם, איז די מאַיאָריטעט פון די יידישע רעוואָלוציאָנערן נישט געשטימט יידיש-נאַציאָנאַל. אָביעקטיוו איז געוויס אמת, אַז די גרויסע צאָל יידן אין דער רוסישער רעוואָלוציע דערקלערט זיך דורך דער יידישער לאַגע, אָבער סוביעקטיוו קעמפט נישט דער יידישער רעוואָלוציאָנער פאַר די אינטערעסן פון זיין פאָלק. דאָס רוב קוקט אויף זיך, ווי אויף רוסן, וואָס געבן אַוועק זייער לעבן פאַר דער באַפרייאונג פון רוסלאַנד. אפילו ווען זיי וואָלטן געגלויבט, אַז ארץ-ישראל איז אַן ענטפער אויף דער יידישער פראַגע און אַז פאַן-פּלעווע קאָן אויסווירקן אַ טשאַרטער, וואָלטן זיי אויך נישט געקאָנט פועלן ביי זיך, צו פאַרראַטן די אינטערעסן פון זייער קאַמף צוליב אַ זייטיקן, פרעמדן ענין.

אָט די מאַיאָריטעט פון די יידישע רעוואָלוציאָנערן געהער נישט צו דעם „בונד". ווען אַפילו דער „בונד" זאָל זיך צוריקציען פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וועט דאָס נישט האָבן די ווירקונג, אויף וועלכער פּלעווע האָפט עס וועלן בלייבן געגוג יידן אין דער רעוואָלוציע, וואָס וועלן אויפהאַלטן זיין אילוזיע, אַז זי „ווערט געמאַכט" פון יידן.

אָבער אויך דער „בונד", וואָס איז גאַנץ זיכער דורכגעדרונגען מיט יידישע נויטן און אינטערעסן, אויב נישט מיט אַ גאַנץ קלאָרן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, וועט בשום אופן נישט אָננעמען פּלעווס פאָרשלאָג ; מיר, יידישע רעוואָלוציאָנערן, אַפילו די נאַציאָנאַלסטע פון אונז, זענען נישט קיין ציוניסטן און גלויבן נישט, אַז דער ציוניזם זאָל קאָנען פאַרענטפערן אונזער פראַגע. אַריבערפירן דאָס יידישע פאָלק פון רוסלאַנד קיין ארץ-ישראל איז אין אונזערע אויגן אַן אוטאָפּיע, און צוליב אַן אוטאָפּיע וועלן מיר זיך נישט אָפּזאָגן פון יענעם וועג, אויף וועלכן מיר זענען אַרויפגעטרעטן, — דעם וועג

פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף אַנטקעגן דער רוסישער רעגי-רונג, וואָס דאַרף פירן אויך צו דער באַפרייאונג פון דעם יידישן פאָלק. זאָלן די איצטיקע פירער פון דעם „בונד" אָננעמען דעם פאָרשלאַג און זאָלן אפילו זיינע מאַסן צושטיין צו אים, וואָלט דאָס אפשר אויף אַ ווײַלע אַ ביסל מטושטש געמאַכט די מוחות, אָבער עס וואָלט נישט לאַנג געדויערט, און אַן אַנדערע יידיש-רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, מיט דיזעלביקע אויפגאַבן, ווי דער „בונד", וואָלט אַרויסגעשפּרונגען פון אונ-טער דער ערד.

אַ חוץ דעם איז פּאָן-פּלעווע, ווי די רוסישע רעגירונג בכלל, נישט דער צד, אויף וועמעס ווערטער און הבטחות מען קאָן וואָס עס איז בויען. איך ווייס, פאַרשטייט זיך, נישט, אויף וויפל פּאָן-פּלעווע איז געווען ערנסט, ווען ער האָט גע-מאַכט אַזאַ קאַטעגאָרישן צוזאָג און פון וואַנען ער שעפּט די זיכערקייט, אַז ער קאָן מקיים זיין זיין הבטחה. אָבער איין זאַך איז פאַר מיר ריין פון יעדן ספק: פּאָן-פּלעווע קאָן צוזאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס ער אַליין ווייס אויף זיכער, אַז ער וועט דאָס קיינמאָל גאָרנישט פּרווון מקיים זיין. וואָס ער וויל, איז אַריינברענגען אַ דעמאָראַליזאַציע אין די יידישע רעוואָלוציאָנערע קרייזן, מאַכן קאַמף-אומפּעאיק אַ געוויסן טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי.

דאָס ליגט צו קלאָר אויף דער האַנט, דער „בונד" זאָל עס נישט זען, און אויב ער וועט פונדעסטוועגן זיך אַריינלאָזן אין אונטעררעדונגען וועגן דעם ענין, קאָן מען לכתחילה זיין זיכער, אַז דאָס פירט ער איינעם אין חדר, אַז ער וויל פון דעם גאַנצן געשעפט אַרויסשלאָגן פּאָליטיש קאַפּיטאַל פאַר זיין קאַמף אַנטקעגן דעם ציוניזם און דער רעגירונג. איבערהויפּט אַנטקעגן דעם ציוניזם. די גאַנצע יידישע ליבעראַלע געזעל-שאַפט וואָלט זיך מיט אַ פאַרטאָפּלטער ענערגיע אַריינגעוואָרפן אין קאַמף אַנטקעגן יענער באַוועגונג. די לאַגע פון דעם ציוניזם איז שוין אַזוי אויך גענוג צווייפלהאַפט, ווען ער האַלט זיך פון דערווייטנס צו דער רעוואָלוציע. זיין לאַגע וואָלט געוואָרן אַן אוממעגלעכע אין דעם יידישן לעבן, ווען מען

וואָלט אים געקאָנט באַווייזן, אַז ער אונטערנעמט פּאָזיטיווע שריט, ווי אַזוי דירעקט צו שאָדן דעם יידישן רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

אָט די אַלע אַרגומענטן, וואָס איך גיב דאָ איבער בקיצור און אין אַ מער אָדער ווייניקער לאָגישער אָרדענונג, האָב איך דעמאָלט אַנטוויקלט אין אַ האַסטיקן, נערוועזן געשפּרעך, מיט פראַגן און ענטפערס, וואָס האָבן קלאָר געמאַכט דר. הערצלען מיין שטאַנדפּונקט.

צום סוף האָב איך אים געזאָגט:

— עס איז נישט מיין עסק אַריינצומישן זיך אין אייערע פּאָליטישע חשבונות. אָבער מיר דוכט, עס וואָלט געווען אַ סך גלייכער פאַר אייך, ווען איר זאָלט מיט דער רוסישער רעגי־רונג איבערהויפּט נישט האָבן קיין ברעקל מגע ומשא. ובפרט מיט דעם מיניסטער פאָן־פּלעווע. איך האָב גענוג וואָגיקע טעמים צו גלויבן, אַז אויב נישט די טעג פון דעם מיניסטערס לעבן, זיינע חדשים זענען געוויס געציילטע...

דר. הערצל האָט פאַרשטאַנען, אויף וואָס איך בין מרמז. ער האָט זיך פאַרטראַכט. איך ווייס נישט, וועלכער פון מיינע אַרגומענטן האָט געווירקט אויף אים מער פון אַלע, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך צו מיר אָפּגערופן:

— איר זענט גערעכט. לאָמיר דאָס לאָזן פאַלן.

— אָבער גאָרנישט טראַכטן וועגן דעם!...

— זייט זיכער, פון מיין זייט איז די זאַך אַבסאָלוט באַגראָבן. איך וואָלט וועלן, אויך איר זאָלט מיר צוזאָגן, אַז אונזער היינטיק געשפּרעך וועט בלייבן צווישן אונז.

איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז פון מיין צד וועט די זאַך נישט אַריינדרינגען אין דער עפנטלעכקייט.

מיר זענען אויפגעשטאַנען, און איך האָב מיך שוין גע־וואָלט פאַנאַנדערזעגענען מיט אים.

— איר פאָרט דאָך נאָך נישט אוועק? — האָט ער זיך געווענדט צו מיר. בלייבט שוין דעם טאָג אין באַזעל. איך וואָלט גרייליך געוואָלט זיך דורכרעדן מיט אייך וועגן נאָך אַ פּאָר ענינים. ליידער קאָן איך נישט אָפּרייסן פאַר אייך דעם

גאַנצן טאָג. אָבער אויב דאָס איז מעגלעך, וואָלט איך אייך געבעטן צו בלייבן דאָ ביי מיר אין צימער, און יעדע פרייע מינוט, וואָס איך וועל האָבן, וועל איך קומען צו אייך.

איך האָב אָנגענומען זיין איינלאַדונג, און תּיכּף דערויף האָט ער זיך אַנטשולדיקט, וואָס ער מוז מיך שוין פאַרלאָזן. איך בין געבליבן אַליין.

## 3

ווען דר. הערצל איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער, האָב איך לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווי אַ קאָשמאַר וואָלט אַראָפּגעפאַלן פון דער ברוסט. עס איז ביי מיר קיין ספק נישט געווען, אַז זיין אַוואַנטורע מיט דעם רוסישן מיניסטער פאָן-פּלעווע האָט געפּלאַצט און אַז ער וועט נישט זוכן צו באַנייען זי אין אַ וואָסער עס איז פאָרם. אָבער דער פאַקט אַליין פון דער אַוואַנ־טורע האָט געמוזט אַרויסרופן אין מיר אַ גאַנצן קנויל פראַגן, אין וועלכן איך האָב מיך געוואָלט פאַנאַנדערקלייבן, ווען איך בין געבליבן אַליין.

פון וועמען שטאַמט דער געניאַלער פּלאַן, אָפּצושטעלן די יידישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פאַר דעם פּרייז פון אַ טשאַרטער אויף ארץ ישראל? איז דאָס פּלעוועס אַ שמד-שטיק אָדער דר. הערצלס אַן ערנסט-געמיינטער פּאָליטישער שריט?

איך האָב געוווסט פון די צייטונגען, אַז דר. הערצל איז נאָך דעם קישיניאָווער פּאָגראָם געפאָרן צו פאָן-פּלעווען קיין פּעטערבורג. איך האָב אויך געוווסט, אַז דאָס האָט אין אַלע בעסערע יידישע קרייזן אַרויסגערופן אַ פאַרווונדערונג איבער דר. הערצלס טאַקטלאָזיקייט, צו פירן אונטערהאַנדלונ־גען מיט דעם גרעסטן שונא פון יידישן פאָלק. האָט אים אפשר פּלעווע אַרויסגערופן צו זיך, כּדי מיט דעם ציוניזם צו באַ־קעמפן די רעוואָלוציע?

ניין, דאָס לייגט זיך נישט אויפן שכל. פּלעווע, דער גרויסער בקי אין די רעוואָלוציאָנערע אָנגעלעגנהייטן, — מען האָט דאָך אים די גרעסטע שטעלע געגעבן דערפאַר, וואָס ער איז תּמיד געווען אַ גרויסער בקי אין פאַרפאָלגן רעוואָלו־

ציאָנערן, — פלעווע האָט געמוזט וויסן צו גוט, אַז די יידישע רעוואָלוציע און דער ציוניזם האָבן צווישן זיך קיין ברעקל מגע ומשא נישט, אַז זיי זענען ווי פייער און וואַסער און אַז גיכער וועט דאָס פייער פון דער רעוואָלוציע אויסטריקענען דאָס וואַסער פון דעם ציוניזם, איידער די ציוניסטישע וואַסערן זאָלן קאָנען אויסלעשן דעם רעוואָלוציאָנערן בראַנד. ער האָט קיין רעכט נישט געהאַט אַ טראַכט צו טאָן, אַז הערצל און דער ציוניזם קאָנען אים ווי עס איז העלפן אין דעם קאַמף אַנטקעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

איז, הייסט עס, הערצל פון זיך אויס געפאָרן צו פלעווען מיט דעמדאָזיקן פלאַן? אויף אים וואָלט איך דאָס געגלויבט.

אַן אויסלענדישער ייד, וואָס האָט קיין שום השגה נישט פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט ער געקאָנט מיינען, אַז די יידישע רעוואָלוציאָנערן זענען די איינציקע פירער און מאַכער פון דער רוסישער פרייהייטס-באַוועגונג. אַ וואַרעם יידיש האַרץ מיט אַ געזונטן נאַציאָנאַלן געפיל, וואָס שטעלט די אינטערעסן פון דעם יידישן פאָלק העכער פאַר אַלץ אין דער וועלט, האָט זיך אים געקאָנט דוכטן, אַז אויך די יידישע רעוואָלוציאָנערן קעמפן קודם כּל פאַר דער באַפרייאונג פון דעם אייגענעם פאָלק. זיי זענען נישט קיין ציוניסטן דערפאַר, ווייל זיי זענען צו פּראַקטישע מענטשן און קאָנען נישט גלויבן, אַז טערקיי וועט — מיר-נישט, דיר-נישט — אָוועקגעבן די יידן איינע פון אירע פּראָווינצן. זאָל מען אָבער קומען מיט אַ פּאַרטיקער זאַך, — אַ טשאַרטער. אָדער אַ זיכערן צוזאָג אויף אַ טשאַרטער, — וועלן זיי זיך געוויס אָנכאַפּן דערפאַר מיטביידע הענט.

אָבער וועלכע רעגירונג קאָן זיין פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז די יידן זאָלן די רוסישע רעוואָלוציע אויסבייטן אויף אַ טערקישן טשאַרטער? עס איז קלאָר, אַז דאָס דאַרף זיין די רוסישע רעגירונג. איז — זאָל די רוסישע רעגירונג גאַראַנטירן דעם טשאַרטער, וועט זי פּטור ווערן פון דער ייד-

שער רעוואָלוציע. עס איז אַ גלייכער שדוך, וואָס לוינט פאַר ביידע צדדים. בלייבט נאָר — צונויפפירן די מחותנים...

און אפשר איז הערצל געפאָרן קיין פּעטערבורג אָן אַ ברעקל געדאַנק וועגן דער יידישער רעוואָלוציע און וועגן דער שטעלונג פון די רעוואָלוציאָנערן צו דעם ציוניזם. מיר דוכט, אַז דאָס איז וואַרשיינלעכער. ער איז איבערהויפּט געווען צו „לאָיאַל" צו די הערשנדיקע מאַכטן, — ווי עס שיקט זיך פאַר אַ דיפּלאָמאַט, וואָס האָט צו טאָן מיט די „מלכיות", — ער זאָל זיך ווען עס איז אינטערעסירן מיט רעוואָלוציאָנערן, און אַריינציען זיי אין זיין חשבון. ערשט אין פּעטערבורג, בעת דער אונטעררעדונג מיט פּלעווען, האָט געמוזט געבוירן ווערן דער געדאַנק וועגן דעם גלייכן שדוך.

געפאָרן איז ער, פאַרשטייט זיך, נישט, כדי משתדל צו זיין זיך פאַר דאָס פאָלק ישראל און אויפצווועקן רחמנות צו אונדז אין פּלעוועס האַרץ. ער איז געפאָרן, ווי אַ פּאָליטיקער, וואָס קוקט נישט אויף סענטימענטן, נאָר אויף א י נ ט ע ר ע ס ן. „רוסלאַנד" האָט קלאָר אַרויסגעוויזן אין דעם קישיניאָווער פּאָגראָם, אַז עס וויל פּטור ווערן פון זיינע יידן. זאָל „רוס-לאַנד" העלפן דעם יידישן פאָלק באַקומען דעם טשאַרטער.

אָבער — ווער איז רוסלאַנד?

הערצלס „פּאָליטיק" איז געבויט אויף ריינער דיפּלאָ-מאַטיע, וואָס גלויבט ערנסט, אַז די פּאָליטישע געשיכטע פון דער מענטשהייט ווערט געמאַכט פון אַ פּאָר מענטשן, אַ פּאָר פירער, און אַז וואָס זיי מאַכן אָפּ צווישן זיך, ווערט דער אינהאַלט פון דער פּאָליטישער געשיכטע.

רוסלאַנד, — דאָס איז איצטער פאָן-פּלעווע. דאָס יידישע פאָלק, — דאָס איז איצטער דר. הערצל. —צוויי פאַרנינפטיקע מענטשן, וואָס דאַרפן קאָנען געפינען אַן אויסוועג, וועלכער זאָל באַפרידיקן ביידנס אינטערעסן. ערשט די אונטעררעדונג מיט פאָן פּלעווען האָט געמוזט אַרויסברענגען די נויטיקייט — אַריינצוציען אין דעם עסק נאָך אַ דריטן פאַקטאָר: די יידישע רעוואָלוציע.

איך שטעל מיר פאָר אַ טייל פון יענעם געשפּרעך, וואָס

האָט געקאָנט פאָרקומען צווישן דעם יידישן דיפּלאָמאַט און דעם רוסישן אויבער-פּאָליציי-שפּיצעל, וועמעס גאַנצער שכל איז אַריינגעטאָן אין איין-איינציקן רעיון: ווי אַזוי „אויסצוּוואָרצלען די קראַמאָלאַ".

— „אייער עקסעלענץ מוז וויסן זיין, אַז מיר ציוניסטן באַטראַכטן דעם אַנטיסעמיטיזם פאַר אַן אומפאַרמיידלעכע דערשיינונג, כּל זמן יידן וועלן זיין אין גלות. מיר האָבן דערייבער קיין ברעקל האָפענונג נישט, אַז אייער עקסעלענץ זאָל געבן יידן גלייכע רעכט, אָדער אַז די גלייכע רעכט זאָלן קאָנען אָפּשאַפן און פאַרענטפערן די יידישע פראַגע. דער איינציקער ענטפער דערויף איז — פּאַלעסטינע, און אויב איר וואָלט אונז געקאָנט העלפן דורכפירן אונזער פּלאַן, וואָלט די רוסישע רעגירונג פּטור געוואָרן פון די יידן, פון דער יידישער פראַגע און דעם אַנטיסעמיטיזם".

— „אַנטיסעמיטיזם? איר האָט אַ טעות, הער דאָקטאָר, אויב איר מיינט, אַז די רוסישע רעגירונג איז אַנטיסעמיטיש. אדרבה, מיר רעכענען, אַז אונטער געוויסע באַדינגונגען וואָלט דאָס יידישע פאָלק גאַנץ גוט געקאָנט בלייבן וווינען אין רוסלאַנד און זיין איר נוצלעך אין אַ סך וויכטיקע פּרטים. די צרה איז אָבער מיט די יידן, דערהויפּט מיט דער יידישער יוגנט. אונזער גוט און ערלעך פאָלק קאָן שוין מער נישט אַריבערטראָגן, ווי די יידישע יוגנט גראָבט אונטער מיט איר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אונזערע הייליקסטע היסטאָרישע טראַדיציעס, די יסודות פון אונזער מאָנאַרכישן רעזשים. די עלטערן האָבן אַזוי פאַנאַנדערגעלאָזן דעם יונגן דור, אַז פון זיין חוצפּה איז נישט אויסצוהאַלטן".

— „עס קאָן זיין, עקסעלענץ. אָבער זעט איר איין, אַז מיר באַוועגן זיך דאָ אין אַ פאַרכּישופטן קרייז? מען פאַרפאָלגט די יידן, ווייל זיי זענען רעוואָלוציאָנערן, און זיי זענען רעוואָלוציאָנערן, ווייל מען פאַרפאָלגט זיי. איז שוין נישט גלייכער ראַדיקאַל אָפּצושאַפן דעם פאַרכּישופטן קרייז דורך דעם, וואָס די יידן וועלן פרייוויליג פאַרלאָזן דאָס לאַנד".

— „פון מיין זייט זאָל דערצו קיין מניעה נישט זיין

און מיט וואָס איך וועל קאָנען, וועל איך העלפן. אָבער די ייִדן דאַרפן די ערשטע באַווייזן, אַז זיי ווילן דאָס: זאָלן זיי אָפּשטעלן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג".

— "איך בין זיכער, עקסעלענץ, אַז זיי וועלן דאָס טאָן. זאָל נאָר אייער עקסעלענץ געבן אונז די פעסטע פאַרזיכערונג, אַז איר וועט אונז העלפן אין אונזערע פאַרהאַנדלונגען מיט דער טערקיי, און איך גלויב, אַז עס וועט פאַרשווינדן יעדער גרונט צו אַ ייִדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

— "איר גלויבט אַזוי? איז דאָך אודאי רעכט, הער דאָקטאָר. אדרבה, רעדט זיך דורך מיט די ייִדישע רעוואָלוציאָנערן, איר קאָנט זיי אין מיין נאָמען אַבסאָלוט פאַרזיכערן, אַז..."

און דער פאָליציי־פוקס רייבט זיך פון פאַרגעניגן די הענט. וואָס דערפון זאָל נישט אַרויסקומען, אַ צעטומלונג פון די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע רייען קאָן אודאי זיין דער רע־זולטאַט דערפון. דאָס אַליין, איז שוין אַ געווינס.

און דער נאַאיווער דיפּלאָמאַט האָט פאַר זיך איצטער אַ נייע אויפגאַבע: געווינען די ייִדישע רעוואָלוציע מיט דער הילף פון פּלעוועס צוזאָג.

"ווער" איז די ייִדישע רעוואָלוציע? — דאָס וועט ער שוין אויסגעפינען אין באַזעל, ביי דר. פאַרבשטיינען.

איך בין דעמאָלט געווען דער איינציקער עמיגראַנט, וואָס האָט נישט געדאַרפט מורא האָבן, עפנטלעך אַרויסצוטרעטן, ווי אַ ייִדישער רעוואָלוציאָנער: האָט פאַרבשטיין געגעבן אים מיין נאָמען און אים צונויפגעפירט מיט מיר.

איך וויל דאָ איצט באַמערקן, אַז בנוגע צו מיין פּערזאָן איז די מעשה געווען נישט אַזוי. דר. פאַרבשטיין האָט מיר ערשט היינטיקן זומער (1913), בעת איך האָב אים באַזוכט אין צירין, אַבסאָלוט דערקלערט, אַז דר. הערצל האָט גלייך גע־פרעגט ביי אים, צי ער קאָן אים נישט צונויפפירן מיט דר. זשיטלאָווסקי, און צווייטנס, אַז ער, דר. פאַרבשטיין, האָט פון קיין פותר חלום נישט געוווסט, וועגן וואָס הערצל וויל מיט מיר רעדן. וואָלט ער געוווסט, וואָלט ער, פאַרשטייט זיך, נישט דערלאָזט אים צו אַזאַ שריט. דעם בריף און די דעפּעשע

האָט ער געשריבן אונטער הערצלס דיקטאַט. דעמאָלט אָבער בין איך געווען זיכער, אַז דער איינציקער מקור פון וואַנען דר. הערצל האָט זיך געקאָנט דערוויסן וועגן מיר און מיין ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער וועלט, איז געווען דר. פאַרבשטיין.

אַזוי האָב איך מיר דערקלערט דעם גאַנצן צוזאַמענהאַנג. איינס איז נאָך אָבער געבליבן קשה: וואָס האָט הערצלען אָנ-געשפאַרט צו זען זיך מיט מיר דוקא אין דער צייט פון דעם קאָנגרעס? האָט ער דאָס נישט געקאָנט אָפּלייגן אויף אַ פּאָר טעג שפּעטער, אין אַ פרייערער צייט פאַר אים? איז דאָ עפּעס אַ שייכות צווישן אונזער אונטעררעדונג און די אַרבעטן פון דעם קאָנגרעס?

## 4.

דר. הערצל איז אַריין אין צימער און האָט זיך אַנט-שולדיקט, וואָס ער האָט מיך אַזוי לאַנג געלאָזט וואַרטן. ער איז געווען בלייך און האָט אויסגעזען זייער ליידנדיק.

ער האָט גלייך פאַרפירט אַ שמועס וועגן דעם ציוניזם. וועגן זיין רייזע קיין ארץ-ישראל, נאָר איך האָב געזען, אַז ער איז זייער צעטראָגן און אַז זיינע געדאַנקן זענען ערגעץ-ווו אַנדערש, אָבער גאַנץ געוויס נישט ביי מיר און ביי דער טעמע, וועגן וועלכער ער האָט גערעדט.

מען האָט ווידער אָנגעקלאַפּט אין טיר, און אַזוי ווי עס איז שוין אַ בלויז לאַנג געבליבן צו דער מיטאָגס-פּוי-זע, — איך האָב צוגעזאָגט אַנ-סקין צו זיין מיטאָג-צייט מיט אים, — איז ביי אונז געבליבן, אַז נאָכמיטאָגס זאָל איך זיין אין קאָנגרעס-זאַל און וואַרטן דאָרטן, ביז ער וועט מיך אַרויסרופן.

צו מיטאָג האָב איך געשפּייזט מיט אַנ-סקין און מיט נאָך אַ געמיינזאַמען פריינט, אַ ציוניסטיש-געזינטער סטודענ-טין, וואָס איז אויך געקומען צום קאָנגרעס. אין דער צייט בין איך נעבנטער באַקאַנט געוואָרן מיט דעם אוגאַנדע-פּראָיעקט, מיט די אַלע פאַרעפנטלעכטע דאָקומענטן, וואָס האָבן געהאַט אַ

שייכות צו אים, ווי אויך מיט דער לאַגע פון די פאַרהאַנדלונ־
גען וועגן אים אויף דעם צוניפאָר.

דאָס רוב ציוניסטן האָבן דערשפירט אין דעם פּראָיעקט
אַ געפאַר פאַר זייער ענדציל און האָבן בשום אופן נישט גע־
וואָלט אָננעמען הערצלס פאָרשלאַג — ארויסשיקן אַן עקספּע
דיציע, וואָס זאָל אויספאָרשן דאָס לאַנד.

די גרעסטע און האַרטנעקיקסטע אָפּאָזיציע האָבן געמאַכט
די דעלעגאַטן פון רוסלאַנד. אומזיסט האָט הערצל מיט זיי
געטענהט, אַז אָננעמען אוגאַנדע הייסט נישט אָפּזאָגן זיך פון
ארץ ישראל, אומזיסט האָט ער אָנגעוויזן אינאייגעם מיט נאָר־
דוי אויף דער פאַרצווייפלטער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד
נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם; אומזיסט האָט ער אין דער
זיצונג פון דער רוסישער דעלעגאַציע פאַנאַנדערגעדעקט אַלע
זיינע דיפּלאָמאַטישע קאָרטן און האָט אין דעם גרעסטן יאוש
זיך מודה געווען, אַז אונטער די איצטיקע אומשטענדן זעט
ער נישט איין די מעגלעכקייט צו קריגן אַ טשאַרטער; אומ־
זיסט האָט ער אַפּעלירט צו דעם חוב־געפיל פון די רוסישע
יידן — באַשאַפן „אַ נאַכט־אַזיל”, ווו דאָס גערודפטע פאָלק
זאָל זיך קאָנען איבערוואַרטן די שלעכטע צייט, ביז עס וועלן
זיך באַווייזן גינסטיקערע מעגלעכקייטן פאַר דע דורכפירונג פון
דעם ציוניסטישן אידעאַל: דאָס רוב פון דער רוסישער דע־
לעגאַציע האָט גאָרנישט געוואָלט וויסן דערפון.

דאָ איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס דר. הערצלען איז
אַזוי נויטיק געווען צו זען זיך מיט מיר וואָס גיכער. די
וויכטיקייט פון דעם אוגאַנדע־פּראָיעקט איז פאַר אים געווען
אומגעקערט פּראָפּאָרציאָנעל צו די אויסזיכטן אויף פּאַלעסטינע.
וואָס ווייניקער האָפענונג עס איז געבליבן אויף אַ טשאַרטער,
אַלץ מער קראַפט האָט ער געמוזט אָנווענדן, מען זאָל ווייניק־
סטנס די אוגאַנדע־מעגלעכקייט נישט אַרויסלאָזן פון די הענט.
און צוריק: וואָס מער האָפענונג אויף ארץ ישראל, אַלץ ווײ־
ניקער האָט ער געקאָנט זיין פאַראינטערעסירט אין אוגאַנדע.

די איינציקע האָפענונג אויף אַ טשאַרטער איז אָבער אין
דעם מאָמענט געווען פאַרבונדן מיט פאָן־פּלעוועס באַשטימטן

צוזאָג, פאַרשאַפן דעם טשאַרטער, אויב די יידישע רעוואָלו־ציאָנערן וועלן אָפּשטעלן זייער קאַמף. וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך בין דער „פירער" פון דעם „בונד" אָדער פון דער יידישער רעוואָלוציע בכלל, און אַז אויך איך בין מסכים אויפן גלייכן שידוך, וועלכן ער שלאָגט פאָר, אָדער ווען איך וואָלט אים פאַרזיכערט, אַז דער שידוך קאָן ווי עס איז אויסגעפירט ווערן, וואָלט זיין לאַגע אין דעם קאַמף מיט דער רוסישער דעלעגאַציע געווען אַ גאַנץ אַנדערע.

ער וואָלט נישט געדאַרפט קומען צו איר, ווי אַ שולדי־קער, וואָס האָט באַנקראָטירט, און וואָס שלאָגט פאָר דעם בעל־חוב אַ „שוה-כסף", אַ שטיקל גרונט-באַזיץ אין אַפריקע. ער וואָלט געקומען אַ שטאָלצער, אַ האָפּערדיקער, מיט דעם ערנסטן און זיכערן גלויבן, אַז ער האָט ענדלעך ד ו ר כ ג ע ב ר אָ כ ן אַ װ ע ג צו דעם טשאַרטער, און וואָלט זיך אפשר גאָרנישט אַזוי געעקשנט וועגן אוגאַנדע.

ווען איך בין צוריק פון מיטאָג-עסן געקומען אין קאָנ־גרעס-זאַל, איז שוין דאָרטן פאָרגעקומען די נאָמענטלעכע אָפּ־שטימונג וועגן אוגאַנדע (אַזוי געדענקט זיך מיר איצטער). די שטימונג פון דעם קאָנגרעס איז געווען אַ געדריקטע. אין דער טויטער שטילקייט האָבן זיך נאָר געהערט די נעמען פון די אויסגערופענע דעלעגאַטן און זייערע ענטפערס: „יאָ!" „ניין!" דאָס האָט באַטייט: שיקן אָדער נישט שיקן אַן עקספּעדיציע אויסצופאָרשן אוגאַנדע. אין אַ ווײַלע אַרום איז באַקאַנט גע־וואָרן דער רעזולטאַט: די מאַיאָריטעט האָט באַשלאָסן שיקן. שוואַכע אַפּלאָדיסמענטן האָבן באַגריסט דעם באַשלוס. די מאַ־יאָריטעט איז משמעות אַליין נישט געווען גליקלעך מיט איר זיג.

דער עולם האָט גענומען אַרויסגיין אין די קולוארן. איך בין אויך אַרויס אַהין, און ערשט דאָ, אַרומוואַנדלענדיק איי־נער אַליין איבער די לאַנגע קאָרידאָרן, האָב איך געקאָנט באַמערקן, וואָס פאַר אַ חורבן דער באַשלוס פון דער מאַיאָ־ריטעט האָט אַריינגעבראַכט אין דער שטימונג פון די ציוניס־טישע דעלעגאַטן.

דער עולם איז געווען דערשלאָגן און איז נאָך נישט

געקומען צו זיך. מען האָט גערעדט מיט אַ פאַרשטיקטן קול, ווי אין דעם צימער פון אַ מת. שטומע רעדלעך זענען גע-שטאַנען ווו-נישט-ווו און אין אַ סך אויגן זענען געשטאַנען טרערן.

אָט גייט אַנטקעגן מיר פון יענעם קאָרידאָר עפּעס אַ ייד מיט אַ גראָלעכער באָרד. ער האָט דערזען מיך, דעם ערשטן מענטשן, וואָס גייט אַנטקעגן אים און זיין אונטערשטע ליפּ מיט דער באָרד האָט פּלוצלונג גענומען משונהדיק טרייס-לען זיך, און פון מויל האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן מיט אַ כליפּ:

— דערלעבט ? האַ ?

אָבער באַקעגנדיק מיין קאַלטן בליק, האָט ער אויף אַ רגע אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע פאַרוווּנדערטע, מיט טרערן אָנגעפילטע אויגן, און איז אַוועק ווייטער.

אָט גייען אַראָפּ פון די טרעפּ אַ פּאָר מיר באַקאַנטע בונדיסטן. זיי זענען געווען אויף דער גאַלעריע, וואָס פאַר דעם פּובליקום. וואָס איז ד אָ ס ? אויך אין זייערע אויגן שטייען טרערן.

איך גיי צו זיי צו.

— בונדיסטן ! אַ קלאָג צו אונזערע שונאים קעפּ ! אויף וועמעס חורבן וויינט א י ר ?

איינער האָט אָפּגעווישט די טרערן און דערביי שעמעוו-דיק געשמייכלט :

— געשטאָרבן אַ שיינער חלום...

— א ו נ ז צו לאַנגע יאָר, — ענטפער איך אים און גיי צוריק אַריין אין זאַל.

געשטאָרבן אַן אַ ל ט ע ר חלום ! און ביי מיר אין האַרצן האָט גענומען אויפבליען אַ נייער חלום, אַ יונגער, דער אוגאַנדע-חלום.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען מיך אַריינגערופן צו דר. הערצלען אין זיין צימער.

דאָס מאָל איז ער געווען אַ סך רואיקער, אויפגעלייגטער און צופרידענער, ער האָט תיכף ווידער אָנגעהויבן זיין געשפּרעך

וועגן ארץ ישראל. ער קאָן נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר, יידישע רעוואָלוציאָנערן, שטייען נאָך גלייכגילטיק און אפשר אפילו פיינטלעך צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. וואָלטן מיר נאָר אַ ברעקל השגה געהאַט, וואָס פאַר אַ שיין לאַנד דאָס איז, ארץ ישראל! איך קאָן דאָך מסתּמא די שווייץ. אין דעם פּונקט פון אָריגינעלער שיינקייט און פאַרבן-רייכטום קאָן די שווייץ זיך גאָרנישט אָנהויבן צו פאַרגלייכן מיט איר.

אין גליענדיקע, פאַרליבטע ווערטער האָט ער גענומען שילדערן איין בילדל נאָך דעם אַנדערן פון די, וואָס ער האָט געזען.

— און וואָס איז מכּח די עקאָנאָמישע אויסזיכטן פאַר אונזער פאָלק? — האָב איך אים אַוועקגעשטעלט די קאַלטע שאלה.

— עקאָנאָמיש? אומבאַגרענעצטע פּערספּעקטיוון! — האָט ער אַרויסגערעדט מיט ענטוזיאַזם. נעמט די האָטעל-אינ-דוסטריע! איר דאָ, אין שווייצאַריע, ווייסט דאָך, וואָס פאַר אַ וויכטיקער צווייג פון פאָלקס-ווירטשאַפט דאָס איז. די האָטעל-אינדוסטריע אַליין, מיט אַלץ וואָס זי נויטיקט זיך, קאָן שפּייזן אַ דריטל פון דער צוקונפטיקער באַפעלקערונג אין ארץ-ישראל. שטעלט אייך פאָר ווילאַס און האָטעלן אויף דעם גאַנצן ברעג ים, פון פאָרט-סאַאיד ביז ביירוט, — ווינטער-רעזאָרטס פאַר גאָר דער וועלט...

אַ לאַנגע צייט האָב איך אים רואיק אויסגעהערט. איך האָב געזען, אַז ער איז פול מיט ענטוזיאַסטישער פאַרליבטקייט צו ארץ ישראל, און אַז דער פּראָפּאַגאַנדיסט אין אים וויל אַ פּאָר טראָפּן פון זיין באַגייסטערונג אַריינטריפן אויך אין מיין אַפּיקורסישער ברוסט.

איך האָב אַלץ געוואַרט, טאָמער וועט ער אַליין אַרויפ-קומען אויף אַ מער ממשותדיקן ענין. לסוף האָב איך אים געזאָגט:

— שווערלעך צו גלויבן, אַז ארץ ישראל זאָל אפילו מיט די פּערספּעקטיוון, וואָס איר מאָלט, ווען עס איז פון אונז ערנסט פאַראינטערעסירן. אַ גאַנץ אַנדער זאַך איז אוגאַנדע.

אויב דאָ איז פאַראַן אַ וואָסער עס איז אויסזיכט, וואָלטן אפשר אַ סך פון אונז גרייזלעך...

אָבער דאָ האָט הערצל האַסטיק איבערגעשלאָגן מיינע רייד

— אוגאַנדע? אָבער אוגאַנדאַ איז גאָרנישט, הער דאָקטאָר! אַבסאָלוט גאָרנישט!

— ווי הייסט? און וואָס באַטייט די אָפּשטימונג, פאַר וועלכער איר האָט אַזוי פיל געקעמפּט?

— איך האָב געקעמפּט פאַר דער עקספּעדיציע און איך בין זיכער צופרידן מיט דעם, וואָס איך האָב אויסגעקעמפּט דעם באַשלוס. אָבער — הערט מיך אויס, הער דאָקטאָר! קיינער פון אונז, וואָס האָבן געקעמפּט פאַר אוגאַנדע, גלויבן נישט אַ מינוט אין דער אויספירבאַרקייט פון דעם פּראָיעקט. אונזער קאַמף פאַר אוגאַנדע איז נישט מער ווי אַ דיפּלאָמאַטישער שריט אין אונזער קאַמף פאַר ארץ ישראל. די לאַגע איז אַזאַ: צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק, שלאָגט אונז פאָר אַזאַ רעגירונג ווי ענגלאַנד אַן אייגן לאַנד אויף אויטאָנאָמישע יסודות. מאַכן אַזאַ פאָרשלאַג באַטייט נישט קיין קלענערע זאַך, ווי די אָפיציעלע אָנערקענונג פון דעם ציוניסטישן פּרינציפּ און דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און דערצו נאָך פון אַזאַ אויטאָריטאַטיווער זייט, ווי ענגלאַנד. מיר טאָרן דעריבער ענגלאַנד נישט אַרויסלאָזן פון האַנט. מיר וועלן שיקן אַן עקספּעדיציע. זי וועט, פאַרשטייט זיך, קומען צוריק מיט אַ נעגאַטיוון רעזולטאַט, וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל ווענדן צו ענגלאַנד, עס זאָל אונז אָנווייזן אַן אַנדער לאַנד. דאָס וועט ווידער פירן צו דעמזעלביקן נעגאַטיוון רעזולטאַט.

— און דערנאָך?

— און דערנאָך וועלן מיר אַרויס מיט קלאָרע רייד: „דו זעסט, נישטאָ פאַר אונז קיין פּאַסנדיקע לענדער, אַ חוץ פּאַלעסטינע. העלף אונז, אַז דו ביזט שוין דערין, אין אונזערע אונטערהאַנדלונגען מיט טערקיי“...

זיין פּנים איז ווידער באַדעקט געוואָרן מיט טונקעלע וואָלקנס.

— אין מיינע פאַרהאַנדלונגען מיט דער רוסישער דעלע־גאַציע האָב איך, פאַרשטייט זיך, דאָס אַרץ נישט געקאָנט אַרויסזאָגן, ווי קאָן מען דאָס ? אָבער פאַר וואָס האָבן זיי דאָס נישט פאַרשטאַנען ? און דאָ האָט מען מיך שיער נישט באַ־שולדיקט, אַז... ניין, ליבער הער דאָקטאָר, אוגאַנדע איז נישט אונזער צוקונפטס־לאַנד ! פּאַלעסטינא און נאָר פּאַלעסטינא !

## 5.

דר. הערצלס שטעלונג צו דעם אוגאַנדאַ־פּראָיעקט איז נאָך עד היום נישט גענוג אויפגעקלערט אין דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אויף דעם סמך פון זיינע אייגענע רייד, אַז ער באַטראַכט די פאַרהאַנדלונגען מיט ענגלאַנד מכוח אוגאַנדע נישט מער, ווי אַ דיפּלאָמאַטישן שריט, כּדי צו פאַר־אינטערעסירן די ענגלישע רעגירונג מיט דער יידישער פראַגע און דערנאָך אויסנוצן זי פאַר ריין־ציוניסטישע צוועקן, — אָט די קאַטעגאָרישע פאַרזיכערונגען זיינע, וועלכע ער האָט מיר אַליין געמאַכט, איז פאַר מיר אַלע מאָל געווען אַ באַוויז, אַז דר. הערצל האָט וועגן דעם ענין קיינמאָל אַנדערש נישט געטראַכט.

אָבער גראָד דעם פאַראַיאָריקן זומער, ווען איך בין גע־ווען „פון יענער זייט ים״, האָט מיך דער שיקזאַל צונויפגע־פירט מיט אַ מענטשן, וואָס איז אין זיין לעבן זייער נאָענט געשטאַנען צו דר. הערצלען און וואָס האָט מיר מיטגעטיילט דאַטן, וועלכע וואַרפן אַביסל אַן אַנדער באַלייכטונג אויף דער שטעלונג צו דעם אוגאַנדע־פאָרשלאַג סיי מצד דר. הערצל, סיי מצד דעם גאַנצן אַקציאָנס־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי.

ער האָט מיר געשילדערט אַ כאַראַקטערפולע קלייניע סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער זיצונג פון דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט אין יענעם מאָמענט, ווען דר. הערצל האָט צום ערשטן מאָל געמאַכט זיין מיטטיילונג וועגן אוגאַנדע.

דר. הערצל האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן זיינע אונ־טערדעדונגען מיט דער ענגלישער רעגירונג און האָט זיך

אַריינגעלאָזן אין די פּרטים פון ענגלאַנדס פאָרשלאַג. אַלע זענען געזעסן שטום און געשלונגען יעדעס וואָרט. פּלוצלונג רייסט אים איבער זיינע רייד איינער, זייער אַ באַקאַנטער רו-סישער מיטגליד פונם קאָמיטעט:

— אַנטשולדיקט, הער דאָקטאָר! די ענגלישע רעגירונג האָט זיך געווענדט צו אונז אָפיציעל אָדער נ י ש ט-אָפיציעל?

— אָפיציעל, — ענטפערט דר. הערצל קורץ און לייענט ווייטער זיין באַריכט. אין אַ ווײַלע אַרום שפּרינגט יענער ווי-דער אַרויס:

— אַנטשולדיקט, הער דאָקטאָר! — האָט זי זיך גע-ווענדעט צו אונז מינדלעך אָדער שריפטלעך?

— שריפטלעך, — לאָזט ווידער דר. הערצל אַ קאַלט וואָרט און טוט זיך זיינס.

נאָך אין אַ ווײַלע אַרום:

— אַנטשולדיקט, הער דאָקטאָר! קאָן מען אפשר זען דעם דאָקומענט?

— הער זאָ-און-זאָ, ווענדעט זיך דר. הערצל צו זיין סעקרעטאַר: זייט אַזוי גוט און גיט אַהער די מאַפּע מיט די דאָקומענטן.

דער סעקרעטאַר האָט דערלאַנגט די מאַפּע, דר. הערצל האָט אַרויסגענומען דעם דאָקומענט. האָט אים איבערגעגעבן צו דעם רוסישן קאָמיטעט-מיטגליד און האָט ווייטער פאָרטגע-זעצט זיין מיטטיילונג.

דער קאָמיטעט-מיטגליד האָט אַריינגעבליקט אין דעם דאָ-קומענט און האָט זיך ווידער געווענדעט צו דר. הערצלען:

— ציט אויף אַ ווייל, הער דאָקטאָר!

ער איז אַרויסגעגאַנגען אין דעם נעכסטן צימער, האָט דאָרטן גענומען זיין הוט, איז אַריין צוריק, האָט באַדעקט דעם קאָפּ מיט דעם הוט און האָט הויך אויפן קול געמאַכט „שהחינו וקימנו", טרערן פון פרייד האָבן געשטיקט זיין שטים.

דאָ ערשט האָט זיך אַרויסגעריסן דער ענטוזיאַזם פון דער פאַרזאַמלונג. אַ לענגערע ווײַלע איז דער גאַנצער עולם

געווען ווי שכור פון גליק, אַקוראַט ווי אוגאַנדע וואָלט געווען די דערגרייכונג פון דעם ציוניסטישן ענד-ציל.

ערשט שפּעטער האָט מען זיך אַ כאַפּ געטאָן: און וואָס וועט זיין מיט ארץ ישראל? אויב אָננעמען אוגאַנדע, איז דאָך אויס מיט פּאַלעסטינע! — און די גאַנצע שמחה איז פאַרפלויגן.

איך האָב קיין ברעקל אורזאַך נישט צו באַצווייפלען די-דאָזיקע דערציילונג. זי אילוסטרירט יענעם אַנטאַגאָניזם, וואָס האָט תמיד געהערשט אין די ציוניסטישע קרייזן, — בפרט פאַר דעם אוגאַנדע-קאָנגרעס, דער אַנטאַגאָניזם צווישן דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן און פּאָליטישן געדאַנק פון אַן אייגן יידיש לאַנד און דעם נאַציאָנאַל-פּאָעטישן חלום, — רופט דאָס: „האָפענונג”, — וועגן ארץ ישראל.

דער אַנטאַגאָניזם האָט געלעבט נישט נאָר פאַרטיילט אויף פאַרשיידענע אָנהענגער פון דעם ציוניסטישן אידעאַל. ער האָט געווירקט אין דער ברוסט פון אַ סך איינצלנע און דוקא זייער פּראָמינענטע ציוניסטן. און מיר דוכט, אַז מער פאַר אַלעמען האָט געפילט דעם „ויתרוצצו” אין דער אייגענער ברוסט דער פירער און פאָרם-געבער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, דר. הערצל אַליין. האָבן דער „אוגאַנדע”-קאָנגרעס, די אָפּשפּליטערונג פון דעם „אחד העם’איזם” אינגאַנצן דערוואָרגן דעם טעריטאָריאַליסטישן גרונט-געדאַנק פון דעם ציוניזם? אויף אייביק דערוואָרגן? — ווער ווייס!

אָבער — וועגן דעם אַנטאַגאָניזם וועל איך נאָך רעדן, ווען איך וועל קומען צו די „מוסר-השכל’ס” פון מיינע דערינערונגען. על כל פנים, אין דעם מאָמענט, ווען דר. הערצל האָט געפונען פאַר מעגלעך אויסצוגיסן פאַר מיר זיין הארץ און אויפצודעקן זיינע פּלענער בנוגע אוגאַנדע און ארץ ישראל, האָבן זיינע רייד נישט געקאָנט איבערלאָזן קיין ברעקל ספק אין מיר, אַז ער איז מיט יעדן אָטעם פון זיין נשמה אַ „ציוני”-ציוניסט, — ווי מען האָט דאָס שפּעטער גערופן, — וואָס וועט זיך אָפּזאָגן, נישט פיל געטראַכט, פון יעדן טערי-

טאָריאַליסטישן גן-עדן אויף דער וועלט, אויב דער גן-עדן וועט נישט ליגן אין ארץ ישראל: אַזוי הייס און שיין האָט ער גערעדט וועגן יענעם לאַנד, אַזוי שאַרף אָפּגעשניטן האָט ער יעדן געדאַנק פון אַ וועלכן עס איז אַנדער לאַנד.

פאַר מיר האָט דאָס באַטייט, אַז איך האָב פון אונזער געשפרעך נישט צו דערוואַרטן אַפילו נישט קיין שאָטן פון אַ וועלכן עס איז פּראַקטישן נוצן. איך האָב אים צוגעהערט מיט דעם גרעסטן אינטערעס, האָב פון צייט צו צייט געשטעלט קורצע פראַגן, נישט צו פּאָלעמיזירן אַנטקעגן אים, נאָר כּדי ער זאָל קלאָרער אַרויסברענגען זיין געדאַנק, אויס ריינער בייגיר — צו זען, ווי אַזוי פאַרשיידענע פּראָבלעמען מאָלן זיך אויס אין זיין קאָפּ.

איך האָב גלייך באַמערקט, אַז מיט אַלע זיינע דערציילונגען און באַטראַכטונגען טרייבט ער צו איין איינציקן ציל: צו באַווייזן אַזוי בולט, ווי נאָר אַ קינסטלער קאָן, פאַרוואָס די יידישע סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן זאָלן אין די אינטערעסן פון דעם סאָציאַליזם צושטיין צו דער ציוניסטישער באַוועגונג!

ליידער איז ער אין זיינע אַרגומענטן געווען מער קינסטלער, איידער דענקער און זיינע באַטראַכטונגען זענען אַ סך מער באַשטאַנען פון שיינע פּאַראַדאָקסן, פון טיפע פּסיכאָלאָגישע איינצל-באַמערקונגען, איידער פון ערנסט-דורכגעטראַכטע לאָגישע טעמים.

— גלויבט איר דען באמת, — האָט ער מיך געפרעגט: אַז אין אייראָפּע קאָן ווען עס איז מקוים ווערן דער סאָציאַליזם?

און נישט לאָזנדיק מיך ענטפערן אויף דער שאלה, האָט ער שוין אַליין געגעבן זיין תשובה אויף איר:

— זייט זיכער, אין אייראָפּע בשום אופן נישט. אייראָפּע וועט אפשר צושטיין צו דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל שוין גאָר-גאָר צולעצט, ווען די גאַנצע וועלט וועט זיין סאָציאַליסטיש. און ווייסט איר, פאַרוואָס? ווייל עס קאָן נישט זיין קיין סאָציאַליזם דאָרטן, ווו עס האָט נאָך אַזוי נישט לאַנג געהערשט דער פעאָדאַלער רעזשים. ביי די פעלקער און לעג-

דער, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם פּעאָדאַלן רעזשים, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די אַריסטאָקראַטישע פּסיכאָלאָגיע אין זייער לעבן און געלעבט מיט איר אַזוי לאַנג, איז די נשמה פאַרגיפטעט אויף הונדערטער און הונדערטער יאָרן, אויב נישט אויף אייביק. זיי פעלט דער פּסיכאָלאָגישער פונדאַמענט פון דעם סאָציאַליזם: דאָס געפיל פון גלייכקייט און ברידערלעכקייט. אין אייראָפּע איז די נשמה פון יעדן איינעם נאָך עד היום אָדער אַ האַרן-נשמה אָדער אַ שקלאַפן-נשמה און אַזוי מוז דאָס בלייבן.

— פאַראַן נאָר איין פאָלק אויף דער וועלט, — האָט ער ווייטער גערעדט: וואָס האָט אין זיין נשמה די יסודות פון גלייכקייט און ברידערלעכקייט און וואָס קאָן דערפאַר דורכפירן דעם סאָציאַליזם. דאָס איז דאָס יידישע פאָלק. און דורכפירן קאָן עס נאָר דעמאָלט, ווען עס וועט זיין ביי זיך אין דערהיים, אין ארץ ישראל, אין דער אַטמאָספער, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט די סאָציאַלע טראַדיציעס פון אונזערע נביאים.

— איך בין אַליין אויך אַ סאָציאַליסט, — האָט ער מיר פאַרזיכערט: אָדער אויב איר ווילט פּינקטלעכער פאָרמולירן, וועל איך זאָגן, אַז איך שטיי אויף אַ שטאַנדפּונקט, וואָס שיידט זיך זייער ווייניק אָפּ פון דעם סאָציאַליסטישן און, גלויבט מיר, נישט קיין קליינעם חלק אין מיין קאַמף פאַרנעמט מיין שטרעבן צו בעסערע און גערעכטערע פאָרמען פון דעם סאָציאַלן לעבן, וואָס האָבן קיין ברעקל אויסזיכט נישט, ווען עס איז מקוים צו ווערן אין אייראָפּע.

— דאָס הויבן שוין אָן איצטער צו פאַרשטיין אַ סך יידישע סאָציאַליסטן און זיי שטייען צו מיר צו. זעט: דר. פאַרבשטיין, דר. סירקין, דר. אָפּענהיימער, — זיי אַלע אַרבעטן מיט מיר און פאַרבינדן ייערע סאָציאַליסטישע האָפענונגען מיט דעם גלויבן אין דעם יידישן פאָלק אין ארץ ישראל.

אַז ביי די דריי אויבנדערמאָנטע יידישע סאָציאַליסטן איז זייער ציוניזם געווען ענג צונויפגעבונדן מיט זייער סאָציאַליסטישן אידעאַל, האָב איך גאַנץ גוט געוווּסט. אָבער אַז זיי אַלע דריי זאָלן האָבן אויפגעגעבן זייערע האָפענונגען אויף

דעם סאָציאַליזם אין איראָפּע, איז פאַר מיר געווען אַ נייעס, וועלכע איך האָב אויפגענומען נישט נאָר מיט דעם גרעסטן סקעפּטיציזם, נאָר — אָפן גערעדט — ווי אַ נאַאיווע קאָנסטרוקציע פון דר. הערצלען, וועלכע האָט מיר באַוויזן, ווי ווייניק ער איז באַקאַנט מיט זיינע אייגענע מיטאַרבעטער, ווי ווייניק ער האָט זיך אינטערעסירט מיט זייערע י י ד י ש-סאָציאַליסטישע אָנשויאונגען.

דר. פאַרבשטיין איז שוין צו יענער צייט געווען אַן אויסגעשפּראָכענער א י ר אָ פּ ע א י ש ע ר סאָציאַל-דעמאָקראַט, מיט אַ שטאַרקער מאַרקסיסטישער אָדער. איך ווייס נישט, צי ער איז געווען גאַנץ שוה בשוה מיט אַלע פּונקטן פון קאַרל מאַרקסעס וועלט-אָנשויאונג, אָבער אויף דעם עקאָנאָמישן אויסטייטש פון דער פּאָליטישער און סאָציאַלער געשיכטע פון דער מענטשהייט האָט ער שוין דעמאָלט געלייגט די גרעסטע טעאָרעטישע וואָג. עס איז פּשוט אויסגעשלאָסן, ער זאָל האָבן געזען וועלכע עס איז מניעות פאַר דעם סאָציאַליזם אין איראָפּע, אין די פּסיכאָלאָגישע שיריים פון דעם אַריסטאָקראַטישן פּעריאָד. ער האָט צו גוט געוווּסט, אַז די פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסן ווערן צום גרעסטן טייל דיקטירט פון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן, אין וועלכע זיי לעבן, און אַז דער איבערבייט אין דעם סאָציאַלן בנין פון אַ געזעלשאַפט שפּרינגט אַרויס קודם כל פון דעם איבערבייט אין די עקאָנאָמישע נויטווענדיקייטן, וואָס פאַסן שוין דערנאָך צו זיך צו די געדאַנקען און די געפילן פון די מאַסן.

דר. נ. סירקין איז, אויף וויפל מיר געדענקט זיך, גראָד אַלעמאָל געווען געכאַפּט אין אַנטי-מאַרקסיסטישער אפּיקורסות. ער האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזן פון אויג די אידעאַליסטישע פאַקטאָרן פון דער געשיכטע, דערהויפּט דעם עטישן פאַקטאָר, דאָס שטרעבן פון די מענטשן און דער מענטשלעכער געזעלשאַפט צו רעכט און גערעכטיקייט. ער איז געווען איינער פון די ערשטע, — און אפשר גאָר דער ערשטער, — וואָס האָט צונויפגעבונדן דעם ציוניזם מיט דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, און — אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז דוקא

די עטיק, — דער הייסער גלויבן אין דעם מענטשלעכן יושר, — געווען דער צעמענט, וואָס האָט צונויפגעהאַלטן ביי אים דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן אידעאַל מיט דעם יידיש-נאַציאָנאַלן. אויך פאַר אים האָט די אַריסטאָקראַטישע פסיכאָלאָגיע, ווי שטאַרק זי זאָל נאָך נישט לעבן אין די מאַסן, נישט געקאָנט זיין קיין שטער אין אייראָפּע פאַר דעם שטרעבן צו סאָציאַליסטישער גערעכטיקייט.

מיט דר. פראַנץ אָפּענהיימערן בין איך דעמאָלט שוין אויך געווען באַקאַנט פּערזענלעך. מיט אַ פּאָר יאָר, פאַר מיין הערצל-אונטערעדונג, האָב איך אַרויסגעגעבן זיין בוך וועגן מאַלטוסעס טעאָריע, — די גלענצנדסטע קריטיק פון יענעם בורזשואַזן דענקער, — אין דעם „אַקאַדעמישען פערלאַג פיר סאָציאַלע וויסענשאַפט" (דר. דזשאָן עדעלהיים עט קאָ), פון וועלכן איך בין, אגב, געווען דער איינציקער שותף און דער איינציקער רעדאַקטאָר. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט טיפער אַריינצוטראַכטן זיך אין דעם געדאַנקענגאַנג פון יענעם אָריגינעלן סאָציאַליסטישן, — עס וואָלט אפשר ריכטיקער געווען צו זאָגן: אַ נ אַ ר כ י ס ט י ש ן דענקער, אַ דאַנק דעם שטודיום פון זיינע ווערק און אַ דאַנק אַ פּערזענלעכן געשפּרעך, וואָס איך האָב מיט אים געהאַט. נישט קיין שאָטן פון אַ שפור האָב איך געקאָנט געפינען אין זיינע געדאַנקען, וואָס זאָל דערמאָנען אָן דר. הערצלס סאָציאַלן פעסימיזם בנוגע צו אייראָפּע.

זיי אַלע דריי, — ווי פאַרשיידן זייערע וועלט-אָנשויאונגען און זייער סאָציאַליזם זאָל נישט זיין, — זענען א יי ר אָ פּ ע א י ש ע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן אין דער פלאַנץ-ערד פון דעם אייראָפּעאישן סאָציאַליזם אַריינגעוואָרצלט זייער יידיש-נאַציאָנאַלן אידעאַל.

בלייבט נאָר איין-איינציקער יידישער סאָציאַליסט, מיט וועמעס אָנשויאונגען דר. הערצל האָט געמוזט זיין באַקאַנט. — איינער, וואָס איז נאָך אַ סך פריער פאַר הערצלס אַגיטאַציע, אַרויסגעטראָטן אָפן ווי אַ ציוניסט און אַ סאָציאַליסט.

און דוקא ווי אַ נביאימשער סאָציאַליסט, ווי אַ ישעיהו-סאָציאַ-ליסט : דר. נתן בירנבוים.

אָבער גראָד זיין נאָמען האָט דר. הערצל קיין איין מאָל נישט דערמאָנט אין דעם געשפּרעך.

## 6.

דאָס בילד פון דר. הערצל, ווי ער מאָלט זיך אויס אין מיינע דערינערונגען, איז, — איך מוז דאָס מודה זיין, — זייער נישט קיין שמייכלהאַפטער פאַר יענעם מאַן, וואָס איז בלי ספק געווען די שטאַרקסטע און אָריגינעלסטע פיגור אין דער ציו-ניסטישער באַוועגונג.

עס קאָן זיין, אַז דער אָדער יענער פון זיינע אָנהענ-גער וועט זיך פילן מער אָדער ווייניקער געקרענקט און אפשר באַליידיקט פון דעם נישט גאָר סימפּאַטישן טאָן, אין וועלכן איך רעד וועגן איינעם פון די באַדייטנדסטע העלדן אין דער מאָדערנער יידישער געשיכטע, און מען וועט אפשר אַרויפוואַרפן די שולד, סיי פאַר דעם טאָן, סיי פאַר דאָס בילד, אויף דעם מחבר פון די דערינערונגען, אויף זיין פּאַרטייאישקייט און אומ-גערעכטיקייט צו אַ פּאָליטישן קעגנער.

איך מוז אָבער דאָ דערמאָנען, אַז מיינע זכרונות האָבן נישט און קאָנען נישט האָבן די פּרעטענזיע אויסצומאָלן דר. הערצלען אין זיין גאַנצער גרויס, אָדער איבערהויפּט צו געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן זיין מענטשלעכן מהות און וועגן זיין באַדייטונג און ווערט, ווי אַן עפנטלעכער טוער.

וואָלט איך געשריבן דר. הערצלס ביאָגראַפיע, אָדער גע-פּרוווט מאַכן אַ כאַראַקטעריסטיק פון זיין שטרעבן און שאַפן, דעמאָלט וואָלט איך געמוזט אָנווענדן גאַנץ אַנדערע פאַרבן און ליניעס, כּדי אַרויסצוברענגען זיין געשטאַלט און אַוועק-שטעלן זי אין דער ריכטיקער באַלייכטונג.

מיינע דערינערונגען זענען אָבער, — דאָס בעט איך צו געדענקען, — נישט מער ווי אַ מאָמענט-פאָטאָגראַפיע, אַראָפּ-גענומען אפשר פון נישט גאָר קיין שאַרפן „אַפּאַראַט", אַ מאָ-מענט-פאָטאָגראַפיע, וואָס ווייזט אונז דר. הערצלען אין אַזאַ

באַלייכטונג, וועלכע איז געווען זייער נישט גינסטיק פאַר אים. אָבער די פּאָזע און די באַלייכטונג, — נישט איך האָב זי אויסגעקליבן: מיין „קאַמעראַ אָבסקוראַ" האָט געקאָנט אויפנעמען נאָר יענץ בילד, וואָס איז געשטאַנען פאַרן „אָביעקטיוו", און מיר דוכט, קיינער וועט נישט לייקענען, אַז מיין מאָמענט-בילד איז אַ וויכטיקער מאַטעריאַל פאַר דעם ביאָגראַפישן אויפבוי פון דר. הערצלס געשטאַלט.

ס'איז אמת, אַ מענטשנס אויג און פאַרשנדיקער בליק זענען נישט אינגאַנצן צו פאַרגלייכן מיט אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט: דאָ האָבן מיר צו טאָן נישט אַזוי מיט אַן „אָביעקטיוו", ווי גיכער מיט אַ „סוביעקטיוו", ס'איז געוויס מעגלעך, אַז איך האָב אויף דר. הערצלען געקוקט מיט אויגן פון חשד, אַנטיפּאַטיע און שוין גאָרנישט קיין גרויסן גראַד פון רעספּעקט, ווייל איך האָב דעמאָלט צו דעם גאַנצן ציוניזם נישט געהאַט קיין אַנדערע געפילן, ווי חשד, אַנטיפּאַטיע און קליינעם רעספּעקט.

מען קאָן דעריבער זיך פרעגן: וואָס שפּיגלען מיינע דערינערונגען מער אָפּ: דר. הערצלען, ווי ער איז אין יענעם טאָג געווען, אָדער דר. הערצלען, ווי ער האָט אויסגעזען אין די פיינטלעכע אויגן פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער? אָבער דערויף וועל איך ענטפערן צוריק מיט אַ פראַגע: און וואָס וועט איר טאָן מיט די פאַקטן? זיינע רייד האָבן מיינע אויערן געהערט. נישט אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, האָב איך איבערגעגעבן ווערטלעך, אָבער איך בין אַלעמאָל געבליבן געטריי צו זייער זין, און אייניקע גאָר וויכטיקע שטעלן, ווי די מיטטיילונג וועגן פלעוועס פאָרשלאַג, זענען איבערגעגעבן וואָרט פאַר וואָרט. דר. הערצלס אייגענע רייד האָבן געשאַפן יענע פּאָזע און יענע באַלייכטונג, וואָס זענען אַרויס אויף מיין בילד.

וואָס וועט איר טאָן אויך מיט דעם פאַקט, וואָס איך גיי אייך איצטער דערציילן? ווידער דר. הערצלס אַן אויסערונג, וואָס איך גיב ווידער איבער וואָרט פאַר וואָרט, ווייל איך געדענק גאַנץ גוט דעם רושם, וואָס די ווערטער האָבן אויף מיר

געמאַכט, ווייל איך געדענק גאַנץ גוט, ווי די הענט האָבן זיך ביי מיר אַראָפּגעלאָזן, ווען איך האָב אויסגעהערט יענע רייד.

שמועסנדיק וועגן דעם סאָציאַליזם, וועגן די אורזאַכן, פאַר וואָס ער קאָן נישט מקוים ווערן אין אייראָפּע, וועגן די יידישע סאָציאַליסטן, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו אים, דר. הערצלען, האָט ער מיר געזאָגט:

— און זיי פאַרשטייען נאָך אַ זאַך.

ער האָט זיך אַ ביסל פאַרטראַכט, ווי זוכנדיק די פּאַסנדסטע ווערטער, כּדי פּינקטלעך איבערצוגעבן זיין געדאַנק, און דערנאָך לאַנגזאַם אַרויסגערעדט:

— דאָס פאָלק גלויבט, אַז איך בין משיח. איך ווייס דאָס נישט, איך בין נישט קיין טעאָלאָג. אָבער איינס איז זיכער: אין דער ערשטער צייט וועל איך שפּילן די ערשטע פידל. דערנאָך וועט מען מיך מסתמא אַראָפּוואַרפן. אָבער גראָד אין אָנהויב, אין די וויכטיקסטע מאָמענטן וועט די מאַכט ליגן אין מיינע הענט. און זיי ווייסן דאָס, און זיי זענען זיכער, אַז ביי מיר וועלן זיי געפינען די שטאַרקסטע און איבערגעגעבנסטע הילף.

איך בעט אייך: וואָס דאַרף פילן איינער, ווען ער זעט פאַר זיך אַ מאָדערנעם מענטש, אַ געבילדעטן און קלוגן, און הערט פון אים אַזעלכע גרענעצלאָז-נאַאיווע דבורים? וואָס דאַרף פילן איינער, ווען ער זעט פאַר זיך אַ פולקאָמענעם אייראָפּעער, אַ פירער פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, ווי ער זיצט און קוקט מיט גרויסע, שיינע, פאַרטראַכטע אויגן אין דער ווייט און באַשעפטיקט זיך באַשיינפערלעך מיט דער פראַגע: „בין איך משיח אָדער נישט?" און קאָן נישט געפינען קיין ענטפער אויף איר, און לאָזט זי איבער פאַר די „טעאָלאָגן"? וואָלט איך געווען זיינער אַן אינטימער גוטער פריינט, מיט אַ סך וואַרעמע ליבע אין האַרצן צו אים, וואָלט איך געדאַרפט גלעטנדיק די האָר פון זיין קאָפּ, צערטלעך-טרויעריק אַרויסזאָגן: „אָי, דו קינד!"...

איך בין אָבער געווען אַ ווילד-פרעמדער מענטש, מיט ווילד-פרעמדן האַרצן, און איך האָב געשפּירט, ווי מיינע

הענט לאָזן זיך ביי מיר אראָפּ, ווי דער לעצטער פונק פון אַן ערנסטער באַציאונג צו אים און צו דער באַוועגונג, וועלכע ער פירט אָן, ווערט אײנגאַנצן פאַרלאָשן אין מיר.

איצטער, ווען איך בין פון דער ליטעראַטור באַקאַנט געוואָרן מיט דר. הערצלס לעבן, ליידן און שאַפן, קוק איך אויף דעם „משיח״-עפּיזאָד אַנדערש, אַ סך טיפער און, מיר דוכט, גערעכטער.

דר. הערצל האָט גאַנץ געוויס געהערט צו די מענטשן פון דעם העראָאישן ווילן, צו דעמזעלביקן טיפּ, וואָס האָט זיך אַזוי גלענצנדיק פאַרווירקלעכט אין די געשטאַלטן פון אַן אַלעק־סאַנדער מוקדון, פון אַ נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, פון אַ פערדי־נאַנד לאַסאַל. ער איז געוויס נישט געווען אַזוי גרויס, ווי יענע גיגאַנטן, ער האָט אָבער באַלאַנגט צו דעמזעלביקן מין.

ביי אַ סך פון יענע מענטשן באַמערקן מיר אָבער, אַז די קאָלאָסאַלע מאָסן פון דער אויפגאַבע, וועלכע זיי שטעלן זיך אַליין אַוועק, די איבערמענטשלעכע ענערגיע, וואָס ברויזט אין זייערע אָדערן, טוט זיי אַ הייב אין אַ פּסיכישער אַטמאָס־פער, וואָס איז נישט גלייך צו דער געוויינלעכער, ריין־מענטש־לעכער, ס׳איז אַקוראַט ווי ביי זיי וואָלט, צו דעם גאַנג גע־וויינלעכע נערוון, וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט, געווען נאָך אַן אַנדער גאַנג נערוון, פון אַ באַזונדערן געבוי, וואָס באַשאַפט אין זיי שפּירונגען און שטימונגען, וועלכע לאָזן זיך נישט אַריינשטעלן אַפילו אין דער געהויבנסטער מענטשלעכער דערפאַרונג.

זיי האָבן אַ טונקעלע שפּירונג, אַקוראַט ווי די אומענד־לעכקייט פון זייער ציל און די אומענדלעכע אָנשטרענגונג פון זייער קראַפט, וואָלט, דורך דעם גאַנג נייע נערוון זייערע, גע־ווען אַריינגעוויבערירט אין זייער נשמה דירעקט פון דעם מיס־טישן אָפּגרונט פון דער וועלט, פון דעם פּאַר אַלע מענטשן פאַרבאָרגענעם אין־סוף, און אַז זייער גאַנץ לעבן שטייט אונטער זיין ספּעציעלער השגחה און שליטה.

אַלעקסאַנדער מוקדון, דער תּלמיד פון אַריסטאָטעלעס, — דעם גרעסטן נאַטוראַליסט פון יענער צייט, וואָס האָט געמאַכט אַ תּל פון דער גריכישער געטער־וועלט, — האָט געגלויבט,

אַז ער איז דער זון פון דעם הויפּט-גאָט, זעאוס, און האָט פאַרלאַנגט, מען זאָל אים פאַרערן, ווי גאָטס אַ זון.

נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, דער רעאַליסטער קאָפּ און דאָס ניכטערסטע האַרץ פון זיין דור, האָט ערנסט געגלויבט אין זיין „שטערן", און אויך פערדינאַנד לאַסאַל, וואָס האָט געזאָגט אויף זיך, אַז ער שרייבט יעדע שורה, וואָס ער שרייבט, באַוואָפנט מיט דער גאַנצער וויסנשאַפט פון זיין יאָרהונדערט, האָט זיך נישט געקאָנט פאַרהיטן פון דעמזעלביקן גלויבן אין אַן אייגענעם שטערן אויפן הימל.

אויסערגעוויינלעכע, ביז צו איבערנאַטירלעכקייט זעלטענע איבערלעבונגען רופן אין אַלע אַזעלכע מענטשן אַרויס מיסטישע שפּירונגען, מיט וועלכע קיין קלאָרער שכל קאָן נישט פאַרטיק ווערן. אין די עלטערע צייטן פלעגן דערפון אַרויסוואַקסן נביאים, משיחים, און גאָטס-זין. איצטער — שטאַמען דערפון האַלבע און גאַנצע מיסטיקער און, — ווען שוואַכערע נאַטורן, — פּשוטע משוגעים.

עס איז פאַר מיר קיין ספק נישט, אַז דר. הערצל האָט געהאַט מיסטישע איבערלעבונגען, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט דערקלערן אויף אַ געוויינלעכן אופן. זיין יידישקייט און דער געדאַנק פון אַן אייגענער יידישער מדינה זענען געקומען אויף אים, דעם ערץ-אַסימילאַטאָר, אַזוי פּלוצלונג און אומגעריכט, מיט אַזאַ איבערשטורמערישער געוואַלט, אַז ער איז, — ווי מיר ווייסן דאָס איצטער, — נישט געווען זיכער מיט זיין קלאָרן פאַרשטאַנד און איז געגאַנגען זיך לאָזן אונטערזוכן פון אַ פּסיכיאַטאָר.

דאָס שנעלע אויפפלאַקערן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע ער האָט פאַנאַנדערגעבלאָזן; דער ענטוזיאַזם און די התלהבות פון זיינע אָנהענגער; אייניקע דיפּלאָמאַטישע דערפאָלגן, וואָס האָבן אים, דעם פּשוטן פעליעטאָניסט, אַוועקגעשטעלט פּנים לפּנים מיט שרים און מלכים; ענגלאַנדס פאַרשלאַג; די אוידיענץ מיט ווילהעלם דעם צווייטן אין ארץ-ישראל; די קלאַנגען, אַז דאָס פאָלק גלויבט, ער איז משיח, — דאָס אַלץ האָט געמוזט נאָך מער אויפרודערן זיין געמיט,

און די באַזונדערע „איבער-נערוון" האָבן געמוזט אָנהויבן פּראָדוצירן נאָך מער מיסטישע שטימונגען אין זיין נשמה.

נאָר צו ערלעך צו זיך אַליין און אפשר צו נאָרמאַל געבויט, זיין קלאָרער פאַרשטאַנד זאָל אין גאַנצן אַרומגענומען ווערן מיט אַ מיסטישן נעפּל, האָט ער אַ מאָך געטאָן מיטן האַנט אויף דאָס טונקעלע גערודער אין זיין נשמה און האָט איבערגעלאָזן די שאלה... די טעאָלאָגן. אין דעם לעצטן יאָר פון זיין לעבן האָבן מיר אפשר פאַר זיך די טראַגעדיע פון לעצטן יידישן משיח...

דעמאָלט אָבער, ווען איך בין געזעסן אַנטקעגן אים, האָט מיר אין זינען אַפילו נישט געקאָנט אַרויפקומען, צו באַטראַכטן דר. הערצלען פון אַזאַ שטאַנדפּונקט. אַ געפיל פון פאַנאַנדער־געשרויפטקייט און מידקייט איז אָנגעפאַלן אויף מיר. איך האָב קוים געהערט, וואָס ער רעדט, איך האָב מיך דעריבער באמת דערפרייט, ווען עס האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן אין צימער, און איך האָב מיך געקאָנט פאַנאַנדערזעגענען מיט אים.

---

אין אַ ווייַלע אַרום, בין איך שוין מיט אַנ-סקין געזעסן אין וואַגאָן און האָב אים איבערגעגעבן די וויכטיקסטע שטעלן פון אונזער געשפּרעך. אויך אַנ־סקי האָט מסכּים געווען, אַז איך האָב נישט געטאָרט „אויס-ליפערן" דר. הערצל אין די הענט פון דעם „בונד".

אַ לאַנגע צייט זענען מירביידע געזעסן פאַרטראַכט און געקוקט דורכן פענסטער אין דעם נאַכטלעכן פּייזאַזש.

— אַן אַוואַנטוריסט ? — האָט זיך פּלוצלונג אַנ־סקי גע־ווענדעט צו מיר.

— ניין, אַ קינד, — האָב איך פאָרמולירט דעם סך-הכּל פון מיין איינדרוק. אַ נאַאיוו קינד אין פּאָליטיק, אין נאַציאָ־נאַל-עקאָנאָמיע, אין זיין בליק אויף זיך אַליין.

31-טן יאַנואַר ביזן 20-טן פעברואַר, 1915

# הערצל־קולט.

---

איידער איך וועל פאַרלאָזן דאָס טעמאַ: „דר. הערצל״, וויל איך נאָך אַרויסברענגען אייניקע „מוסר השכלס״, וואָס ליגן אין די דערינערונגען וועגן אים, וועלכע איך האָב מיטגעטיילט.

קודם, פאַרשטייט זיך, אינטערעסירט אונז די פּערזאָן אַליין פון יענעס העלד פון דער יינגסטער יידישער געשיכטע. וועגן דעם האָב איך שוין גערעדט אין מיינע דערינערונגען גופא. איך האָב דערמאָנט דעם לייענער, אַז זיי, — די דערינערונגען מיינע, — קאָנען בשום אופן נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ מאַטעריאַל פון אַן אויסשעפּנדיקער כאַראַקטעריסטיק.

עס איז דר. הערצלען געווען באַשערט, אַז אַן אומפּריינדלעך אויג זאָל אים דערזען אין אַזאַ פּאָזע און אין אַזאַ באַלייכטונג, אין וועלכער עס איז פאַרשוווּנדן יעדער שטריך פון אמתער גרויס. געוויס קאָן אַזאַ בילד נישט איבערגעבן דאָס גאַנצע געשטאַלט פון דעם מאַן. וואָלט דר. הערצל פאַרמאָגט נאָר דאָס, וואָס ער האָט געהאַט צו געבן מיר אין יענעם טאָג, וואָלט ער נישט געווען קיין דר. הערצל. נאָר צונויפגעשטעלט מיט אַלע אַנדערע בילדער פון דעמזעלביקן מאַן סיי די, וואָס מאָלן זיך אויס אין פּערזענלעכע דערינערונגען פון אַנדערע מענטשן, וועלכע האָבן אים געקאָנט זען אין אַלערליי מאָמענטן פון זיין לעבן, און סיי די, וואָס דאַרפן אויסגעאַרבעט ווערן אויף דעם סמך פון זיינע שריפטן, זיינע טאַטן און זיין קאָרעספּאָנדענץ, — נאָר אין צונויפשטעלונג מיט די אַלע בילדער, זאָג איך, קאָן אויך מיין בילד העלפן אַרויסברענגען די ריכטיקע אָפּשאַצונג פון זיין מהות.

וואָלט איך שפּעטער נישט באַקאַנט געוואָרן מיט דר.

הערצלען אויס אַנדערע קוועלן, — דאָס רוב ליטעראַרישע, — וואָלט מיר אסור ווען אַרייַנגעפאַלן אין זין צוצורעכענען אים צו די יידישע גדולים פון אונזער דור. דאָס, וואָס ער איז געווען דער פירער פון די ציוניסטן, וואָלט אַזוי ווייניק גע־רעדט וועגן זיין מענטשלעכער גרויס, ווי ווייניק מען קאָן אָפּ־שאַצן דעם מענטשלעכן ווערט פון אַ חסידישן רבין, לויט די התלהבותדיקע שבחים פון זיינע חסידים. צווישן אַזעלכע חסידים געפינט איר אָפט אַ סך ערלעכע און קלוגע מענטשן, וואָס שטייען אין אַלע פּרטים העכער מיט אַ קאָפּ פאַר זייער איי־גענעם רבין, אָבער וואָס זענען אויך אַזוי פאַרבלענדט פון דעם מאַגישן צויבער, ווי די גאַנצע איבעריקע מאַסע.

ערשט די ליטעראַרישע קוועלן האָבן אַנטפּלעקט פאַר מיר אומצווייפלהאַפטע סימנים פון דר. הערצלס גרויס און אויף דעם סמך פון יענע סמנים בין איך געקומען צו דעם באַשלוס, אַז ער געהער צו יענעם מין העלדן פון דער מענטשהייט, וועמעס גרויס עס באַשטייט אין דעם העראָאישן ווילן אין דעם־ווילן צו באַשאַפן עפּעס גרויסעס, פאַר וואָס עס זאָל זיך לוי־נען אַריינצושטעלן דאָס לעבן אין קאָן. דאָס איז דער שענ־סטער און גלענצנדסטער טיפּ צווישן די העלדן פון דער מענטשהייט.

מער קאָן איך דערוויל וועגן הערצלס פערזאָן גאָרנישט זאָגן. איך וואָלט איבערהויפּט נישט אויפגעמישט נאָך אַ מאָל די סוגיא, ווען נישט אַ נאָטיץ אין דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דעם היגן ציוניזם, „דאָס יידישע פאָלק", וואָס שטעלט זיך אָפּ אויף מיינע דערינערונגען און אויף דער באַדייטונג פון דר. הערצל.

די נאָטיץ איז צו כאַראַקטעריסטיש פאַר געוויסע קרייזן פון דעם אַלגעמיינעם ציוניזם, מען זאָל זי קאָנען דורכלאָזן אָן אַ קריטישן קאָמענטאַר.

דער רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע פאָלק" אין זיינע נאָ־טיצן „אויפן שפּיץ פעדער", פונם 12-טן פעברואַר, איז שטאַרק אויפגעבראָגזט אויף מיר פאַר מיין ווייניק-רעספּעקטפולן טאָן, אין וועלכן איך רעדט וועגן זיין ליבלינגס-העלד.

„פּאָמילויטע, דאָקטאָר“, — ווענדט ער זיך צו מיר „אויף רוס“, — „אַ ביסעלע עניוות שאַדט דאָך קיינעם נישט. איר שרייבט דאָ סוף-כּל-סוף וועגן איינעם, וואָס דאָס פאָלק באַקרוינט שוין איצט מיט לעגענדעס-קרוינען, וואָס די דערינערונגען פון זיין נאָמען אַליין ברענגען אַן אַנטציקונגס-טרער אין די אויגן פון טויזנטער איבערגעבענע קינדער פון אונזער פאָלק. הײנט ווארום דער פאַניבראַטישער טאָן און די מגושמדיקע שילדערונג וועגן ליבן, וואָס זייערע ווערטער זענען הײנט די ביבל פון דעם אויפגעלעבטן יידנטום“?

מיין ענטפער איז: וועגן וועלכן אויפגעלעבטן יידנטום רעדט איר דאָ? אויב וועגן דעם רעליגיעזן, איז דר. הערצל פאַר איר עד היום אַן אפּיקורס, וועמעס ווערטער עס קאָנען נישט ווערן קיין „ביבל“, און די אָרטאָדאָקסישע וועלט האָט דערצו נאָך ערגעץ נישט ערנסטלעך אויפגעלעבט. פאַר דעם רעפאָרמירטן יידנטום ווידער, אויף וועמען עס פּאַסט אויך נישט די באַצייכענונג „אויפגעלעבט“, איז דר. הערצל עד היום אַ טרוימער און אַ פאַנטאַסט, אָבער בשום אופן נישט קיין נביא, צו וועמעס רייד מען דאַרף זיך צוהערן מיט „יראת הרוממות“. בלייבט דאָס באמת-אויפגעלעבטע יידנטום פון אַן אחד-העם, אַ דר. נתן בירנבוים, אַ סטאָלפּנער. איך ווייס נישט, וואָס הער סטאָלפּנער דענקט וועגן דר. הערצלען. איך ראַט אָבער דעם הערן רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע פאָלק“, ער זאָל זיך ווענדן צו דר. בירנבוים און אחד-העמען נאָך אַן אָפּשאַצונג פון זיין אָפּגאָט, און ער וועט געפינען, אַז מיין שטעלונג צו דר. הערצלען, ווי צו איינעם פון אונזערע גדולים, איז נאָך אפשר לפנים משורת הדין.

נאָר אפשר מיינט ער מיט דעם „...ויפגעלעבטן יידנטום“ די נ אַ צ י אָ נ אַ ל-אויפגעלעבטע יידישע אינטעליגענץ און די יידישע מאַסן? איז — טאַקע פאַראַן נישט מער ווי אַ פּאָר טויזנט, ביי וועמען „די דערינערונגען פון זיין נאָמען אַליין ברענגען“ א. אַ. וו. די איבעריקע גרויסע, נ י ש ט-ציוניסטישע נאַצ אָנאַל-אויפגעלעבטע מאַסע ווייס פון דר. הערצלען נאָר דעם נאָמען, און דער נאָמען רופט נישט אַרויס ביי זיי קיין

ברעקל התלהבות, ווי אויך די אידעע, וועלכער ער האָט גע־דינט, לאָזט זיי אינגאַנצן קאַלט. מיט וואָס פאַר אַ רעכט אי־דענטיפיצירט „דאָס יידישע פאָלק" יענע ציוניסטישע פּאָר טויזנטער מיט דעם גאַנצן „אויפגעלעבטן יידנטום" ?

איך פרעג ווייטער: קאָנט איר מיר אפשר ציטירן אַ פּאָר ווערטער פון דר. הערצלס ליפּן, וואָס זענען היינט גע־וואָרן אַ ביבל פאַר יענע טויזנטער ? איך מיין, פאַרשטייט זיך, דר. הערצלס ווערטער און נישט די ווערטער זיינע, וואָס ער האָט געהאַט בשותּפות מיט אַלע ציוניסטן און נאַציאָנאַ־ליסטן פון זיין דור. דער טשאַרטער ? די נויטיקייט נישט נאָר פון אַ יידישן לאַנד, נאָך אויך פון אַ יידישער מלוכה ? די לאָ־יאַליטעט צו די הערשנדיקע מלכיות ? — ווי וויכטיק דידאָזיקע פּרינציפּן זאָלן אפשר נישט זיין, וועט קיינער נישט, אפילו אַ ציוניסט, נישט צורעכענען זיי צו די הייליקע געבאָטן, וואָס דאַרפן איינעם זיין אַקוראַט אַזוי טייער, ווי די ביבל.

מיר געדענקט זיך נאָר איין־איינציקער אַפאָריזם דר. הערצלס, וואָס קאָן אפשר באַטראַכט ווערן ווי זיינער אַ היי־ליקער געבאָט און זיינע אַ צואה. און אויך אין אים איז ריין־הערצל־אַניש נאָר די שיינע פּרעציזע פאָרם: דער אינהאַלט איז זייער אַ צווייפלהאַפטער און דערצו דריקט ער אויס אַ שטרעבן, פון וועלכן נישט הערצל איז געווען דער איניציאַ־טאָר. איך מיין דאָ דעם באַרימט־געוואָרענעם אַפאָריזם, אַז „דער ציוניזם איז דער צוריקקער צום יידנטום, פאַרן צוריק־קערן אין דאָס יידישע לאַנד". דער זין פון דעם אַפאָריזם איז אַ צווייפלהאַפטער דערפאַר, ווייל מיר האָבן גאַנץ זיכער געהאַט אַ ציוניזם, וואָס האָט נישט געוואָלט האָבן „קיין ברעקל מגע ומשא מיט דער טעאָלאָגיע" (דר. מאַקס נאָרדוי), און אפשר זענען עד היום פאַרבליבן קלאָרע קעפּ אין אים, וואָס זענען נאָך נישט שיכּור געוואָרן פונם „יודאאיזם".

על־כּל־פּנים, איז דער גייסטיקער באַגאַזש, מיט וועלכן דר. הערצל איז געקומען צו דעם יידישן פאָלק, אַ צו אָרעמער, מען זאָל קאָנען אין אונזער ביבל אַריינשטעלן נאָך אַ בוך: „דברי הערצל".

**און ווייטער!**

קאָן אונז אפשר „דאָס יידישע פאָלק" דערציילן, לאָז זיין אַ נ י י ע פון יענע לעגענדעס, מיט וועלכער „דאָס פאָלק" האָט „שוין איצט באַקרוינט" הערצלס קאָפּ? (אַ חוץ, נאַטיר-לעך, יענעם נאַאיוון גלויבן, אַז ער איז געווען משיח, — אַ גלויבן, וואָס איז, ווי מיר דוכט, אינגאַנצן פארשוונדן מיט זיין טויט). איך ווייס נאָר איין לעגענדע אַזאַ, מיט וועלכער „דאָס יידישע פאָלק" (איך מיין דאָס ב ל אַ ט) וויל „שוין איצט באַקרוינען" דר. הערצלען און דאָס איז די ל ע ג ע נ ד ע, אַז הערצל איז געוואָרן אַ לעגענדאַרישער העלד ביי אונזער פאָלק...

און ווען אפילו די אַלע גוזמאות, מיט וועלכע „דאָס יידישע פאָלק" „באַקרוינט" דר. הערצלען, וואָלטן געווען אַ האָר נישט אויסגעטראַכט, וואָלט אויך דעמאָלט געווען אַ פשוטע קינדעריי, — אויב נישט נאָך עפּעס ערגערס, — צו פאַרלאַנ-גען פון וועמען עס איז, ער זאָל צוגיין מיט עניוות צו דער אָפּשאַצונג פון הערצלס באַדייטונג און גרויס. עס איז בכלל אַ קינדערשער, ישיבה-בחורשער געדאַנק, אַז נאָר אַ גדול האָט דאָס רעכט צו קריטיקירן אַ גדול און אַז אַנדערע מענטשן דאַרפן שטיין פאַר אים מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ, אָדער קוקן אויף אים פון אונטן ארויף, שטייענדיק אויף די קני.

און נאָך אַ קליינע באַמערקונג צום סוף:

אויב עס זענען פאַראַן ביי אונז מענטשן, וואָס גלויבן באמונה שלמה, אַז דר. הערצל פאַרדינט אַ באַזונדערס בכבודן פּלאַץ אין דעם פּאַנטעאָן פון דער יידישער געשיכטע, — איך וויל אננעמען, אַז דער רעדאַקטאָר פון „דאס יידישע פאָלק" געהער צו זיי, — דאַרפן זיי געדענקען, אַז נישט מיט חוצפּה און מאַרקשרייערישער רעקלאַמע קאָן מען דערצווינגען רעספּעקט צו דעם העלד פון זייער קולט.

דערצו איז נאָר דאָ איין מיטל: באַקאַנט מאַכן דעם עולם מיט די געדאַנקען און די מעשים פון דעם העלד, פאַר וועמעס כבוד זיי שטעלן זיך איין. די אויסגאַבע פון הערצלס ביאָגראַפיע און פון זיין ווערק „אַלט-ניילאַנד" איז נישט גענוג.

נישט מיט דעם „אַלט-נײַלאַנד" האָט הערצל צוגעצויגן צו זיך די נשמות פון דעם יונגן ציוניסטישן דור, און נישט מיט דער אוטאָפּיע האָט ער זיך אומשטערבלעך געמאַכט. אויך די ביאָגראַפיע דר. הערצלס קאָן נאָך נישט גערעכטפערטיקן אַ הערצל-קולט.

אויב די מענער פון יענעם קולט ווילן, אַז די פאַרערונג, וואָס זיי פאָדערן פאַר זייער העלד, זאָל נישט זיין קיין בלינדע, דאַרפן זיי קודם כל זען, אַז דער יידישער עולם זאָל קאָנען באַקאַנט ווערן מיט אַלע דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דר. הערצלס לעבן און שאַפן: אין דער ערשטער ליניע דאַרפן זיי אַרויסגעבן אין יידיש זיינע רעדעס און שריפטן, — דערנאָך אויך די וויכטיקסטע דערינערונגען, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן וועגן אים.

ערשט דעמאָלט, ווען מיר וועלן דאָס אַלץ האָבן אין אונזער שפּראַך, וועלן מיר קאָנען ריכטיק אָפּשאַצן זיין ווערט און זיין באַדייטונג און אויסטיילן אים יענעם כבוד, וואָס אים קומט.

4-טן פעברואַר, 1914

# סבוני כדבורים!...

## אַן ענטפער צו מײנע קריטיקער.

---

סבוני כדבורים, זײ האָבן מיך געטאָן אַרומרינגלען, װי די בינען... איך מײן דאָ, נאַטירלעך, מײנע קריטיקער.

דער לײענער פאַרשטײט געװיס אַלײן, אַז נישט אַלע יענע הערן, װאָס האָבן מיך באַערט מיט זײער קריטיק אויף מײנע דערינערונגען, פאַרדינען דעם נאָמען „בינען" אײניקע פון זײ האָבן, לויט זײער טבע, געביסן אויף אַ גאַנץ אַנדער אַרט...

אָבער צװישן די, װאָס זענען שאַרף אַרויסגעטרעטן אַנטקעגן מיר פאַר מײנע „הערצל-דערינערונגען", געפינען זיך הער דר. ש. לעװין, און הער באָרוכאָװ, און הער א. ליבאַרסקי, װאָס בײ דעם לײענען פון זײערע ביטערע באַמערקונגען האָב איך געמוזט אַ פּאָר מאָל אָפּזיפצן: „נאמנים פצעי אוהב!"...

נישט אויף אַלע אײנצלהײטן פון זײער קריטיק װעל איך מיך אָפּשטעלן. דער עיקר, װאָס איך װיל זײ זאָגן, איז אָט װאָס:

— מײנע ליבע פרײנט און פאַרערטע קעגנער! זאָרגט נישט װעגן מײן רעפּוטאַציע און לײגט אײך נישט קײן פײגעלעך אין בוזעם: מײנע דערינערונגען זענען אַ היסטאָרישער דאָקומענט. יעדער ציוניסטישער היסטאָריקער, װאָס װעט פאַרדינען ערנסט דעם נאָמען היסטאָריקער, װעט, בײ דער באַאורטײלונג פון דר. הערצלס פּערזאָן און טעטיקײט, זיך מוזן רעכענען מיט די פאָלגנדיקע פאַקטן, װעלכע איך האָב מיטגעטײלט:

ערשטנס, אַז דר. הערצל האָט אין דעם נאָמען פון זײַן פּלעװע געװאָלט פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דעם „בונד",

כדי אָפּצושטעלן אויף אַ משך פון מאַקסימום פופצן יאָר די יידישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, אין וועלכער צייט פאָן פּלעווע נעמט זיך אונטער צו קריגן פאַר די יידן אַ טשאַר-טער אויף פּאַלעסטינע.

צ ו ו י י ט נ ס, אַז דר. הערצל האָט די אונטערהאַנדלונג וועגן אוגאַנדע געפירט נאָר מיט דעם איינציקן אויסקוק, אַרייננצוציען די ענגלישע רעגירונג אין דער ציוניסטישער פּאָליטיק.

ד ר י ט נ ס, אַז דר. הערצל האָט זיך באַטראַכט, ווי אַ מענטש, וואָס שטייט נאָענט צום סאָציאַליזם און האָט צוגע-זאָגט צו שטיצן די סאָציאַליסטישע פּלענער אין פּאַלעסטינע, ווען ער וועט האָבן די אויבערמאַכט אין די הענט.

פ ע ר ט נ ס, אַז דר. הערצל איז נישט געווען זיכער, צי ער איז דער יידישער משיח, ווייל ער האָט זיך נישט באַ-טראַכט פאַר אַ מומחה אין טעאָלאָגישע פראַגן.

(איך נעם, פאַרשטייט זיך, אָן, אַז אַלץ, וואָס דר. הערצל האָט מיטגעטיילט, איז געווען אמת).

אויף וואָס זעענדיק וועט דער צוקונפטיקער היסטאָריקער זיין זיכער אין דידאָזיקע פאַקטן! ביי דער אונטערהאַנדלונג צווישן דר. זשיטלאָווסקי און דר. הערצל איז דאָך קיינער אין צימער נישט געווען?

ער וועט זיך שטיצן, מיינע פאַרערטע הערן, אויף די כללים פון דער געשיכטס-פאָרשונג, און ספּעציעל אויף יענע, וואָס ווערן געלערנט אין דער „קוועלן-קונדע".

עס איז נישט קיין נייעס פאַר דעם היסטאָריקער און דעם ביאָגראַף זיך צו באַגעגענען מיט דאָקומענטן, מיט דערי-נערונגען וועגן פאַרשיידענע פערזאָנען, ווו א ל ץ הענגט אָפּ פון יענעם גראַד צוטרוי, וועלכע די מיטליידנדיקע פערזאָן פאַר-דינט. ער מוז דעמאָלט זאַמלען מאַטעריאַל, כדי צו קומען צו אַ גאַנץ קלאָרן באַשייד, אויף וויפל ער קאָן זיך פאַרלאָזן אויף יענער פערזאָנס מיטטיילונג.

ער וועט דאָס מוזן טאָן אויך בנוגע צו מיר, און — דערמיט איז די פראַגע פערענטפערט.

אויף העו ־ובאַרסקיס בריוו אין „טאָג" וועל איך מיך אָפּשטעלן; אַ ביסל . . . ־ער.

איך גלויב באמונה שלמה, אַז הער לובאַרסקי איז מיך נישט חושד אין קיין שום שלעכטס. ער זעט נאָר, אַז איך האָב באַגאַנגען אַן עולה, ווילט זיך אים נישט גלויבן, אַז איך זאָל דאָס האָבן געטאָן אָן שום היתר פון אַ וועלכן עס איז מאָראַלישן דין. פרעגט ער די שאלה: „ילמדנו רבינו, ווי אַזוי האָט איר דאָ געהאַנדלט? אדרבה, זאָגט, תורה היא וללמוד אני צריך!"

די עולה, וואָס איך האָב באַגאַנגען, באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב צוגעזאָגט דר. הערצלען, אַז אונזערע רייד זאָלן בלייבן אַ סוד צווישן אונז, און לסוף נעם איך און דערצייל די גאַנצע מעשה נאָך אין יענעם טאָג מיין פריינד אַנ־סקי און אין אַ משך פון אַ צייט אַרום געפין איך פאַר מעגלעך צו פאַרעפנטלעכן דעם „סוד" אין דער פרעסע.

די שאלה ווערט פאַרענטפערט דורך דעם פשוטן דין, וועלכע אַלע מענטשן ווייסן פון לאַנג. דער דין איז: ד ע ר, וואָס גיט אַ וואָרט, איז געבונדן צו האַלטן זיין וואָרט אין די גרענעצן פון זיינע רייד און לויט דעם זין פון דעם אָפּמאַך. די צוויי באַדינגונגען מוזן אָבגעהיט ווערן. אָבער נאָך וויכטיקער, איידער די אויסערע גרענעצן פון דעם וואָרט, איז דער אינווייניקסטער זין פון דעם אָפּמאַך.

אַ קליין ביישפיל וועט אינגאַנצן קלאָר מאַכן דעם ענין. אין דזשעק לאָנדאָנס ראָמאַן דער „ים-וואָלף" גיט קאַפּיטאַן לאַרסען איינעם אַ תקיעת כף, אַז ער וועט זיך מיט אַ פינגער נישט צורירן צו די צוויי מאַטראָסן, וואָס האָבן מורד געווען אין אים. ער האָט זיך טאַקע מיט אַ פינגער נישט אָנגערירט, האָט אָבער דערלאָזן, זיי זאָלן דערטרונקען ווערן אין ים. ער האָט זיך געהאַלטן בלויז אין די גרענעצן פון זיין וואָרט, האָט אָבער געהאַנדלט להיפך צו דעם זין פון זיין אָפּמאַך.

לאָמיר איצטער זען, וואָס איך האָב דר. הערצלען צוגעזאָגט און אין וועלכן זין האָבן מיר ביידע דעם צוזאָג פאַרשטאַנען.

הערר לובאַרסקי מאַכט אַ פאַקטישן טעות, ווען ער מיינט, אַז דר. הערצל האָט פאַרלאַנגט פון מיר נאָך א י י ד ע ר ער האָט מיר דערציילט זיין „סוד", אַז איך זאָל צוזאָגן ווייטער קיינעם נישט צו דערציילן. לאָז הער ליובאַרסקי נאָך אַמאָל איבערלייענען דאָס ערשטע קאַפּיטל פון מיינע דערינערונגען, וועט ער געפינען, אַז דר. הערצל האָט מיר דערציילט דעם סוד ב פ י ר ו ש, כ ד י א י ך ז אָ ל ד אָ ס ד ע ר צ י י ל ן ו י י ט ע ר: ער האָט געוואָלט, איך זאָל אים צונויפפירן מיט דעם „בונד". ערשט, אַז א י ך האָב אים באַוויזן, אַז דאָס וועט א י ם נישט לוינען, האָט ער פאַרלאַנגט, אַז דאָס זאָל בלייבן צווישן אונז, און איך האָב אים דערויף צוגעזאָגט, אַז „דאָס וועט נישט אַריינדרינגען אין דער עפנטלעכקייט".

הערצל האָט נישט געקאָנט פאָדערן פון מיר און קיין פּאָליטיקער וואָלט נישט געקאָנט פאַרלאַנגען פון מיר, איך זאָל דאָס „קיינעם נישט ד ע ר צ י י ל ן." דער פאַקט, אַז פּלעווע וויל פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די יידישע רעוואָלוציאָנערן, איז אַ צו באַדייטנדיקער פאַקט, אַז די רעוואָלוציאָנערן זאָלן אים נישט אויסנוצן, אויב זיי געפינען דאָס פאַר נויטיק. און אויך פּלעווע האָט געוווסט, אַז די רעוואָלוציאָנערן וועלן זיין אין דעם באַזיץ פון דעם פאַקט, און ער האָט אפשר געהאָפט, אַז זיין פאָרשלאָג וועט אַריינדרינגען אין וואָס טיפערע קרייזן פון דער יידישער רעוואָלוציאָנערער וועלט, כדי זי דורכדעם צו פאַרטומלען.

הערצל האָט דעריבער פון מיין ענטפער געמוזט פאַרשטיין, אַז פ ר י וו א ט און ק אָ נ פ י ד ע נ צ י ע ל וועלן מיר, רעוואָלוציאָנערן, אויסנוצן זיין מיטטיילונג, ווי דאָס וועט אונז אַמבעסטן פאַסן. ער האָט אָבער געוואָלט האָבן די זיכערקייט, אַז די ע פ נ ט ל ע כ ק י י ט זאָל דערפון גאָרנישט וויסן מחמת טעמים, וואָס איך וועל באַלד דערקלערן.

דיזעלביקע זאַך איז מיט זיין מיטטיילונג וועגן זיין שטעלונג צו אוגאַנדע און צו דעם סאָציאַליזם. עס איז, אדרבא, געלעגן אין זיינע אינטערעסן, אַז די יידישע סאָציאַליסטן זאָלן פ ר י וו א ט און ק אָ נ פ י ד ע נ צ י ע ל וויסן, ווי אַזוי-

ער שטעלט זיך צו די ביידע ענינים. דורך מיר האָט ער גע-רעדט צו די יידישע סאָציאַליסטן, זיי זאָלן איינזען, אַז דער סאָציאַליזם קאָן מקוים ווערן נאָר אין ארץ ישראל און אַז אויף זיין הילף קאָנען מיר רעכענען.

וואָס איך האָב דערנאָך נישט געוואָלט איבערנעמען אויף זיך, צו זיין דער אַפּאָסטאָל אָט פון דעם נייעם בליק אויף דעם סאָציאַליזם, — דאָס איז שוין מיין זאַך.

דערפון איז קלאָר, אַז איך האָב, לויט די גרענעצן און דעם זין פון מיין געגעבענעם וואָרט, געהאַט אַ רעכט צו דערציילן הערצלס „סודות" נישט נאָר אַנ-סקין, נאָר אויך אַלע אַנדערע חברים מיינע, וואָס האָבן זיך געקאָנט אינטערעסירן דערמיט, בתנאי, עס זאָל אָפּגעהיט ווערן דער אָפּמאַך און דערפון זאָל גאָרנישט אריינדרינגען אין דער עפנטלעכקייט.

פאַרוואָס האָט דאָס אָבער נישט געטאָרט אַריינדרינגען אין דער עפנטלעכקייט?

דר. הערצל האָט געוואָלט, דאָס זאָל בלייבן „אַנטר-נו", פאַרשטייט זיך נישט דערפאַר, ווייל ער האָט גערעכנט, אַז דאָס קאָן שאַדן אים, ווי אַ פּערזאָן, אין וועמעס עס איז אויגן, ווייל איך דערצייל זאַכן, פאַר וועלכע ער זאָל זיך דאַרפן פאַר וועמען עס איז שעמען. ער איז געווען אי-בערצייגט אין זיין רעכט צו האַנדלען, ווי ער האָט גע-האַנדלט, און האָט געוויס נישט גערעכנט, אַז ער דערשיינט דאָ אין אַ נישט-גינסטיקער באַלייכטונג פאַר זיך. ער האָט אָבער געמיינט, אַז מיר זענען די נאַאיווע קינדער, וואָס פאַרשטייען נישט ווי אויסצונוצן אַ גינסטיקן מאָמענט פאַר די אינטערעסן פון אונזער פאָלק.

וואָס הערצלען האָט געאַרט איז נאָר, אַז די מיטגעטייל-טע פאַקטן זאָלן נישט אָנטאָן שאַדן זיין פּאָליטיק. און אַ שאַדן וואָלטן זיי געקאָנט אָנטאָן אַ געוואַלדיקן!

זיי וואָלטן אויפגעדעקט די אויגן פון דער אַלטער טער-קישער רעגירונג אויף די אינטריגעס, וואָס די ציוניסטן פירן מיט דער רוסישער דיפּלאָמאַטיע, כּדי אַרויפצוצווינגען אויף דעם סולטאַן דעם ווילן פון די ציוניסטן.

זיי וואָלטן פאַרשטימט די ענגלישע רעגירונג, ווען זי וואָלט זיך דערוווסט, אַז מען וויל זי דורך דעם אוגאַנדע-פּראָיעקט אריינציען אין די ציוניסטישע פּלענער.

זיי וואָלטן אויפגעהויבן דעם פּראָטעסט פון דער רוסי-שער ליבעראַלער געזעלשאַפט אנטקעגן די ציוניסטן און אַנטקעגן דער רוסישער רעגירונג, וואָס ווילן פאַרוויקלען רוסלאַנד אין אַ פּאָליטישן פּלאָנטער מיט טער-קיי צוליב יידיש-נאַציאָנאַלע און ביוראָקראַטיש-רעאַקציאָנע-רע צוועקן.

און נאָך אַ סך אַנדערע נישט געשמאַקע זאַכן וואָלטן פון דעם עפּיזאָד געקאָנט אַרויסוואַקסן פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג פון יענער זייט, ווען איך וואָלט, צ״ב, אין דער „רעוואָלוציאָנאַיאַ ראָסיאַ״, דעם צענטראַל-אָרגאַן פון מיין פּאַרטיי, אַרויסגעטראָטן מיט דער פאַרעפנטלעכונג פון דר. הערצלס אונטערערדונג מיט מיר.

דר. הערצל האָט דעריבער געוואָלט האָבן אַ גאַראַנטיע, אַז אונזער אונטעררעדונג זאָל בלייבן קאָנפידענציעל. פאָ-דערן די גאַראַנטיע האָט ער נישט געהאַט קיין רעכט, ווייל איך האָב געקאָנט זאָגן:

איך געפין פאַר נויטיק, הער דאָקטאָר, איבערצוגעבן אייער מיטטיילונג דעם „בונד״ און איבערלאָזן אויף זיין אחריות, צי ער וויל מיט אייך פירן אונטערהאַנדלונגען, אָדער נישט.

אויס רחמנות צו דר. הערצלען און צו דעם ציו-ניזם האָב איך דאָס נישט געטאָן, און עס בלייבט מיר איצטער נאָר פּאַטעטיש אויסצושרייען:

— אָ, ציוניסטישע קריטיק! אומדאַנקבאַרקייט איז דיין נאָמען !...

עס פאַרשטייט זיך, אַז ווען איך האָב דר. הערצלען צו-געזאָגט, אַז זיינע מיטטיילונגען וועלן נישט אַריינדרינגען אין דער עפנטלעכקייט, האָט ער געקאָנט זיין זיכער, אַז פון מיין זייט וועט פאַר אים נישט אַרויסוואַקסן קיין ברעקל שאָדן.

דאָס איז געווען דער זין פון אונזער אָפּמאַך, און

כל זמן דער אָפּמאַך האָט געהאַט אַ זין, האָב איך געהאַלטן פאַר מיין זעלבסטפאַרשטענדלעכן חוב עפנטלעך אַפילו נישט צו רעדן וועגן דעם. ערשט ווען די אַלטע טערקישע רעגירונג איז געפאַלן, ווען דער אוגאַנדע-פּראָיעקט איז באַגראָבן געוואָרן, ווען דער רוסישער אַבסאָלוטיזם איז ווייניקסטנס לפנים אַראָפּ פון מאַרק, ווען דער דיפּלאָמאַטישער טשאַרטעריזם האָט באַנקראָטירט, — ערשט דעמאָלט בין איך געוואָרן פריי פון דעם וואָרט, וואָס איך האָב געגעבן דר. הערצלען.

איך וויל, צום סוף, באַרירן נאָך איין פראַגע: איז איצטער געוואָרן די פּאַסנדיקע צייט אַרויסצוטרעטן מיט אַזעלכע דערינערונגען?

דערויף מוז איך ענטפערן, אַז איך קאָן ליידער קיינעם נישט איבערלאָזן קיין ברעקל רעכט צו באַשטימען פאַר מיר וואָס, ווען און ווי איך זאָל פאַרעפנטלעכן פון מיינע דערינערונגען.

5-טן מערץ, 1915.

# דער דריטער חורבן.

די „טיימס" האָט געבראַכט אין אַ דעפּעשע פון אַלעקסאַנדריע, פון דעם 18-טן יאַנואַר, די איוב-בשורה וועגן דעם חורבן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ-ישראל.

„די אַראַבער האָבן באַקומען דעם באַפעל צו פאַרנעמען די יידישע לענדערייען; טשערקעסן ווערן באַזעצט אין יעדער קאָלאָניע; דזשעמאַל פּאַשאַ האָט באַפוילן, אַז אַלע יידישע קאָלאָניזאַציע-דאָקומענטן זאָלן, אונטער טויט-שטראָף, פאַרניכטעט ווערן אין פערצן טעג".

לאַקאָניש, שאַרף און צום פּונקט, ווי די בשורה, וועלכע איוב האָט באַקומען וועגן דעם גורל פון זיינע זין און טעכטער: „דאָס פי האָט געאַקערט און די אייזעלינס האָבן זיך געפיטערט ביי זייער זייט, איז אָנגעפאַלן סעבאַ און האָט זיי צוגענומען, און די יונגען דערהרגעט מיטן שווערד"; „דיינע זין און טעכטער האָבן געגעסן און געטרונקען וויין, איז אַ גרויסער ווינט געקומען פון דער מדבר-זייט, האָט אַ ריר-געטאָן די פיר ווינקלען פון הויז, איז עס איינגעפאַלן אויף די יונגען און זיי זענען געשטאָרבן".

מיר קאָנען אָבער נישט אויפנעמען די בשורה מיט דעם זעלבן פרומען מוט, ווי דער אַלטער פרומער איוב. מיר קאָנען נישט מצדיק זיין דעם דין אויף אונזערע זין און טעכטער, וועמעס גאַנצע זינד איז דאָס רוב באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָס פי האָט געאַקערט און די אייזעלינס האָבן זיך געפיטערט ביי זייער זייט און דערפון האָבן זיי געגעסן און געטרונקען.

ציוניסט אָדער נישט-ציוניסט, — און אפילו דער פאַרביטערטסטער קעגנער פון דעם ציוניסטישן געדאַנק, — אַלע מוזן דערפילן דעם טיפן צער איבער דעם בראָך, וואָס האָט

פלוצלונג געטראָפן אומשולדיקע מענטשן, איבער דעם אומגליק, וואָס האָט זיך פלוצלונג אריינגעריסן אין דעם לעבן פון אונ־זערע זין און טעכטער.

אָבער איך בין שטאַרק מסופק, אויב ביי איינעם קאָן זיין צער זיין אַזוי טיף און אַזוי ברענענדיק, ווי ביי דעם, וועלכער איז אַליין, לאָז זיין אויף אַ ווײַלע, געווען אין ארץ ישראל, אַרומגעגאַנגען איבער די קאָלאָניעס, זיך געלאָזט אַרומ־ווייען פון די שטילע ווינטן, וואָס האָבן כשופדיק געסודעט אין אויער ווערטער פון גרויסער טרייסט און גרויסער האָפע־נונג; וועלכער האָט געהאַט דאָס גליק באַקאַנט צו ווערן מיט די אמתע טרייע בויער פון דעם ציוניסטישן אידעאַל, — איך מיין די יידישע אַרבעטער און די אינטעליגענץ, — און איי־ניקע פון זיי ליב געווונען מיטן גאַנצן הארצן.

וואָס פאַר שטראָמען פון פרייד, פון מענטשלעכער אַנט־ציקונג מיט דעם מ ע נ ט ש ן, פלעגן אויומנעמען אייך, בעת פאַר אייך פלעגט זיך פלוצלונג אויפעפענען זייער גאַנצע נשמה, וואָס איז געוואָרן אַזוי גרויס און אַזוי ליכטיק, אַ דאַנק דער גרויסער טרייסט אין דער ליכטיקער האָפענונג, וואָס האָבן גענומען לעבן אין איר!

נאָר לעבנדיק מיט די יידישע אַרבעטער אין ארץ ישראל, — בפרט אין גליל, — קאָן איינער, לאָז זיין מאָמענטנווייז, דורכ־געציטערט ווערן פון די כוואַליעס פרייד, וואָס ער באַמערקט ביי די, וועלכע זעען, ווי זייער אידעאַל, דער העכסטער טרוים פון זייער לעבן, ווערט פאַר זייערע אויגן אויפגעבויט, אַ שטיין נאָך אַ שטיין, און נישט נאָר פאַר זייערע אויגן, נאָר אויך מיט דער הילף פון זייערע אייגענע הענט.

יעדער בויער פון אַ גרויסער צוקונפט לעבט איבער נישט נאָר יסורים, נאָר אויך מאָמענטן פון אמתער פרייד. עס איז אַ שמחה אויף אונז סאָציאַליסטן, צ. ב., ווען מיר דער־וויסן זיך, אַז אָט אין ד ע ם פונקט איז שוואַכער געוואָרן די פּאָזיציע פון אונזער קעגנער, אָט דאָ האָבן מיר פאַרשטאַרקט אונזער אָרט און קיינער וועט אונז נישט קאָנען פאַרטרייבן פון אים; אָט דאָ איז געפאַלן אַ וואַנט, וואָס האָט אונז אָפּ־

געטיילט פון פאָלק: מיר וועלן קאָנען איצטער רעדן צו אים, רופן אים צו אונז; און אַז ער וועט אונז דערהערן און וועט אריינטרעטן אין אונזערע באַטאַליאָנען, וועלן מיר מיט געאייניקטע כוחות אַ וואָרף טאָן זיך אויף דער צענטראַל-פעסטונג פון דעם פיינד. און אַז מיר וועלן איינעמען די פעסטונג און פאַרטרייבן דעם שונא, וועט זיך ערשט דעמאָלט עפענען אַ וו ע ג אין דאָס אידעאַלע לאַנד פון אונזער צוקונפט.

אָבער — ווי קאָן מען פאַרגלייכן דידאָזיקע פרייד, וואָס זעט נישט קיין שטיינדעלע פון דעם צוקונפטס-בנין אין דעם חושכן היינט; וואָס דאַרף אָנשטרענגען דעם כח הדמיון, כדי מיט גייסטיקע אויגן צו דערבליקן נישט מער ווי דעם אָנהויב פון דעם וו ע ג, וואָס דאַרף פירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעם אידעאַל, — ווי קאָן מען, זאָג איך, פאַרגלייכן זי מיט יענער גדולה, מיט יענער רחבת הלב, וואָס ווערט געבוירן, ווען איך זע, אַז מיין אידעאַל הויבט שוין אָן צו ווערן ממשותדיקע ווירקלעכקייט פאַר מיינע אויגן; אַז ער וואַקסט, ווי אַן איינגעפלאַנצט בוימעלע, וואָס האָט שוין געלאָזן וואָרצלען אין דער קרקע, און ווען איך פיל, אַז איך אַליין, מיט מיין גאַנצן לעבן און טאָן, בין אַ בלעטל אין יענעם בוימעלע, אַן אַטאָם פון דעם אידעאַל, וואָס ווערט פאַרווירקלעכט אין לעבן.

אָט דאָס איז דער געפיל-באַזיס פון יענער געהויבענער און לויטערער שטימונג, וועלכע איך האָב אומעטום אָנגעטראָפן ביי דעם איבערגעבענעם אידעאַליסט אין ארץ-ישראל.

מאָמענטנווייז פלעגט אויף מיין נשמה, — גאָט זאָל זי נישט שטראָפן פאַר דער צעלאָזנקייט! — אַריינשפּרינגען אין דעם דערקוויקנדיקן ים פון יענער שטימונג און פלעגט זיך לוסטיק אַרומפּלעטשערן אין זיינע וואַלן, ביז... ביז דער שוואַרצער דעמאָן פון ספיקות פלעגט זי ווידער אַרויסשלעפן און אַ וואָרף טאָן זי אויף דעם טרוקענעם זאַמד.

און דערפאַר ווייס איך, ווי גוט עס איז זיך צו פלעטשערן אין יענעם ים, ווי וויי עס טוט, ווען מען ווערט אַרויסגעריסן פון אים. און דערפאַר פלעג איך, אפילו אין די מאָ-

מענטן פון דעם שניידנדיק-קאַלטן פּעסימיזם, וואָס איך האָב דורכגעלעבט אין ארץ-ישראל, — ווען מיין נשמה האָט ממש זיך געטרייסלט פאַר קעלט און נישט געקאָנט קומען צו זיך אויף דעם טרוקענעם זאַמד, — נישט אַראָפּלאָזן מיין אויג פון דעם זוניקן שיין, וואָס האָט געלויכטן און געוואָרעמט אין די נשמות פון מיינע פריינט.

און פּלוצלונג — „זע, אַ גרויסער ווינט איז געקומען פון מדבר-זייט, האָט אָנגערירט די פיר ווענט פון דעם הויז, און ער איז איינגעפאַלן אויף די יונגען"...

ווי טראָגן זיי אַריבער דעם צער פון דעם נייעם חורבן? וואָס טוט זיך אין די הערצער פון יענע ליבע און טייערע? דאָס הארץ ווערט פאַרקלעמט, ווי מיט צוואַנגען, און ס'איז שווער איינצוהאַלטן די טרערן, ווען מען טראַכט וועגן דעם.

און אייניקע בילדלעך שווימען אַרויף אויפן זכרון, וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם איצטיקן חורבן אין ארץ ישראל.

אַ הייסער זומערדיקער פרימאָרגן. איך שטיי מיט אַ חבר, אַ יונגן אַרבעטער, אויף דער סטאַנציע „אַפולע", וואָס איז לעבן מרחביה. מיר וואַרטן אויף אַ צוג. די קליינינקע, שטעכיקע גליל-פליגעלעך, וואָס האָבן מיך מיט אַ פּאָר טעג צוריק אַזוי אומברחמנותדיק געפּלאָגט אויף דעמזעלביקן פּלאַץ, זענען ערגעץ-ווו פאַרשווונדן, און מיין אויג קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון דעם עמק יזרעאל, פון די ווייטע בלאָע בערג, צווישן וועלכע עס ליגט נצרת. ווי אַלעמאָל, ווען איך פלעג שטיין אויף אַ היסטאָרישן פּלאַץ אין ארץ ישראל, איז אויך איצטער מיין נשמה אויפגערודערט: עס קלינגען אין איר בענקנדיקע שטימען, — דער רוף פון די אבות. איך אַמפּער מיך מיט זיי. זיי האָבן טענות צו מיר, די אבות, און איך האָב טענות צו זיי. שטאַרק פאַרטאָן אין דעמדאָזיקן עסק, הער איך נישט דאָס געשפּרעך פון אַ גרופּע יידן, וואָס שטייט נאָענט לעבן אונז, ביז דער באַזונדערס לוסטיקער טאָן פון אַ יונגן יידל וועקט מיך אויף פון מיין פאַרטראַכטקייט.

— געגומען, געגומען די מיל! — שרייט לוסטיק אַרויס אין אַ יידיש-פּוילישער אויסשפּראַך אַ יונג געל יידל, אָנגעטאָן

אין אַ לאַנגער גראָער קאַפּאָטע, מיט אַן אָפּענער ברוסט, און זיין גאַנץ אויסזען, זיין טאָן און דער עסק, וועגן וועלכן ער רעדט, פאַרטרייבן פלוצלונג די גייסטער פון די אבות און פאַרזעצן מיך ערגעץ-ווו אין אַ קליין שטעטל אין דער היים.

— גענומען די מיל און נישט טייער אויך, — באַרימט זיך דאָס יידל מיט נצחון. און באַזעצן וועל איך מיך טאַקע אין מרחביה. עס וועט ביי אונז אַוועקגיין גאָר אַן אַנדער סדר! איך האָב געהערט זאָגנדיק, אַז חברה רויכערט דאָרטן פּאַפּי-ראָסלעך אום שבת. איך האָב דאָס נישט געזען און חושד זיין אומזיסט יידישע קינדער וויל איך נישט. אָבער — וואַרט!.. מיין ספר-תורהלע איז שוין דאָרטן דאָ, איך קום מיט מיין ספר-תורהלע: מיר וועלן עפענען אַ מנין, און עס וועט זיין חי — געלעבט!... וואָס דען? — פרעגט ער און טוט אַ בליק מיט זיינע גוטע בלאָע אויגן אויף מיר מיט מיין חבר, און אין דעם בליק זענען אויסגעמישט פריינטלעכקייט, קינדערשע שטיפעריי און טיפער פרומער ערנסט. וואָס דען? אַרויסטרייבן פון לאַנד? צום דריטן מאָל אַרויסטרייבן פון לאַנד? ניין, דאָס וועט נישט גיין! זענען מיר שוין דאָ, וועלן מיר זיך נישט לאָזן!

— דוס וועט נישט גאָין! — חזרט ער איבער נאָך אַ מאָל און לאַכט זיך פריילעך פאַנאַנדער.

און פאַרוואָס זאָל ער נישט זיין פריילעך? די מיל האָט ער געדונגען נישט טייער און פאַרן אַרויסטרייבן פון לאַנד איז ער אויך באַוואָרנט: ער האָט „ספר-תורהלעך". חברה מיט די פּאַפּיראָסלעך זאָל גאָרנישט שטערן זיין סטראַטעגישן פּלאַן, איז דער ישוב געזיכערט. האָפט ער אָבער, אַז מיט זיין קו-מען קיין מרחביה וועט „אַוועקגיין אַ נייער סדר"... איך האָב ליב געקריגן דעם יונגן פרומען מילנער.

ווער האָט זיך דעמאָלט געקאָנט ריכטן, אַז דער דריטער חורבן וועט קומען אַזוי גיך?

און נאָך אַ דערינערונג.

איך זיץ אין חיפה אין האָטעל. עס שטיקט די שלעכטע שטאָט-לופט, כאָטש איך בין אויף דער וועראַנדע נישט ווייט

פון ים, און מיין בליק טראָגט זיך איבער זיין אָפּענער, בלאָער ווייט. לעבן מיר זיצט אַ יונגערמאַן, אַ גאַסט פון האָטעל. אַנגעשרויפט פון דער קלינגענדיקער רעקלאַמע, וואָס די יידישע צייטונגען אין רוסלאַנד האָבן אין דער לעצטער צייט געמאַכט פאַר ארץ ישראל, איז ער געקומען אַהער מיט אַ פּאָר טויזנט רובל, — זיין גאַנצן פאַרמעגן, — מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט דאָ ווי עס איז זיך קאָנען איינאָרדענען. עס האָט זיך אויסגעלאָזט „אַ בוידעם". מיט אַ פּאָר טויזנט קערבלעך קאָן מען נישט איינבייסן ארץ ישראל. ער פאָרט אַהיים, אַ פאַרביטערטער; שיט פעך און שוועבל אויף אַלץ, וואָס ער האָט געזען אין לאַנד.

— לאָמיך נאָר קומען אַ היים! — שרעקט ער עמעצן. איך וועל זיי שוין דערציילן, וואָס דאָ טוט זיך! זיי וועלן וויסן, ווי צו גלויבן די צייטונגען און די קינעמאַטאָגראַפן!...

איך בין מיד. איינגעמאַטערט קערפּערלעך און נאָך מער גייסטיק, די גאַנצע צייט אין ארץ-ישראל ווערט מיט מיין נשמה געשפּילט גומי-באָל. אַ מלאך און אַ שד וואַרפן זיך מיט איר דורך. באַלד איז זי ביי דעם מלאך אין זיינע גלעטנדיקע, סאַמעטענע הענט און — ווי לייכט איז איר, ווי ליכטיק! און באַלד ווידער אַ פלי — און שוין האַלט זי דער שד אין זיינע שוואַרצע פינגער און לאָזט אין איר אַריין די נעגל ביז בלוט.

איך שפּיר, אַז איך בין ווידער ביי דעם שד אין די נעגל, איך הער זיך צו צו דעם בייזן שטראָם פון תרעומות, וואָס טראָגט זיך פון שכנס מויל, אָבער איך קאָן זיי נישט הערן לאַנג: בין צו מיד. מיין נשמה זוכט אַלע ווײלע רו אין דער אָפּענער, בלאָער ווייט פון דעם ים, און דעמאָלט פאַרשטומט פאַר מיר דעם שכנס בייז קול. אָבער דער שד פאַרגינט מיר נישט די רגעס רוח. מיט שרעק באַמערק איך ווידער, אַז מיין שכן רעדט, און הער זיך איין אין זיינע רייד.

— ...זאָגט דער שוואָגער צו מיר: „אַז דו וואָלסט פאַרשטאַנען, וואָס זיי האָבן געזאָגט!"

— ווער? — פרעג איך.

— אָט די יונגע אַראַבער, וואָס זענען געגאַנגען פאַר אונז.

איך האָב מיך דערמאָנט, אַז ער דערציילט און קריטי־קירט די „חגיגה" אין תל־אביב און הערן סאָקאָלאָווס רעדע אויף יענער „חגיגה". איך האָב מיך דערמאָנט, אַז ער האָט שוין אין גיין צוריק אַהיים מיט זיין שוואָגער, וואָס וווינט פון לאַנג אָן אין יפו. פון וואַנען די יונגע אַראַבער האָבן זיך פּלוצים גענומען, האָב איך פאַרהערט.

— איינער פרעגט: „סט'געהערט, וואָס סאָקאָלאָוו האָט געזאָגט? דאָרטן, אין גלות, לויפן מיר לערנען זיך ביי זיי, און דאָ קומען זיי לערנען זיך צו אונז". ענטפערט אים דער צווייטער: „דיר אַ דאגה! לאָזן זיי זיך פרייען... ד ע ר־ו ו י י ל ע!" מיין שוואָגער איז דוקא אַ מענטש, וואָס...

זיין קול ווערט שוין ווידער פאַרפאַלן פאַר מיר. וואָס ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין שוואָגערס בליק אויף די אַראַבער, איז פאַר מיר קיין נייעס נישט געווען, און איך האָב מיך דערביי פאַרטראַכט וועגן דער אַראַבער־פראַגע און ארץ־ישראל בכלל.

איצטער, נאָכן דריטן חורבן, האָב איך מיך ווידער דער־מאָנט אָן דעם: „לאָזן זיי זיך פרייען... ד ע ר ו ו י י ל ע!" משמעות, די אַראַבער האָבן שוין דעמאָלט גוט געוווסט, אַז די יידישע שמחה איז נאָר אויף אַ קורצער צייט. און — ווער ווייס! אפשר איז שוין ביי זיי דעמאָלט געווען קלאָר אויסגע־אַרבעט, וואָס זיי האָבן צו טאָן ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט? על־כל־פנים, האָבן זיך די אַראַבער שוין צו גיך דערוואַרט אויף דער געלעגנהייט, און עס איז געקומען דער גרויסער ווינט פון מדבר־זייט...

און נאָך אַ דערינערונג רינגלט זיך ביי מיר אָן אָן דעם דריטן חורבן.

שוין דאָ, אין ניו־יאָרק. אַ גרויסע ציוניסטישע פאַרזאַמ־לונג. אויף דער פּלאַטפאָרם שטייט אַ באַוווסטער ציוניסטישער טוער, איינער פון די בעסטע זין פון אונזער פאָלק בכלל, איינער פון די סימפּאַטישסטע פירער פון דעם אַלגעמיינעם ציוניזם בפרט. עס קומט אַרויף די רייד אויף אַ טעמע, וואָס

איז שוין באַרירט געוואָרן יענעם אָוונט: „דער קריג און דער ציוניזם".

טרויעריק קלינגט דער טאָן פון דעם רעדנער. ער ווערט נישט באַגייסטערט פון די נייע פּערספּעקטיוון, וואָס אַ פּריער־דיקער רעדנער, אַ „פּראָ־טריפּלדיקער", האָט אויסגעמאָלט, און וואָס וועלן, לויט זיין צוזאָג, גאַנץ זיכער אַריינטרעטן אין לעבן, אויב נאָר ארץ־ישראל וועט נאָכן קריג געהערן, איך געדענקט שוין נישט וועמען: ענגלאַנד אָדער פראַנקרייך. אים, דעם איצטיקן רעדנער, וואָלט זיך געוואָלט, עס זאָל אַלץ בלייבן ווי געוועזן.

— מיין געבעט צו דעם רבונו־של־עולם איז, וואָס אברהם אבינו האָט שוין אַמאָל געבעטן ביי אים: לו ישמעאל בני יחיה לפניך! לאָז כאָטש אונזער ברודער ישמעאל בלייבן לעבן ווי פריער!..

גלויבט ער נאָך עד היום אין „אונזער ברודער ישמעאל"? אויך איצטער, נאָך דעם דריטן חורבן?

איך קאָן מיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין דער דערקלערונג פון יענער באַדייטונג, וואָס דער דריטער חורבן האָט פאַר דעם ציוניזם בכלל. דער ציוניזם איז אַ צו טיף, צו פאַרפּלאָנ־טערט פּראָבלעם. ווייניקסטנס איז עס צו פאַרפּלאָנטערט פון אונזער פּ ר אָ ג ר ע ס י וו־נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, ער זאָל זיך לאָזן באַהאַנדלען אין קורצע צייטונגס־אַרטיקלען.

אָבער איינס קאָנען מיר דאָ זאָגן: וואָס עס זאָל נישט זיין דער גורל פון דעם ציוניזם אין דער צוקונפט, דער דרי־טער חורבן איז דער טראַגישער אָפּשלוס פון יענעם פעריאָד זיינעם, וועלכן ער לעבט דורך, זייט הערצלס טויט.

דאָס איז דער קאָמפּלעטער צונויפבּרוך פון יענער, לאָזט מיך זאָגן, נישט גאָר שיינער האָפענונג, אַז מיר קאָנען זיך בשתיקא אַריינגנבעבען אין לאַנד און פאַמעלעך אַרויסציען דאָס בעטל פון אונטער דעם אַראַבערס גוף.

ער האָט זיך נאָר געמאַכט שלאָפנדיק, דער אַראַבער. ער האָט אונז פאַרגונען די שמחה... אויף דערווייל!

— נו, — און אַז ארץ־ישראל זאָל, למשל, געהערן

ענגלאַנד, זענען אונזערע אויסזיכטן געזיכערטער? און אַז מיר זאָלן, לאָז זיין, דורך סאַזאָנאָװס הילף, באַקומען אַ טשאַרטער, װערט די יידישע פראַגע פאַרענטפערט? װערט, לפּחות, פאַר־ענטפערט דאָס ציוניסטישע פּראָבלעם?

דאָס זענען שוין פראַגן, װאָס געהערן נישט צו אונזער היינטיקן ענין. װי איר װילט, אַזוי דענקט װעגן זיי. איין זאַך דאַרף מען אָבער האָבן אין זין, װאָס האָט אַ שייכות צו אונ־זער ענין.

דער דריטער חורבן איז נישט גלאַט אַ טראַגישער עפּי־זאָד, — איינער פון יענע חורבנות, מיט װעלכע דער איצטי־קער קריג איז אַזוי רייך. אויך נישט גלאַט אַ טרויעריק בלעטל אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק, פאַר װעלכן עס האָבן זיך װידער געעפנט די שליוזן פון טרערן און בלוט.

דער דריטער חורבן איז אַ צו שרעקלעכע טראַגעדיע, בײַ איינעם זאָל זיך הויבן די האַנט צו בויען אַ פערטן.

24-טן — 25-טן יאַנואַר 1915

# פאַקטן און געפילן.

הער דר. לעווין האָט באַערט מיינע צוויי אַרטיקלען „דער דריטער חורבן", מיט אַ שאַרפער קריטיק.

אויב די לייענער געדענקען נאָך דעם אינהאַלט פון יענע צוויי אַרטיקלען, קאָן זייער תּוך איבערגעגעבן ווערן אין די פאָלגנדיקע באַהויפּטונגען:

א) די ידיעה פון אַלעקסאַנדריע שילדערט אַ פולשטענדיקן חורבן פון דעם נייעם יידישן ישוב אין ארץ ישראל.

ב) דער חורבן דאַרף באַטרויערט ווערן נישט נאָר פון די ציוניסטן, נאָר אַפילו אויך פון די קעגנער פונם ציוניסטישן אידעאַל.

ג) דער ווייטערער שיקזאַל פון דעם ציוניזם קאָן דורך דעם דריטן חורבן אַליין נישט אינגאַנצן באַשטימט ווערן, און נביאות וועגן זיין דורכפירבאַרקייט בכלל קאָנען אויף דעם סמך נאָך נישט אַרויסגעזאָגט ווערן: דער ציוניזם איז אַ צו פאַרוויקלט פּראָבלעם.

ד) איינס קאָן מען אָבער זאָגן מיט זיכערקייט, אַז דער איצטיקער פּעריאָד אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס בויט זיינע האָפענונגען אויף דער קליין-קאָלאָניזאַציע, אָן וועלכע עס איז עפנטלעך-רעכטלעכע גאַראַנטיעס, איז פולשטענדיק באַנקראָט.

ה) אויב עס זענען נאָך דאָ וועלכע עס איז אויסזיכטן אויף דעם ציוניזם, קאָנען זיי ליגן נאָר אין דעם פּאָליטישן טשאַרטעריזם. דערפון איז ממילא מובן, אַז

ו) אויב עס זענען נישטאָ קיין אויסזיכטן אויף אַ פּאָליטישן טשאַרטער, דאַרף מען זיך בכלל אָפּזאָגן פון יעדער ציוניסטישער האָפענונג.

איך וויל דאָ גלייך אויפן אָרט דערמאָנען דעם לייענער,

אַז ווען איך רעד איצטער וועגן דעם ציוניזם, האָב איך אין זין דעם אמתן, אומפאַרפעלשטן ציוניסטישן אידעאַל, וואָס באַשטרעבט צו באַשאַפן אין ארץ ישראל אַ געזיכערטע היים פאַר דאָס יידישע פאָלק און אויף אַזאַ אופן פאַרענטפערן אונזער אָנגעווייטיקטע נאַציאָנאַלע פראַגע. אַלע אַנדערע פסעאודאָ-ציוניסטישע אויסבילדונגען פון דער לעצטער צייט, ווי, צום ביישפיל, דער „אחד-העמיזם", גייען דאָס מאָל נישט אַריין אין דעם חשבון.

מיינע אויבן-אויסגערעכנטע באַהויפּטונגען גרייפט הער דר. לעווין אָן אין דריי אַרטיקלען אין דער „וואַרהייט": „צו אונזערע נייע מקוננים" (פונם 26-טן יאַנואַר); „די שבועה, וואָס איז אַריין אין אונזער פלייש און בלוט" (פונם 27-טן) און „דער נאַציאָנאַלער קאַפּיטאַל פון יידישן פאָלק; די פריינט, וואָס ליבן און די „פריינט", וואָס וואַרטן אויף אַ לויה" (פונם 28-טן).

דער תוך פון אָט די דריי אַרטיקלען קאָן אויך איבערגעגעבן ווערן בקיצור אין די פאָלגנדיקע באַהויפּטונגען:

א) דער טרויער אויף דעם „דריטן חורבן" איז צוגעאיילט, ווייל די דעפּעשע פון אַלעקסאַנדריע איז נאָך נישט באַשטעטיקט געוואָרן.

ב) אויב די דעפּעשע איז ריכטיק, האָבן מיר דאָ פאַר אונז אַ באַדויערלעכן מלחמה-אינצידענט, וואָס האָט נישט צו טאָן מיט דעם גורל פון דעם ציוניזם.

ג) זאָל זיך אַרויסשטעלן, אַז דאָס איז אַ ציוניסטישע קאַטאַסטראָפע, האָבן דעמאָלט נאָר די ציוניסטן אַ רעכט זי צו באַקלאָגן. ערשט ווען זיי וועלן זיך גוט אויסוויינען, קאָנען אויך די נישט-ציוניסטן אַרויסלאָזן אַ טרער, ווען מען וועט זיי דערצו איינלאַדן. אומגעבעטענע טרערן ווערן מיט פאַסנדיקער העפלעכקייט אָפּגעשיקט צוריק.

ד) די קליין-קאָלאָניזאַציע האָט אפילו „נאָכן חורבן" נישט באַנקראָטירט.

ה) באַנקראָטירט האָט דער אַלטער פּאָליטישער טשאַר-

טעריזם, און די געשעענישן פון דעם איצטיקן וועלט־קריג באַ־
ווייזן זיין אומהאַלטבאַרקייט.

ו) דער אידעאַל פון דעם ציוניזם קאָן און וועט אויף
קיין פאַל נישט אויפגעגעבן ווערן, ווייל ער איז באַגרינדעט
אויף אַ שבועה, וואָס איז אריין אין אונזער פלייש און בלוט.

אָט די באַהויפּטונגען וועלן מיר דורכנעמען כסדר, פונקט
פאַר פונקט, און אָפּשאַצן די קראַפט פון יענע ארגומענטן,
מיט וועלכע דר. לעווין וויל זיי באַגרינדן.

דער טרויער אויף דעם „דריטן חורבן" איז געווען צוגע־
איילט, מיינט הער דר. לעווין, דערפאַר, ווייל יענע ידיעות פון
ארץ ישראל האָבן נישט פאַרדינט קיין פולן צוטרוי. „זיי זע־
נען אָפּגעשטעמפּלט געוואָרן, איידער זיי האָבן אונז דערגרייכט
מיט שוואַרצער ענגלישער חתימה". „עס איז אַ פאַרברעכן",
שרייבט ער, „ווען מען גייט אַרויס מיט פאַרטיקע קינות, איי־
דער מען האָט נאָך קאָנטראָלירט די ריכטיקייט פון די אָנגע־
קומענע ידיעות און נאָך בפרט ווען מען ווייס, פון וואַנען די־
ידיעות שטאַמען" („מקוננים").

עס דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז דר. לעווין גיט אַליין
צו, אַז די לעצטע ידיעות פון ארץ ישראל זענען נישט קיין
פרייליכע, און אַז פון זיי, „ווען מען ווייס אפילו
דעם מקור, פון וואַנען זיי שטאַמען", „ווערט
דערציטערט אונזער נשמה; מיר פילן", זאָגט ער, „אַז אַן
אייזן, קאַלט און שאַרף, מאַכט אַ טיפן שניט אין אונזערע
בעסטע און הייליקסטע האָפענונגען" (דאָרטן גופא).

הייסט עס, גלויבן אין יענע ידיעות מעג מען, ווייל אַז
נישט, וואָלט מען נישט געפילט דעם טיפן שניט, וואָס דאָס
קאַלטע אייזן מאַכט שוין אין די בעסטע האָפענונגען. דער
„פאַרברעכן" באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס מען גייט אַרויס
מיט „פאַרטיקע קינות" (ווי מען קאָן אַרויסגיין מיט נישט
פאַרטיקע?), איידער מען האָט נאָך קאָנטראָלירט די ריכטיקייט
פון די ידיעות.

הער דר. לעווין האָט גאַנץ געוויס אַ רעכט צו באַגע־
גענען מיט חשד די באַריכטן פון דער אָדער יענער קריג־

פירנדיקער פארטיי. אזא רעכט האבן אלע מענטשן און אויך איך בתוכם. אויך איך האב, פארשטייט זיך, שוין לאנג פאר־קארן דעם נאאיוון בלינדן צוטרוי צו די דעפעשן, וואס שטא־מען פון פארשיידענע פאליטישע אגענטורן. בנוגע צו זיי האט זיך ביי מיר, אין דעם משך פון דעם איצטיקן קריג, אויסגע־ארבעט אזא מיינונג, וואס איז, ווי איך גלויב, אמת בדרך כלל: אלע ידיעות, וואס שטאמען פון רוסישע און עסטריי־כישע קוועלן, זענען בחזקת שקר, ביז זיי ווערן נישט פאר־אמתט פון אן אנדער ארט, אבער אלע ידיעות, וואס שטאמען פון דייטשישע און ענגלישע קוועלן, דארפן געהאלטן ווערן בחזקת אמת, ביז עס קומט נישט א הכחשה, אויף וועלכער מען קאן זיך פארלאזן.

דאס הייסט, אז אויף רוסישע און עסטרייכישע ידיעות טאר מען גארנישט בויען, ביז זיי ווערן נישט קאנטראלירט. דא מוז מעןווארטן אויף דער קאנטראל. מיט ענגלישע און דייטשישע קאן מען זיך באגיין, ווי מיט א פארלאזלעכן מאטע־ריאל, און דערנאך ערשט אריינטראגן יענע קארעקטורן, וואס וועלן אפשר ווערן נויטיק, אויב זיי זאלן אפגעלייקנט ווערן.

בפרט האט יענע איוב־דעפעשע פון אלעקסאנדריע פאר־דינט אונזער פולסטן צוטרוי, ווייל זי האט געבראכט געוויסע איינצלהייטן, וואס עס לייגט זיך נישט אויפן שכל, עמעצער זאל זיי האבן אויסגעזויגן פון פינגער: טשערקעסן האט מען באזעצט אין יעדער יידישער קאלאניע, — פון וואנען וויים דער קארעספאנדענט אין אלעקסאנדריע, אז עס זענען דא טשערקעסן אין ארץ־ישראל? דזשעמאל פאשא באפעלט די צעשטערונג פון די יידישע קאלאניזאציע־דאקומענטן, — פון וואנען וויים דער קארעספאנדענט, אז עס זענען דא אזעלכע דאקומענטן און דערצו נאך אזוינע, וואס מען קאן זיך צובינדן צו זיי לפי דעם טערקישן געזעץ? דער באפעל איז ארויס־געגעבן געווארן דעם 8־טן יאנואר, וואס עפעס גראד אין יע־נעם דאטום?

זאגט, וואס איר ווילט, די איינצלהייטן שמעקן נישט מיט „אויסגעטראכטקייט". דאס שטאמט פון אן ענגלישער קוועלע.

אָפּגעשטעמפּלט מיט אַ „שוואַרצער ע נ ג ל י ש ע ר חתימה״...
דאָס מוז זיין אמת, ביז עס וועט נישט קומען די הכחשה.

און איך קאָנסטאַטיר, אַז די אָפּלייקענונג איז נאָך עד היום נישט געקומען, נאָך מער, איידער זיבן וואָכן, זינט די „טיימס״ האָט געבראַכט די דעפּעשע פון אַלעקסאַנדריע. די ציוניסטן־פּריינטלעכע פּרעסע האָט, אמת, אויפן שטעל נאָך מיין אַרטיקל געבראַכט ידיעות, אַז אין ארץ־ישראל זענען נישט געווען קיין פּ אָ ג ר אָ מ ע ן. עס האַנדלט זיך וועגן אַ ג ע ז ע צ ל ע כ ע ר פאַראָרדענונג, וואָס צעשטערט דעם יידישן ישוב.

ביי מיין גאַנצן ווילן מנצח צו זיין הערן דר. לעווין אויף אַלע פּונקטן פון אונזער פּאָלעמיק, וועל איך מיך דער ערשטער פרייען, ווען אַזאַ הכחשה וועט נאָר קומען און אַלע וועלן האָבן אַ רעכט צו שרייען אויף מיר: „אַ האַ! אַי טאָלד יו סאָ!״ ביז צו יענער צייט אָבער וועט די אַלעקסאַנ־דריע־דעפּעשע שטיין ביי מיר בחזקת אמת.

1 מערץ, 1915

# בעלגיע און ארץ־ישראל.

ווי הער דר. לעווין מאַלט זיך אויס דעם איצטיקן חורבן אין ארץ ישראל, אפילו ווען די דעפּעשע פון אַלעקסאַנדריע זאָל פאַראמתט ווערן, איז דאָס נישט מער, ווי אַ מלחמה־אינ־צידענט, וואָס האָט פּרינציפּיעל קיין ברעקל שייכות נישט צו די ציוניסטישע האָפענונגען און אידעאַלן. אָט דער געדאַנק ווערט איבערגעטענהט אין אַלע זיינע אַרטיקלען, וואָס ער האָט געשריבן אַנטקעגן דעם „דריטן חורבן".

עס איז אַ מלחמה צייט, „און דאָס איז געקומען, וואָס עס האָט געמוזט קומען". „אַ מלחמה איז אַ שעת חירום" : „איז חרוב געוואָרן בעלגיע, איז חרוב געוואָרן גאַליציע, פּוילן". „עס איז אָנצונעמען, אַז אויך ארץ ישראל בכלל און דער יידישער ישוב בפרט האָט שטאַרק געליטן פון דער מלחמה". און בכלל דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז „אַלץ, וואָס עקזיס־טירט, קאָן חרוב ווערן, נישט נאָר דער נייער ישוב, נאָר אַפילו בעלגיע און נאָך גרעסערע מדינות".

אַנטקעגן דידאַזיקע אַבסאָלוטע אמתן איז זייער שווער צו געפינען אַן ענטפער. זיי זענען פּשוט נישט אָפּצופרעגן. און פונדעסטוועגן פאַרשטיי איך נישט, ווי אַזוי מען קאָן זיי אַרויסרוקן אַנטקעגן מיינע אַרטיקלען וועגן דעם „דריטן חורבן".

לאָמיר נישט פאַרגעסן : איצטער האַלטן מיר ביי דער פראַגע : איז די פאַרוויסטעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם יידישן ישוב, אַזאַ פאַקט, וואָס באַרעכטיקט איינעם „אַרויס־צוטרעטן מיט פאַרטיקע קינות", אויב ביי יענעם יידן איז געריכטלעך נאָך נישט אָפּגענומען געוואָרן זיין טרערן־רעכט בנוגע צו געוויסע ענינים אויף אַ משך פון מען ווייסט נישט וויפל צייט ?

מעג אַ גלייכבאַרעכטיקטער ייד באַקלאָגן דעם „דריטן

חורבן", אַפילו ווען דער חורבן איז נישט גרעסער, איידער אין בעלגיע? אַפילו אויב דער חורבן האָט קיין ברעקל שייכות נישט צו די ציוניסטישע האָפענונגען?

מיר דוכט, אַז עס איז גענוג אַוועקצושטעלן די פראַגע, כדי יעדער איינער, וועמעס מוח עס איז, שונאי ישראל, נאָך נישט פאַרפינסטערט געוואָרן פון פאַרפאָלגונגס-מאַניע, זאָל ענטפערן אויף איר קאַטעגאָריש און קלאָר: יאָ, ער מעג! און אַזוי ווי דער „מקונן" איז אַ ייד און דער אַלגעמיינער מלחמה-חורבן האָט אָנגערירט אַ יידישן ישוב, טאָר מען אויף אים קיין פאַריבל נישט האָבן, ווען אין זיין צער רייסן זיך ביי אים אַרויס טענער, וואָס וואָלטן זיך אפשר ביי אים נישט באַוויזן, ווען ער וואָלט געטרויערט אויף דעם חורבן בעלגיע.

אָבער — האָבן מיר דען באמת אַ רעכט אַוועקצושטעלן דעם אומגליק אין בעלגיע אויף איין ליניע מיט דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט פּאַסירט אין ארץ ישראל? זענען זיי ביידע פּרינציפּיעל נישט מער ווי אַ טראַגישער עפּיזאָד אין דער איצטיקער מלחמה? האָט דאָס יידישע פאָלק פון דעם נייעם ישוב געטראָפן דערזעלביקער פּלאָג, וואָס דאָס בעלגישע אין בעלגיע?

איך רעד דאָ נישט וועגן דעם סכום צעשטערטן אייגנטום און פאַרוויסטעטן לעבן. אַפילו נישט וועגן דעם ים רייןמענטשלעכע פּסיכישע ליידן, וואָס די קרבנות פון דעם חורבן האָבן געמוזט אויסשטיין דאָ און דאָרטן. עס קאָן גריילעך זיין, אַז אין דעם פּרט זענען די צרות אין בעלגיע, סיי אין כמות, סיי אין איכות, פיל מאָל גרעסער איידער יענע יסורים, וואָס זענען אויסגעפאַלן אויף דעם גורל פון דעם נייעם ישוב אין ארץ ישראל.

וואָס איך האָב דאָ אין זין, איז די נאַציאָנאַלע באַדייטונג פון דעם חורבן. קאָן מען זאָגן, אַז אויך דעם בעלגיערס נשמה דאַרף דערציטערט ווערן פון דעם חורבן פון זיין לאַנד, אַז אויך דער בעלגיער דאַרף פילן, ווי „אייזן, קאַלט און שאַרף, מאַכט אַ טיפן שניט אין זיינע בעסטע און הייליקסטע האָפענונגען", אין דעמזעלביקן זין, ווי דאָס פילט העב-

דר. לעווין פון די ידיעות וועגן די פּאַסירונגען אין ארץ-ישראל ? געוויס איז די פּאַרוויסטעניש פון בעלגיע אויך אַ נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע. אָבער לאָמיר קודם נישט פאַרגעסן: וואָס איז דאָס ערגסטע, וואָס בעלגיע קאָן פּאַסירן נאָכן קריג? דאָס ערגסטע, וואָס בעלגיע קאָן דערוואַרטן איז — פאַרלירן איר פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. ס'איז אמת, אַז די, וואָס באַטראַכטן די נאַציאָנאַלע פראַגע פון יענעם עם-הארצישן שטאַנדפּונקט, וועלכער הערשט אין דער מאָדערנער דיפּלאָמאַטיע און ביי די יידישע אַסימילאַטאָרן, — אַ שטאַנדפּונקט, פון וועלכן אַ נאַציע איז אַ שטיק לאַנד מיט פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט, — וועלן אפשר זאָגן, אַז מיט דעם פאַרלירן פון איר פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט, פאַרלירט בעלגיע אויך איר נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ.

איך רעכן אָבער, אַז הער דר. ש. לעווין איז ווייט פון יענעם עם-הארצישן בליק אויף דעם מהות פון נאַציאָנאַליטעט. אַ נאַציע איז אַ לעבעדיק וועזן, ווי אַן אָרגאַניזם, און כל זמן דער אָרגאַניזם לעבט, עקזיסטירט די נאַציע, אַלץ איינס, צי דער אָרגאַניזם איז פריי אָדער פאַרשקלאַפט, צי ער וווינט אין דער היים, אָדער איז פאַרוואָגלט אין דער פרעמד.

בעלגיע, — אויב ס'איז דאָ אַן איינהייטלעך בעלגיש פאָלק, — וועט נאָך דער מלחמה נישט נאָר נישט פאַרלירן איר נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ: זי וועט אפילו נישט פאַרטריבן ווערן פון דער אייגענער היים, אויב די רעאַקציאָנערע באַרבאַריי פון דער איצטיקער צייט זאָל נישט דערלויפן אַראָפּ-אַ-באַרג ביז צו דער קריגס-פּאָליטיק פון אַ סנחריב אָדער נבוכדנצר.

דער העכסטער אומגליק, וואָס קאָן דעריבער פּאַסירן בעלגיע איז — פּאָליטיש אַראָפּגעזונקען צו ווערן צו דער מדרגה פון אַן אינטעריאָכטן לאַנד, צו דעם מעמד פון פּוילן.

דאָס איז אַ געוויס ביטערער מעמד. לעבן מיט שטענדיקע קייטן אויף די הענט און די פיס, אין שטענדיקער ציטערניש פאַר דעם גורל פון דער אייגענער שפּראַך, פון דער אייגענער קולטור, פון יעדעס פּיצעלע לאַנד, וואָס דאָס הערשנדיקע פאָלק וויל אַרויסרייסן פון אונטער די פיס; לעבן מיט

דעם שטענדיק אָנגעשטרענגטן געדאַנק, ווי אַזוי פּטור צו ווערן
פון דער פרעמדער הערשאַפט; מיט דעם שטענדיק פאַרג-פּ-
טעטן געפיל פון האַס צו דעם ברוטאַלן איבער-האַר; לעבן
אין יענער פאַרהויקערטער שאָוויניסטישער פסיכישער אַטמאָס-
פער, וואָס לאָזט נישט צו קיין אַנדערע העכערע אויפגאַבן
אין לעבן, ווי נאָר די אויפגאַבע פון דער נאַציאָנאַלער באַ-
פרייאונג, — לאָמיר דאָס נישט ווינשן אַפילו דעם איצטיקן
ערגסטן שונא אונזערן, דעם פוילישן פאָלק.

ווי שווידערלעך די פוילישע פּערספּעקטיוו זאָל נישט
זיין פאַר אַזאַ פריי פאָלק, ווי די בעלגיער, איינס קאָן דאָך
ביי זיי נישט אוועקגענומען ווערן: זייער **לאַנד**, זייער
**היים. די פאַרבינדונג פון פאָלק און לאַנד**,—
דאָס קאָן אַפילו דער ברוטאַלסטער קריג נישט צעשטערן אין
בעלגיע; דאָס בלייבט נישט איבערגעשניטן אויך נאָך דעם
חורבן; דאָס איז אפשר דער איינציקער אוצר, וואָס די בעל-
גיער וועלן ראַטן פון דער שריפה.

אָבער דאָס, וואָס פאַר דעם בעלגיער איז די אונטערשטע
שורה פון דעם אומגליק, — דאָס גערעטעטע ביסל נאַציאָנאַלע
אָרעמקייט, וואָס באַשטייט אין דער פאַרבינדונג פון פאָלק און
לאַנד, דאָס איז דאָך פאַר דעם ציוניסט **דער שטאַפּל
פון זיינע שטרעבונגען**, יענע „בעסטע און היי-
ליקסטע האָפענונגען”, וועגן וועלכע הער דר. לעווין רעדט!

איך מאַך דערפון קיין פאָרוואורף נישט הערן דר. לעווין
און דעם ציוניזם און דערין ליגט נישט קיין ברעקל קריטיק
פון דעם ציוניסטישן אידעאַל. אויך מיין אידעאַל איז די
**פאַרבינדונג פון פאָלק און לאַנד**, די געפי-
נונג און געווינונג פון אַן **אייגענער היים** פאַר אונ-
זער פאַרוואָגלט פאָלק, צו וועלכער ער זאָל זיין צוגעבונדן
ווי דער פלאַק צו זיין פוילן, ווי דער בעלגיער צו זיין בעל-
גיע. אויך מיין נאַציאָנאַלער אידעאַל קאָן לעת עתה נישט גיין
ווייטער, איידער יענץ נאַציאָנאַל שטיקל טרוקן ברויט, וואָס
דער ערגסטער קבצן צווישן די פעלקער פאַרמאָגט נאָך: אַן

אייגן ווינקל, די אייגענע פיר ווענט, מען זאָל זיך נישט דאַרפן שלאָגן קאָפּ אָן דער וואַנט אין דער פרעמד.

אָט דאָס אייגענע ווינקל קאָן ביי די בעלגיער נישט אַוועקג׳נומען ווערן, בעת דער חורבן אין ארץ ישראל באַטייט אפשר, אַז די דאָרטיקע יידן וועלן זיך צו אַזאַ אייגן ווינקל קיינמאָל נישט דערשלאָגן.

האָט הער דר. ש. לעווין פון דעם שטאַנדפונקט, פון זיין אייגענעם ציוניסטישן שטאַנדפונקט, פאַרגליכן די קאַטאַס-טראָפע אין בעלגיע מיט דעם „דריטן חורבן״? — אויב ער האָט דאָס געטאָן, ווונדערט מיך באמת, ווי אַזוי ער קאָן זיי ביידען צושרייבן איין און דיזעלביקע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע באַדייטונג.

דער „דריטער חורבן״ באַטייט נישט קיין אַנדער זאַך, ווי די איבערשניידונג פון יענער פאַרבינדונג צווישן פאָלק און לאַנד, וואָס די בויער פון דעם יונגן ישוב האָבן געוואָלט באַשאַפן צווישן דעם יידישן פאָלק און דעם יידישן לאַנד. וואָס עס זאָל נישט זיין דער גורל פון די וויטערדיקע באַשטרע-בונגען אין דערזעלביקער ציוניסטישער ליניע, — מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם אין פאַרלויף פון אונזערע „חשבונות״ מיט הערן דר. ש. לעווין, — דערווייל אָבער האָט דע־ יידישער ישוב איבערגעלעבט אַ שניט אין זיינע „בעסטע און הייליקסטע האָפענונגען״, ווייל עס איז איבערגעשניטן דער פאַ-דעם, וואָס פאַרבינדט פאָלק און לאַנד.

דעריבער איז דער „דריטער חורבן״ אַ פיל שיקזאַל-שווערערע קאַטאַסטראָפע פאַר דעם ציוניזם, איידער די קאַטאַ-סטראָפע אין בעלגיע פאַר דאָס בעלגישע פאָלק, און אויב הער דר. ש. לעווין וועט קיין פאַריבל נישט האָבן אויף מיר, ווען איך וועל געברויכן די זעלביקע שאַרפע ריי״ה, וועלכע ער ווענדט אָן בנוגע צו מיר, וועל איך מיר נעמען די העזה צו זאָגן:

— עס איז אַ פאַרברעכן צו טרייבן אין אַזאַ צייט, ווי אונזערע, די פּאָליטיק פון דעם שטרויס-פויגל, — אַריינצו-

גראָבן דעם קאָפּ אין זאַמד און מיינען, אַז קיינער זעט נישט דאָס, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן.

נאָך אַ מאָל: דער „דריטער חורבן" איז נאָך נישט דער באַנקראָט פון דעם ציוניזם. אָבער ער איז אַ קאַטאַ־סטראָפע אין דעם ציוניזם און נישט נאָר גלאַט אַזוי זיך אַ מלחמה־אינצידענט, — אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס איר באַדייטונג מוז זייער ערנסט אונטערזוכט ווערן.

7־טן מערץ, 1915.

# דער ציוניזם און דער „נייער ישוב" אין ארץ-ישראל.

די „טיימס" פונם 9-טן מערץ האָט געבראַכט אַ דעפּעשע פון וואַשינגטאָן, וואָס דאַרף באַרואיקן אַלע די, וועלכע זענען געווען פאַרזאָרגט וועגן דער לאַגע פון די יידן אין ארץ ישראל.

די דעפּעשע גיט איבער אַן אָפיציעלע דערקלערונג, וואָס דער דייטשישער געזאַנדטער האָט געמאַכט וועגן דעם ענין. די דערקלערונג לייקנט נישט אָפּ יענע טרויעריקע באַריכטן, וואָס זענען פריער געווען געדרוקט. אויך די דעפּעשע פון אַלעקסאַנדריע וועגן די באַרבאַרישע גזירות, מיט וועלכע דזשעמאַל פּאַשאַ האָט צעשטערט דעם גאַנצן נייעם ישוב, ווערט נישט דעמענטירט, און לויט דעם אינהאַלט פון דער דערקלערונג קאָן מען אָננעמען, אַז אַלץ, וואָס עס איז געשטאַנען אין יענער דעפּעשע, איז געווען אמת.

די טרייסט ליגט אָבער אין דעם, וואָס יענע גזירות זענען, ווי דער דייטשישער געזאַנדטער פאַרזיכערט, געווען דיקטירט נישט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, נאָר „פון די לאָקאַלע מיליטערישע אויטאָריטעטן". דער שולדיקער באַאַמטער איז שוין צוריקגערופן געוואָרן, אַ נייע אַנטי-יידישע אַגיטאַציע אוממעגלעך געמאַכט, און מען לאָזט דורכבליקן די האָפענונג, אַז אַלץ, וואָס איז צעשטערט געוואָרן, „קאָן ווידער אינגאַנצן פאַרריכט ווערן".

אויף אַזוי ווייט, קאָן מען אָננעמען, אַז דער פאַקטישער אינצידענט פון דעם „דריטן חורבן" איז געענדיקט מיט אַ זיג פון עלעמענטאַרער מענטשלעכער גערעכטיקייט איבער דער באַרבאַריי און דעם ווילד-ווילן פון די טערקישע באַאַמטע.

דאָס האָט אָבער אַ ברעקל נישט צו טאָן מיט יענע פּרינציפּיעלע פראַגן, וואָס זענען אין אונזער פּרעסע אויפגע-

הויבן געוואָרן אין ענגער שייכות מיט דעם „דריטן חורבן״. זיי בלייבן באַשטיין, אַפילו ווען די אַלעקסאַנדריע-דעפּעשע, וואָס האָט זיי אַרויסגערופן, וואָלט שפּעטער אָפּגעלייקנט געוואָרן אויף דעם קאַטעגאָרישסטן אופן. עס איז דעריבער נאָך איצטער נישט פאַרשווונדן די נויטווענדיקייט אַריינצובריינגען קלאָרקייט אין זיי.

איך וועל מיך דאָ קודם אָפּשטעלן אויף יענעם געדאַנק, וועלכן הער דר. ש. לעווין האָט אויסגעדריקט אין זיינע אַרטיקלען אין דער „וואָרהייט״, אַז די נישט-ציוניסטן און די אַנטי-ציוניסטן האָבן קיין רעכט נישט געהאַט אַרויסצוטרעטן מיט „איכהס״ אויף דעם „דריטן חורבן״, ווייל עס זענען דאָ גענטערע און בילכערע מענטשן דערויף, — ער מיינט דערמיט די ציוניסטן.

ספּעציעל אין מיין פאַל לאָזט דער הער דאָקטאָר דורכבליקן, אַז מיינע „איכהס״ האָבן נישט געקאָנט זיין ערנסט געפילט, קשה איז אים דער פאַקט, וואָס איך האָב אַזוי לאַנג געוואַרט מיט מיינע התפּעלות פון דעם נייעם יידישן ישוב אין ארץ ישראל און האָב געפונען פאַר מעגלעך אַזוי פאַרבנרייך צו באַזינגען אים, ווען ער איז שוין געוואָרן צעשטערט.

אָבער אָט דער חשד בנוגע צו מיר פּערזענלעך איז אויסגעוואַקסן פון אַ לגמרי פאַלשער חנחה. הערן דר. לעווין האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך ווער נתפּעל פון דעם יידישן ישוב און אַז איך באַזינג דעם יידישן ישוב. לאָז ער אָבער נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם איבערלייענען מיינע אַרטיקלען און ער וועט געפינען, אַז דאָרטן איז נישטאָ קיין איין וואָרט פון לויב פאַר דעם נייעם ישוב. נתפּעל ווער איך דאָרטן נישט פון דעם, וואָס די מענטשן האָבן אויפגעטאָן, נאָר פון דעם טיפּ מענטש, וואָס איז זיך מוסר נפש פאַר זיין אידעאַל, — אַ טיפּ מענטש, וועלכן איך האָב אָנגעטראָפן דער עיקר צווישן די סאָציאַליסטישע אַרבעטער און דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ. זייערע ליידן, דער חורבן אין זייער נשמה,

איז געשטאַנען פאַר מיינע אויגן, בעת איך האָב געשריבן מיין אַרטיקל.

קאָנען אַזעלכע געפילן פון צער דערוועקט ווערן אויך אין דעם הארצן פון אַן אַנטי-ציוניסט ?

אַ קליינער ביישפּיל וועט אפשר לייכטער מאַכן צו פאַר- שטיין דעם ענין.

שטעלט אייך פאָר אַ ראַדיקאַלן אַטעאיסט, וואָס גלויבט מיטן גאַנצן הארצן, אַז אַלע רעליגיעס מיט זייערע קירכעס און סינאַגאָגעס זאָלן און מוזן ווען עס איז פאַרשווינדן ; שטעלט אייך פאָר, אַז אַ סך פריינט פון דעם אַטעאיסט האָבן, נישט קוקנדיק אויף זיין פּראָפּאַגאַנדע, גענומען מיט אַלע אַנדערע פרומע יידן מיט גרויס מסירת נפש בויען אַ שול ; שטעלט אייך ווייטער פאָר, באַרבאַרן זענען אָנגעפאַלן אויף איר און האָבן זי אונטערגעצונדן.

וואָס דאַרף דער אַטעאיסט פ י ל ן, בעת ער זעט, ווי דאָס פייער נעמט אַרום פון אַלע זייטן אַ שול, אין וועלכער עס געפינען זיך הייס-גלויבנדיקע מתפללים, וואָס האָבן אַוועקגע- געבן זייער לעבן פאַר איר אויפבוי ?

איך גלויב, אַז דעם הערן דאָקטאָר לעווין וועט זיך נישט לייגן אויפן שכל, אַז יענער אַטעאיסט וועט זיך פריידיק רייבן די הענט פון דער שמחה, וואָס ער האָט דערלעבט : סטייטש, עס גייט אַוועק מיט רויך נאָך אַ צענטער פון רע- אַקציע !

אויב הער דר. לעווין איז אַליין נישט קיין ענגער פאַ- נאַטיקער אין זיין גלויבן, וועט ער צוגעבן, אַז אַזאַ ענג-פאַ- נאַטישער אַטעאיסט וואָלט געווען אַ פשוטער שוטה, און אַז אַזעלכע פאַנאַטיש-אַטעאיסטישע שוטים זענען שוין מער אויף דער וועלט נישטאָ, אויב זיי זענען ווען עס איז געווען.

דער צער, וועלכן אַזאַ שריפה מוז אַרויסרופן, וואָלט אפשר דעם אַטעאיסט דורכגענומען אַ סך טיפער, איידער די שול-יידן גופא. און נישט דערויף וואָלט ער געקלאָגט, וואָס אַ שול ווערט צעשטערט, נאָר וואָס ווילדע הענט האָבן זי אָן אַ ברעקל רעכט און יושר אונטערגעצונדן און דורכדעם גע-

בראַכט אַזוי פיל אומפּאַרדינטע ליידן צו אומשולדיקע מענטשן בכלל; בפרט נאָך ווען פאַר יענע אומשולדיקע מענטשן האָט ער, ביי די גרעסטע חלוקי דעות מיט זיי, דעם גרעסטן רעס-פּעקט פאַר זייער טיפן און ריינעם גלויבן, דעם גרעסטן רעס-פּעקט פאַר זייער העראָאישער איבערגעגעבנקייט צו דעם אידעאַל.

מען קאָן דעריבער זיין אַקוראַט אַזאַ פּרינציפּיעלער קעגנער פון ציוניזם, ווי דער אַטעאיסט איז אַ קעגנער פון דעם גאָט-גלויבן, און פונדעסטוועגן זאָל איינעמס נשמה אויפ-געציטערט ווערן ביז צו אירע לעצטע יסודות, ווען זי טראַכט זיך אַריין אין דעם חושך, וועלכן דער חורבן האָט געמוזט אַריינטראָגן אין די הערצער פון מענטשן, וואָס זענען אים באמת ליב.

און מוזן דען די אַנטי-ציוניסטן זיין אַקוראַט אַזעלכע קעגנער פון אַ יידישן ישוב אין ארץ ישראל, ווי דער אַטע-איסט איז אַ קעגנער פון בויען אַ שול? אויך דאָס נישט! ציוניזם און דער נייער ישוב אין ארץ ישראל זענען צוויי פאַרשיידענע זאַכן, וואָס האָבן זיך נאָר אין דעם מאָדערנעם ציוניסטישן געדאַנק צונויפגעגאָסן אינאיינעם.

עס זענען נאָך עד היום דאָ ציוניסטן, — כ'לעבן, אַקו-ראַט אַזעלכע ערנסטע, ווי דאָס רוב אַנדערע, — וואָס גלויבן נישט אין דעם נייעם ישוב און דערוואַרטן פון אים גאָרנישט פאַר דעם ציוניסטישן אידעאַל. דאָס זענען די עקסטרעמע פּאָ-ליטיקער, די עקסטרעמע הערצליאַנער. צוריק, זענען דאָ אַ סך יידן אין דעם נייעם ישוב, וואָס זענען שאַרפע קעגנער פון דעם ציוניסטישן געדאַנק, ווייל זיי גלויבן בשום אופן נישט, אַז דער ציוניזם זאָל ווען עס איז מקוים ווערן אין אַזאַ מאָס, אַז ער זאָל ברענגען אַ וועלכע עס איז ערנסטע הילף דעם גאַנצן יידישן פאָלק. זיי ווינען אין ארץ ישראל און ליבן ארץ ישראל, ווי מיר ווינען אין אַמעריקע און ליבן אַמעריקע; אָדער ווייל מיר זענען דאָ געבוירן געוואָרן, אָדער ווייל דער עמיגראַציע-שטראָם האָט אונז אַהער פאַרטראָגן.

אַ גרויסער טייל פון דעם נייעם ישוב באַשטייט (אָדער ריכטיקער: איז באַשטאַנען) פון יענע טראָפּנס, וועלכע זענען

פון דעם עמיגראַציע-שטראָם נאָך דערפאַר פאַרשפּריצט גע-וואָרן קיין ארץ ישראל, וואָס פון אָדעס קיין יפו קאָסט נישט מער, ווי דרייצן רובל. די ציוניסטן זענען מיט זיי זייער צו-פרידן און נישט איין מאָל איז מיר אין ארץ ישראל אויסגע-קומען צו הערן דעם אַפאָריזם, אַז דער אידעאַל וועט ערשט דעמאָלט מקוים ווערן, ווען די נ י ש ט-ציוניסטן וועלן אָנהויבן קומען אין מאַסן אַהין.

על כל פנים קאָן קיין אַנטי-ציוניסט נישט אָפּלייקענען דעם פאַקט, אַז פּאַלעסטינע איז איינע פון די ג ל ו ת-ל ע נ-ד ע ר, וווהין אַ געוויסע, — דערווייל זייער קליינע, — צאָל יידן קאָנען פאָרן זוכן זייער חיונה. און מיר דוכט, אַז די, וואָס קוקן אויף ארץ ישראל, ווי אויף אַ גלות-לאַנד, און אויף דעם נייעם ישוב, ווי אויף אַ געוויינלעכן פאַקט פון דער יידי-שער עמיגראַציע, קאָנען נאָך מער זיין פאַראינטערעסירט אין די טאָג-טעגלעכע אינטערעסן פון דעם דאָרטיקן יידישן לעבן, איידער די, וואָס זעען אין איס דעם אָנהויב פון דער גאולה.

פאַר דעם ציוניסט קאָן אַ מאָל אויסוואַקסן דער נסיון, — און הלואי זאָל ער נישט אויסוואַקסן, ווי ער וואַקסט אויס, — מקריב צו זיין די טאָג-טעגלעכע אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג, — דער עיקר די אינטערעסן פון דער אַרבע-טערשאַפט, — צוליב דער גרויסער צוקונפט, וואָס מען דערוואַרט פון דעם ישוב. אַזעלכע קרבנות ווערן זייער אָפט פאַרלאַנגט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, און פון דעם המון איבער-הויפּט, סיי אין דעם סאָציאַלן, סיי אין דעם קולטורעלן פּרט, ווייל פאַר דעם ציוניסט איז דער איצטיקער ישוב נישט מער ווי אַ מיטל צו דעם צוקונפטיקן צוועק.

פאַר דעם גלות-נאַציאָנאַליסט איז אָבער דער ישוב אין ארץ-ישראל אַ זעלבסט-צוועק, — אין דעמזעלביקן זין אַ זעלבסט-צוועק, ווי „דער נייער ישוב" אין קאָפּענהאַגען און אין באַ-זעל. אומעטום וווּ יידן זענען געצוווּנגען צו וווינען, דאַרף דער גלות-נאַציאָנאַליסט זען, אַז זיי זאָלן פירן אַ וואָס בעסער חשובער יידיש-מענטשלעך לעבן, אַז זיי זאָלן וואָס פולער קאָנען באַפרידיקן זייערע עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַלע און קולטו-

רעלע אינטערעסן: אין ירושלים אַזוי גוט ווי אין קאָפּענהאַ-
גען, אין יפו אַזוי גוט ווי אין ראָטערדאַם.

דער פּועל-יוצא פון די אַלע רייד איז, אַז מיר קאָנען
נישט אוועקגעבן ארץ-ישראל אין פּריוואַט-אייגנטום צו די
ציוניסטן. ארץ ישראל איז אַקוראַט אַזוי אונזער לאַנד, ווי
זייערס, — אין דעראמתן, דערווייל: נישט אונזערס און נישט
זייערס, — און אין אונזער שטעלונג צו די שיקזאַלן פון דער
יידישער באַפעלקערונג אין ארץ-ישראל זענען מיר נישט מחויב
צו רעכענען זיך מיט זייערע בליקן.

און נאָך ווייניקער דאַרפן מיר בײַ וועמען עס איז פרעגן
אַ הסכמה, ווען אונז ווילט זיך אויסדריקן די אָדער יענע גע-
פילן אונזערע בנוגע צו דעם לאַנד אָדער בנוגע צו אונזערע
ברידער, וואָס ווינען דאָרטן.

13-טן מערץ, 1915.

# פארשיידענע ציוניזמען.

זינט דר. הערצלס טויט און זינט דער משארטער-געדאנק האט פארלארן יעדע באדייטונג פאר דער אוממיטלבארער פראק-טישער ארבעט, איז דער ציוניזם זיך טעארעטיש פאנאנדער-געגאנגען אין פארשיידענע ריכטונגען, וואס האבן א גאנץ פארשיידענעם ווערט אין אונזער עפענטלעכן לעבן און וואס מוזן לפי דעם ארויסרופן א גאנץ פארשיידענע שטעלונג צו זיך.

נישט אלע יענע ריכטונגען האבן געפונען זייער קלארן אויסדרוק און טעארעטישע באגרינדונג אין דער ציוניסטישער ליטעראטור. מיט מאנכע פון זיי קאן מען באקאנט ווערן נאר אויס פערזענלעכע אונטעררעדונגען מיט זייערע טרעגער.

עס איז מיר אויסגעקומען צונויפצושטויסן זיך אין לעבן מיט א פאר פארטרעטער פון א ציוניסטישער ריכטונג, וועלכע איך וואלט א נאמען געגעבן „אינדיווידואליסטישע חבת ציון״.

מיט איינעם אזא אינדיווידואליסטישן פאלעסטינאפיל האב איך א מאל געהאט א לענגער געשפרעך, אין וועלכן איך האב ארויסגעזאגט א סך פון יענע ארגומענטן, וועלכע מיר שטעלן ארויס אנטקעגן דעם ציוניזם. נאך אויף אלע מיינע ארגומענטן האב איך צום סוף באקומען אזא מין ענטפער, וואס האט ארויסגעשלאגן אלע כלי-זין פון מיינע הענט, ווייניקסטנס אין אונזער פערזענלעכן ויכוח.

— עס קאן זיין, — האט מיר געזאגט מיין קעגנער, — אז איר זענט אין אלע פונקטן גערעכט. אבער צו מ י ר האט דאס קיין ברעקל שייכות נישט. איך ליב ארץ-ישראל און האב ליב העברעאיש; וווין איך אין ירושלים און זע, איך זאל קאנען רעדן א שיינעם העברעאיש.

וואס קאן מען האבן צו אזא „ציוניזם״? ווער קאן האבן די חוצפה איינעם אויפצוווייזן, וואס פאר א לאנד מען ז א ל

ליבן און אין וואָס פאַר אַ שפּראַך זיין נשמה זאָל זיך
פילן אין דער היים?

דאָס זענען אינדיווידועלע, אינטימע איבערלעבונגען, ריי-
נע פּריוואַט-זאַכן, אין וועלכע קיין מענטש פון דער פרעמד
האָט קיין רעכט נישט אריינצומישן זיך. אַ קאַמף אַנטקעגן אַזאַ
ציוניזם וואָלט, ערשטנס, געווען אַ פאַרברעכן, ווייל ער וואָלט
אָנגעגריפן די הייליקסטע רעכט פון דעם אינדיווידואום, אַליין
אויסצוקלייבן זיך זיין געליבטע; צווייטנס, וואָלט דער קאַמף
געווען פּרוכטלאָז, ווייל אַלע אייערע פיילן וואָלטן זיך אָראָפּ-
געגליטשט פון דעם שטאָלענעם פּאַנצער: „איך ליב!" — און
דריטנס, וואָלט ער געווען לחלוטין איבערפליסיק, ווייל ווּעמען
קאָן אַ פּריוואַט-ליבע צו אַ באַשטימטן לאַנד און צו אַ באַ-
שטימטער שפּראַך אָנטאָן דעם מינדסטן שאָדן?

און ווען אַזאַ אינדיווידואַליסטישע „חבת ציון ועברית"
איז פאַרבונדן, — ווי דאָס דאַרף על פּי שכל זיין ביי אירע איידל-
סטע פאַרטרעטער, — מיט אַן אמתן געפיל פון טאָלעראַנץ צו
די אַנדערע, וואָס האָבן געשווירן טרייהייט צו אַנדערע „גע-
ליבטע", איז דעמאָלט קאָן מען גאָרנישט האָבן צו איר, נאָר
זי קאָן איינעם נאָך דערשיינען אין אַ גאַנץ סימפּאַטישן ליכט.

אַן אינדיווידואַליסטישער פּאַלעסטינאָפיל האָט איבערהויפּט
נישט קיין פּרעטענזיעס צו פאַרענטפערן וועלכע עס איז כלל-
פראַגן פון דעם יידישן לעבן. ער פאַרענטפערט זיין אייגענע
יידישע פראַגע, לויט די פאָדערונגען פון זיין אייגענעם
האַרצנס-באַגער, און לאָזט איבער פאַר די פּאָליטיקער און
כלל-טוערס, זיי זאָלן זיך זאָרגן, ווי זיי פאַרשטייען, פאַר דער
טובה פון דעם כלל. זיין אייגענער פּריוואַט-ציוניזם דיקטירט
אים נישט קיין שום שטעלונג צו די גרויסע צוקונפטס-פּראָבּ-
לעמען פון יענע יידן, וואָס קאָנען נישט אָדער ווילן נישט
לעבן אין ארץ-ישראל, וואָס קאָנען נישט אָדער ווילן נישט
באַטראַכטן העברעאיש פאַר זייער שפּראַך. ער קאָן שענקען
זיין סימפּאַטיע דעם אַסימילאַטאָר אָדער דעם יידישיסטישן
גלות-נאַציאָנאַליסט, אָדער אפילו דעם טעריטאָריאַליסט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אין לעבן איז זייער זעלטן אַנ-

צוטרעפן אזא „פריוואט-ציוניסט״ אין זיין גאנצער עקסטרעמער אויסגעהאלטנקייט. ריינער אינדיווידואליזם, פארבונדן מיט דער קאנסערוואטיווער טאלעראנץ, איז א מדה, וואס איז א יקר מציאות ביי דעם יידישן פאלק. אונזער כאראקטער איז צו פאנאטיש און צו סאציאל, מיר גלויבן צו טיף אין דעם אבסאלוטן אמת פון אונזערע געדאנקען, מיר זאלן זיך קאנען פארשטעלן, אז דער אנדערער מעג על פי שכל און אויך על פי יושר קומען צו רעזולטאטן, וואס זענען פונקט קאפויר פון אונזערע. און מיר זענען צו פאראינטערעסירט אין דעם אנדערן, אין זיין לעבן און אין זיין גלויבן, מיר זאלן אים מתיר זיין, צו זוכן זיין ישועה אויף זיין אייגענעם פאסאן.

דאס רוב פון די פריוואט-ציוניסטן וועט דעריבער פאנאטיזירן וועגן דעם, ווי אזוי אלע יידן זאלן אנטדעקן אין זיך דיזעלביקע ליבע צו ארץ-ישראל און העברעאיש, און וועלן אקוראט אזוי ווי זיי, יעדערער פאר זיך אדער אין פרייוואטע פאראיינען פון גלייך געשטימטע ציונאפילן, זען צו באזעצן זיך אין דעם זיי טייערן לאנד, און זיך ארומרינגלען מיט דערזעלביקער קולטור-אטמאספער אין העברעאיש, און דערפון וועט ממילא אויסוואקסן די ישועה פארן גאנצן פאלק.

דער פריוואט-ציוניסט וועט אבער, ביי אלע זיינע פארבנרייכסטע פאנטאזיעס, נישט אוועקשטעלן דעם ציוניזם, ווי אן עפנטלעכע יידישע אנגעלעגנהייט, ווי א חוב פאר יעדן יידן, אדער לפחות פאר יעדן נאציאנאל-געזינטן יידן, וואס זוכט אן אויסוועג פאר דער גאנצער אומה. העכסטנס וועט ער זיך צו די גלות-יידן און זייערע פראבלעמען פארהאלטן אינדיפערענט אדער פיינטלעך נייטראל.

— ווייסט איר, וואס איך וועל אייך זאגן? — האט געזאגט צו מיר א יונגער ארבעטער אין ארץ-ישראל אין א געשפרעך וועגן די פראבלעמען פון אונזער גלות-לעבן: פון מיינעטוועגן מעגן זיי אלע דארטן פארברענט ווערן, אט די אלע, וואס ווילן נישט קומען אהער.

און אט דער ארבעטער איז באוווסטערהייט געווען א „פריוואט-ציוניסט״, וואס האט אויך, ווי יענער באקאנטער מיי-

נער פון ירושלים, אויף אַלע אַנטי-ציוניסטישע טענות געהאַט איין ענטפער: דאָס קערט זיך נישט אָן מיט מיר. איך פאַר-ענטפער פאַר מיר פערזענלעך מיין אייגענע „יידן-פראַגע“, און זאָלן זיך די אַנדערע שלאָגן קאָפּ אָן דער וואַנט.

עס איז אַן אומגעהייער-גרויסער מהלך צווישן אָט דעם „פּריוואַט-ציוניזם“, ווי מען קאָן אים אָנרופן, ביז צו יענעם „אמתן“ ציוניזם, וואָס שטעלט אַוועק זיין אידעאַל אין דעם צענטער פון אַלע אונזערע קהלשע ענינים, וואָס וויל פאַרנע-מען דאָס אָרט פון אַלע אַנדערע ענטפערס אויף אונזער נאַ-ציאָנאַלן פּראָבלעם, אָדער, צום ווייניקסטן, פאַרנעמען צווישן זיי דעם אויבנאָן. דער גרויסער מהלך ווערט אויסגעפילט פון אַלערליי אַרטן ציוניסטישן געדאַנק, אָנגעהויבן מיט דעם פּריוואַט-ציוניסטישן אַמאַטאָרן-ספּאָרט פון אַן אַמעריקאַנער מיליאָנער ביז צו דעם קבוץ-גליות-ציוניזם, וואָס האָפט, אַז אַלע יידן וועלן זיך ווען עס איז פאַרייניקן אין זייער אַלטער היסטאָ-רישער היים.

ווי פאַרשיידן די אַלע ריכטונגען זאָלן נישט זיין, ווערן זיי אָבער איצטער אַלע ארומגענומען מיט איין-איינציקן פּ ר אַ ק ט י ש ן פּראָגראַם, וואָס קאָן אויסגעדריקט ווערן מיט איין וואָרט: „ב ו י ע ן ד ע ם י ש ו ב“, — קאָלאָניזירן ארץ ישראל, נישט וואַרטנדיק אויף קיין טשאַרטערס און זיך נישט אָפּשרעקן פאַר דער טערקישער הערשאַפט, און קיינער קאָן נישט לייקענען, אַז די באמת קאָלאָסאַלע דערפאָלגן, וואָס דער ציוניזם האָט געהאַט אין די לעצטע פּאָר יאָר אין דעם עפנט-לעכן באַוווסטזיין פון אונזער פאָלק, — דער עיקר ביי די קליין-בירגערלעכע עלעמענטן, — האָט ער געהאַט צו פאַר-דאַנקען דעם פאַקט, וואָס דער ישוב אין ארץ ישראל האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן.

עס מאַכט נישט אויס, וואָס זיין וואַקסן דאַרף געמאָסטן ווערן מיט דער מאָס פון אַ פינגער-ברייט; עס מאַכט נישט אויס, וואָס זיין סאָציאַל-עקאָנאָמישער שטח איז נאָך עד היום אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן; וואָס פילעס אין דעם שטח האָט נאָך דעם ווערט פון אַן ערשטן עקספּערימענט, וועמעס גורל

עס קאָן נאָך מיט זיכערקייט נישט באַשטימט ווערן: דער פאַקט אַליין, אַז ס'איז דאָ אַ מאָדערנער יידישער ישוב אין ארץ ישראל. אַז ער ווערט פון יאָר צו יאָר נישט קלענער, נאָר גרעסער, האָט באַפרידיקט אויב נישט אַלע ריכטונגען אין דעם ציוניזם, איז די מערסטע און די וויכטיקסטע פון זיי. מחוץ למחנה פון די אָפּטימיסטן איז געבליבן נאָך אַ קליין הייפעלע הערצליאַנער, ריינע פּאָליטיקער, וואָס האָבן בשום אופן נישט געקאָנט איינזען, ווי אַזוי מען קאָן דעם גראַנדיעזן אידעאַל פון דער יידישער נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אויפלעבונג איינפונדע-ווען אויף דעם וואַקלדיקן שטח פון אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן.

אָבער אַ חוץ אָט דעם קליינעם הייפעלע אומצופרידענע, האָט דער גאַנצער ציוניסטישער עולם נישט געקאָנט האָבן קיין אַנדערע געפילן צו דעם נייעם ישוב, ווי נאָר די געפילן פון דעם העכסטן ענטוזיאַזם.

פון דעם אינדיווידואַליסטישן פּריוואַט-ציוניסט איז דאָך אָפּגערעדט: מיט יעדן ניי-צוגעקומענעם מאָדערנעם יידן קומט פאַר אים צו אַן „אח לחדוה", וואָס מאַכט לייכטער דאָס אויס-לעבן זיך פון דער יידישער נשמה. דער אחד-העמיסט, פאַר וועמען עס איז גענוג אַ פּאָר צענדליק טויזנט יידישע פּריצים („בועזים") אין ארץ ישראל, זיין „קולטור-צענטר" זאָל האָבן דעם נויטיקן סאָציאַל-עקאָנאָמישן באַזיס אונטער זיך, דאַרף אויך נישט שטאַרק אָנשטרענגען זיין פאַנטאַזיע, כּדי צו דער-בליקן אין דער נאָענטער צוקונפט די פאַרווירקלעכונג פון זיין אידעאַל. און אַפילו דער נאַציאָנאַל-פּאָליטישער ציוניסט, וואָס וויל גאָרנישט אָנהויבן צו רעכענען מיט ווייניקער, איידער מיט אַ פּאָר מיליאָן יידן אין ארץ ישראל, — אַפילו ער, זאָג איך, קאָן אויך, — לכל הפּחות, אין דעם לאָגישן חשבון, — לייכט אויפבויען אַ בריק צווישן דעם איצטיקן שפּאַן אויף אַ שפּאַן-ישוב און דעם צוקונפטיקן יידישן מיליאָנען-פאָלק אין ארץ ישראל.

ביז צו דעם קריג האָט אָט די אַלגעמיינע קליין-קאָלאָני-זאַציע-אידיליע פון קיין זייט נישט געקאָנט זיין געשטערט, —

סיידן פון דעם קעגנער. אָבער ווער איז דאָס באמת מחויב צו צוהערן זיך צו די רייד פון אַ קעגנער?

דער איצטיקער קריג, מיט דזשעמאַל-פּאַשאַס אַנטי-ציוניסטישע עקספּערימענטן, — אַפילו ווען אַלץ, וואָס ער האָט צעשטערט, זאָל ווידער גוט געמאַכט ווערן, — וועט אָבער מוזן אַריינטראָגן אַ דיסהאַרמאָניע אין דער שטעלונג פון דעם ציוניסטישן געדאַנק צו דעם וועג פון קליין-קאָלאָניזאַציע.

פאַר די „פּריוואַט-ציוניסטן" און די אחד-העמיסטן, פאַר וועמען אַ העברעאיש לעבן אין ארץ-ישראל, — עס מאַכט נישט אויס פאַר וויפל יידן, — איז דער עיקר אין די פאַר-ענטפערונג פון דער יידן-פראַגע — אַ מהיכא-תיתי-זאַך, איז די קאַטאַסטראָפע פון דעם „דריטן חורבן" נישט מער ווי אַ צייטווייליקער אומגליק. נאָך אַ ביסל מער מסירת-נפש, און מען וועט ווידער האָבן די פאַר מנינים יידן, וואָס זענען נויטיק פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דעם אידעאַל.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער מיט די נאַציאָנאַל-פּאָליטישע ציוניסטן, וואָס טרוימען וועגן אַ יידישער פאַר מיליאָנען-באַפעלקערונג. זיי האָבן איצטער די פליכט, זיך ערנסט אָוועקצושטעלן די פראַגע, צי איז זייער לאָגישער חשבון נישט אינגאַנצן צעשטערט געוואָרן, אַ דאַנק די לעצטע פּאַסירונגען אין דעם יידישן ישוב.

13-טן מערץ, 1915.

# די קליין-קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל און איר פּאָליטישע באַדייטונג.

ווי דאָס רוב ציוניסטן, גלויבט אויך הער דר. ש. לע-ווין, אַז די קליין-קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל אונטער דער טערקישער איבערהערשאַפט וועט פירן צו דער פאַרווירקליכונג פון דעם ציוניסטישן אידעאַל.

דאָס הייסט: דר. לעווין זאָגט זיך נישט אָפּ אינגאַנצן פון דעם טשאַרטער-געדאַנק. ער גיט צו, אַז כּדי ארץ ישראל זאָל ווערן אונזער „עפענטליך-רעכטליך" גאַראַנטירטע היים, דאַרף מען דערצו האָבן דעם הסכם פון יענע מדינות, וואָס האָבן אַ רעכט אַריינצוזאָגן אַ דעה וועגן דעם. ער פרעגט נאָר: אויף וואָס קוקנדיק וועט מען נעמען און אַוועקגעבן יידן פּאַלעסטינע? ווייל דאָס איז אַמאָל געווען אונזער לאַנד? אָבער היסטאָרישע רעכט האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט צו שפּילן אַ ראָלע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

הער דר. לעווין איז דעריבער זייער גערעכט, ווען ער פאַרלאַנגט, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל אויפווייזן ממשותדיקערע זכיות, איידער היסטאָרישע מעמוארן, אויב מיר ווילן, אַז ארץ ישראל זאָל אומגעקערט ווערן צו אונז. אָט די „ממשותדיקע זכיות" גיט אונז, מיינט הער דר. לעווין, די קליין-קאָלאָניזאַציע. און נישט נאָר דאַרף דער נייער ישוב ערשט באַשאַפן זיי: — ער האָט שוין אין דעם פּרט אויפגעטאָן אַלץ, וואָס מען דאַרף.

כּדי די מדינות זאָלן קאָנען געבן אונז דעם הסכם, מיר זאָלן ווידער ווערן די באַלעבאַטים פון ארץ ישראל, האָבן מיר געדאַרפט טאָן נאָך איין זאַך: אָפּגעבן אַן עקזאַמען, באַווייזן, אַז מיר קאָנען בויען אַ לאַנד. דעם עקזאַמען האָט דער נייער יידישער ישוב גלענצנדיק אויסגעהאַלטן. די

יידישע פּיאָנערן-אַרבעט האָט באַוויזן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז מיר „יכולן", און דעריבער זעען מיר טאַקע, אַז אין דער איצטיקער צייט ווערט דער ציוניסטישער געדאַנק אַלץ מער און מער פּאָפּולער ביי די מדינות.

דאָס איז אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע טעאָריע וועגן דער פּאָליטישער באַדייטונג פון דער קליין-קאָלאָניזאַציע, ליידער אָבער איז זי אויפגעשטעלט אויף אַ זייער שוואַכן פונדאַמענט.

עס איז לייכט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי הער דר. לעווין איז געקומען צום שלוס, אַז, כּדי צו האָבן אַ רעכט אויף אַן אייגן לאַנד, דאַרפן מיר פריער אויסהאַלטן אַ פּיאָנערן-עקזאַמען. מיר אַלע זענען געוווינט צו הערן פון אַלע זייטן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז נישט אַ פּיאָנערן-פאָלק, אַז עס קאָן נאָר לעבן פונם גרייטן, אַז עס מוז תּמיד זיצן אויף ווע־מעס עס איז אַקסלען. אַזאַ פאָלק ווערט מען נישט לייכט פאַרטרויען די אויפגאַבע אויפצובויען אַ לאַנד. מיר מוזן פריער באַווייזן, אַז מיר זענען מסוגל דאָס צו טאָן מיט די אייגענע הענט.

דער טעות, וואָס הער דר. לעווין מאַכט דערביי, באַשטייט אין דעם, וואָס ער מיינט, אַז אַזוי דענקען אויך די פעלקער וועגן אונז. אין דער אמתן אָבער איז אָט דער געדאַנק נישט מער ווי אַ בלבול, אויסגעטראַכט פון יידן אויף יידן, — אַ בלבול, אין וועלכן די אומות העולם זענען אַ ברעקל נישט שולדיק. אפילו די גיפטיקסטע אַנטיסעמיטן טייטשן דאָ דעם „איני יכול" גאַנץ אַנדערש אויס. „איני יכול", זאָגן זיי, איז דאָ נישט דער טייטש: „ער קאָן נישט", נאָר: „ער וויל נישט, דער צעלאָזענער מענטש!" דער ייד וואָלט שוין מיט זיין ענערגיע, זיין איינגעהאַלטנקייט און זיין שכל זיך יאָ געקאָנט נעמען פאַר דער אַגראַר-ווירטשאַפט, דעם ערשטן באַדינג פאַר קולטיווירן און אויפבויען אַ לאַנד. די צרה איז, וואָס אים ליגט נאָר אין זינען דער שאַכער-מאַכער, דער לייכטער ריוח, דאָס שנעל נתעשר ווערן אויף דעם חשבון פון פרעמדע אַרבעט.

די נישט-אַנטיסעמיטן פאַרשטייען דעריבער גאַנץ גוט, אַז

אויב קלוגע, אַרבעטזאַמע און ניכטערע יידן נעמען זיך אונטער צו באַבויען אַ מדבר, קאָן מען זיך אויף זיי אפשר נאָך מער פאַרלאָזן, איידער אויף די קינדער פון אַ וועלכן עס איז אַנדער פאָלק, וועמעס גאַנצע גבורה עס באַשטייט נישט מער ווי אין די דאָרף-טראַדיציעס פון דער היים און אין די שטאַרקע מוסקולן. זיי פאַרשטייען, אַז אין דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען שכלדיקע וויסנשאַפט און טעכניק דאַרפן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון היימישע דאָרף-טראַדיציעס און די מאַשין דאַרף טאָן די אַרבעט פון מענטשלעכע מוסקולן, מוז דער ייד זיין אַ בעסערער פּיאָנער, איידער דער געזינטסטער פויער פון וועלכן פאָלק איר ווילט.

על-כל-פּנים קאָן קיינעם נישט אַרויף אויפן זין, צו פאַרלאַנגען אַן „עקזאַמען" פון אונז. די בעסטע ראיה דערצו איז דער פאַקט, וואָס ענגלאַנד האָט אונז פאָרגעשלאָגן אוגאַנדע און שפּאַניע האָט אונז געוואָלט אָפּטרעטן אַנגאָלע. און ביידע רעגירונגען האָבן פון אונז קיין עקזאַמען נישט געפאָדערט.

און וואָלטן די רעגירונגען געפאָדערט פון אונז אַזאַ עקזאַמען, וואָלטן מיר אויך אין דעם פּרט געקאָנט אויסקומען אָן יענע גבורות, וואָס דער יידישער ישוב האָט באַוויזן אין ארץ-ישראל. מיר וואָלטן געקאָנט מיט אַ סך אַ בעסער רעכט אָנווייזן אויף אונזער אַגריקולטור-טעטיקייט אין רוסלאַנד, אַרגענטינע און אַמעריקע, — ווו מיר האָבן מיט אַ סך ווייניקער הוצאות דערגרייכט אַ סך וויכטיקערע רעזולטאַטן.

אין יענע דריי לענדער באַשעפטיקן זיך פיל מער יידן מיט לאַנדווירטשאַפט, זיי האָבן דאָרטן אַ פיל גרעסערן שטח לאַנד, און — וואָס פון דעם „עקזאַמען-שטאַנדפּונקט" איז נאָך וויכטיקער פאַר אַלץ: די אַגראַר-ישובים אין יענע גלות-לענדער זענען אויפגעבויט דאָס רוב מיט די אייגענע יידישע הענט, בעת דער אַגראַר-ישוב אין ארץ-ישראל איז אויסגעבויט דאָס רוב מיט די הענט פון די אַראַבער.

עס איז מערקווירדיק, וואָס הער דר. לעווין האָט אין זיינע באַטראַכטונגען וועגן דער פּאָליטישער באַדייטונג פון דער קליין-קאָלאָניזאַציע אַוועקגעלייגט אַזוי פיל וואָג אויף דעם

אַבסאָלוט-פּאַלשן, נאָך מער: קינדיש-נאַאיווען עקזאַמען-געדאַנק, בעת ער האָט מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט יענעם ערנסטן פּונקט, וואָס האָט באמת געשפּילט אַ ראָלע אין דער פּאַרטיי-דיקונג פון דעם נייעם וועג: די קליין-קאָלאָניזאַציע האָט באַדאַרפט ביסלעכווייז אַריבערפּעקלען קיין ארץ-ישראל אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג, וואָס זאָל פרידלעך איינ-נעמען און באַבויען דאָס לאַנד. וואָלט זיך דאָס דעם יידישן פאָלק איינגעגעבן, וואָלט עס זיך דעמאָלט אויף אַ גאַנץ פשוטן און קלאָרן אופן געקאָנט פאַרענטפערן די שאלה וועגן אונזערע „ממשותדיקע זכיות". מיר וואָלטן דעמאָלט געהאַט אַ רעכט אויף דאָס לאַנד, ווייל מיר וווינען דאָרטן, ווייל מיר האָבן עס געבויט מיט אונזערע הענט, ווייל מיר זענען דאָרטן די מאַיאָריטעט.

די האָפענונג איז טאַקע באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַ דריי פערטל מיליאָן ביז אַ מיליאָן יידן קאָנען שוין פאַר-וואַנדלען די אַראַבער אין אַ מינאָריטעט און מאַכן אונז פאַר די פאַקטישע באַלעבאַטים און באַזיצער פון ארץ ישראל: און קוים זענען מיר דע-פאַקטאָ די באַזיצער פון דעם לאַנד, וואָלט שוין די ענערגישע פּאָליטישע טעטיקייט געפונען מיטלען, ווי אַזוי רעכטלעך צו גאַראַנטירן דאָס, וואָס איז שוין פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דעם לעבן. אָט דער מאָטיוו און נישט קיין אַנדערער האָט געקאָנט געבן דער קליין-קאָלאָניזאַ-ציע אַ וויכטיקע פּאָליטישע באַדייטונג.

איך וועל מיר איצטער נישט אַריינלאָזן אין דער פראַ-גע, צי אַזאַ עמיגראַציע קיין ארץ ישראל, וואָס זאָל אונז מאַכן פאַר אַ מאַיאָריטעט אין דעם לאַנד, וואָלט בכלל געווען מעגלעך, אַפילו ווען יידן זאָלן וועלן פאָרן אַהין. איצטער איז פאַר אונז וויכטיק צו האָבן אין זינען, אַז די קליין-קאָ-לאָניזאַציע קאָן נאָר דעמאָלט האָבן אַ פּאָליטישע באַדייטונג, ווען יידן זאָלן פאָרן אַהין און וועלן זיך דאָרטן באַזעצן: און נישט דווקא יידן-ציוניסטן, יידן-ראָמאַנטיקער, יידן-העלדן, וואָס גייען אויף קידוש השם. די העלדן דאַרפן נאָר זיין דער אוואַנ-

גאַרד, די „חלוצים", די וואָס וויזן דעם וועג, די הויפּט-אַר-מיי — און דאָס טאָר מען נישט אַרויסלאָזן פון אויג — דאַרף באַשטיין פון דעם מיטעלערן מענטשן, פון וועמען מען קאָן נישט פאַרלאַנגען קיין מסירת נפש, פון יענע מאַסן, וועל-כע פאָרן, — לאָז זיין אונטער דער שליטה פון דער ציוניס-טישער אידעע, — אָבער דער עיקר מיט יענעם ציל אין זינען, אַז זיי וועלן דאָרטן, אמת, קיין גרויסע גליקן נישט כאַפּן, אָבער דערפאַר וועלן זיי זיין פאַרזאָרגט מיט אַ ר ו א י ק ן, ז י פ ע ר ן, חשובן לעבן.

אָט אויף די מענטשן האָט מען געהאָפט און נאָר אין דער האָפענונג איז באַשטאַנען די פּאָליטישע באַדייטונג פון דער קליין-קאָלאָניזאַציע. אָבער אָט די האָפענונג איז גראָד איבערגעשניטן געוואָרן דורך דעם איצטיקן קריג און דורך די עפּיזאָדן, וואָס האָבן זיך אין דער לעצטער צייט אָפּגעשפּילט אין ארץ ישראל.

ווער פון די, וואָס זוכן אַ ר ו א י ק און ז י כ ע ר לעבן אין ארץ-ישראל, וועט זיך קאָנען פאַרטרויען צו פאָרן אַהין, אויב דער טערק וועט ווייטער בלייבן דער באַלעבאָס אין דעם לאַנד? וועלכע חניפותדיקע מה-יפית-לידער די אָפּי-ציעלע ציוניסטן-פירער זאָלן נישט זינגען דעם טערק, — די גאַנצע וועלט וויים גאַנץ גוט, אַז ער איז נאָך אַ באַרבאַר און אַז זיין מלוכה קאָן נאָך נישט גאַראַנטירן אַפילו יענע זי-כערקייט פון לעבן און אייגנס, וועלכע מיר געפינען אין רוס-לאַנד.

די איינציקע שמירה אַנטקעגן דעם טערקישן ווילד-ווילן איז געווען די מאַכט פון דעם אויסלענדישן קאָנסול. מיט דעם איצטיקן קריג האָט זיך דאָס איבערגעביטן: די טערקיי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאָנטראָל פון די פרעמדע מדינות און פאַרלאַנגט פון די יידן, זיי זאָלן ווערן אָטאָמאַ-נישע אונטערטאַנען.

דאָס אַליין גראָבט אונטער די האָפענונג אויף אַ לפּי-ערך גרעסערע מאַסן-עמיגראַציע קיין ארץ-ישראל. עס קאָן זיך פּשוט נישט לייגן אויפן שכל, אַז די, וואָס זוכן זיכערקייט

און רו, וועלן פאַרבייטן די אומגעזעצלעכקייטן פון דעם איי־ראָפּעאישן רוסלאַנד אויף דעם ווילד־ווילן פון דער אַזיאַטישער טערקיי. און בפרט ווען טערקיי שטעלט נאָך אַוועק די פאָדע־רונג, מען זאָל נעמען אויף זיך דעם עול פון דעם טערקישן מיליטער־דינסט. ווער וועט האָבן די העזה צו פאַרגלייכן דעם באַרבאַרישן דינסט אין דער טערקיי מיט דעם ווי־שווערז דינסט אין רוסלאַנד?

און אויך דאָס דאַרף מען נישט פאַרגעסן:

טערקיי לעבט דורך אַ פּאָליטישן קריזיס: די צייט פון רו איז נאָך זייער ווייט פון איר. זאָל זי איצטער אַפילו אַרויס אַ לעבעדיקע פון די שונאימס הענט, וועט זי נאָך אַלץ פאַרבלייבן יענער אַפּעטיט, יענער ביסן, אויף וועלכן די מדינות וועלן שאַרפן זייערע ציין. טערקיי וועט שטענדיק שטיין אין דער קריגס־געפאַר, די יידן וועלן שטענדיק שטיין אין דער סכנה און אין דעם אומרו פון דער קריגס־צייט, סיידן פּאַלעסטינע זאָל פריער אַריבערגיין אין זיכערע הענט.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן, זאָג איך, איז אַ פשוטער אַבסורד צו גלויבן, אַז די יידישע מאַסן וועלן פון דעם רוסישן רעגן לויפן אין דעם טערקישן האָגל. אָבער אָן די יידישע מאַסן קאָנט איר אין ארץ ישראל בויען גאַנץ שיינע זאַכעלעך פאַר דעם פּריוואַט־ציוניסטישן ספּאָרט פון אַ פּאָר רייכע באַלעבאַטים: אפשר אויך אַ העברעאישע ליליפּוטן־קול־טור, וואָס איר פּאָליטישער באַזיס זאָל זיין דער טערקישער באַקשיש. דעם צ י ו נ י ז ם, יענעם ריזיקן אידעאַל פון באַ־פרייען דאָס יידישע פאָלק און געבן אים אַ היים, קאָנט איר דורך קליין־קאָלאָניזאַציע אונטער דער טערקישער הערשאַפט בשום אופן נישט פאַרווירקלעכן.

אָט פאַר וואָס איך רעכן, אַז דער ציוניסטישער געדאַנק וועט זיך מוזן אומקערן צו זיין פּ אָ ל י ט י ש ן פּעריאָד און אַראָפּטרייסלען פון זיך יענע בערג ליליפּוטן־שפּינוועבס, מיט וועלכע ער האָט גענומען אַרומוואַקסן זינט הערצלס טויט.

וועט דאָס אים העלפן?

דאָס איז שוין ווידער אַן אַנדער פראַגע.

22־טן מערץ, 1915.

# שפּאַלטונגען.

אין דעם פּאָליטישן לעבן פון דער יידישער אַרבעטער־שאַפט אין ניו יאָרק איז אין די לעצטע טעג פאָרגעקומען אַן עפּיזאָד, וואָס מוז אַרויסרופן די טרויעריקסטע געדאַנקען.

גראָד דעמאָלט, ווען דער געשיכטלעכער מאָמענט האָט פאַרלאַנגט פון איר, אַז זי זאָל אָנשטרענגען אַלע כחות, כדי אַרויסצוטרעטן, ווי אַ געאייניקטע מאַכט אין דעם קאַמף פאַר די עלעמענטאַרע לעבנס־רעכט פון איר פאָלק, וואָס ווערן אַזוי געטראָטן מיט די פיס, און פאַר זיין ערע, וואָס ווערט אַזוי ציניש באַשמוצט; אַז גראָד דעמאָלט, ווען עס איז נאָך אַזוי פיל מי פאָרט געלונגען צו פאַראייניקן די שטרייטנדיקע ברי־דער צו אַ געמיינזאַמען שריט, דאַרף פאָרקומען אַ שפּאַלטונג אין אירע רייען, דאַרף זיך אָפּרייסן יענער פאַדים, וואָס האָט געזאָלט צוזוניפבינדן אַלע אירע טיילן איינאיינעם! אויף דער אַרבעטער־קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם פאָ־ריקן 18־טן אַפּריל, האָבן צוויי און זיבעציק דעלעגאַטן מיט אַ פּראָטעסט פאַרלאָזן דעם זאַל.

נישט ווילנדיק שווימט אַרויף אין געדאַנק דער פאַרגלייך צווישן דער האַלטונג פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און יע־נער האַלטונג, וועלכע די פּראָלעטאַריאַטן פון אַלע אַנדערע אין קריג־באַטייליקטע פעלקער האָבן אָנגענומען אין דער איצ־טיקער בלוטיקער צייט.

אויב די דייטשישע און עסטרייכישע אַרבעטער האָבן גע־קאָנט פועלן ביי זיך צו גיין האַנט אין האַנט מיט דער דייטש־ישער און עסטרייכישער רעגירונג — אויף איינצושלינגען סער־ביע און חרוב מאַכן בעלגיע; אויב דער פראַנצויזישער פּראָ־לעטאַריאַט האָט געפונען קראַפט אין זיך צוצושטיין צו דער פראַנצויזישער רעגירונג צוליב אַ פאַרבינדונג מיט דעם רוסישן

צאַריזם, — נישט שוין דאַרף דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אָנווענדן נאָך גרעסערע כּחות, כּדי אויף אַ ווייַלע צו פאַרגעסן יענע „אָפּגרונט-טיפע תּהומען”, וואָס ליגן צווישן זיינע פאַר-שיידענע ריכטונגען, און כּדי געאייניקט צו קעמפן אַ קאַמף פאַר גערעכטיקייט און מענטשלעכקייט? נישט שוין איז דער פּרינציפּיעלער תּהום, וואָס שיידט אָפּ אַ דייטשישן סאָציאַליסט פון אַ ווילהעלם דעם צווייטן, אַ פראַנצויזישן רעוואָלוציאָנער פון אַ פּואַנקאַרע, אַ פאַרשווינענדיק-קלענערער מרחק, איידער וואָס שיידט אָפּ דעם סאָציאַליסט-טעריטאָריאַליסט פון דעם פּועל-ציון, דעם נאַציאָנאַל-ראַדיקאַל פון דעם „יידיש-שפּרעכנדיקן”?

עס איז דאָ נישט די פראַגע, ווער איז געווען גערעכט אין דעם טכסוך און ווער אומגערעכט. די אַלע איינצל-פראַגן פון „גערעכט” און „אומרעכט” פאַרשווינדן לגמרי פאַר דעם איין-איינציקן פאַקט, וואָס איז באַרעדעוודיקער, איידער גאַנצע בענדער, אַז אין אָט דער אָנגעלעגנהייט, אין אָט דעם גע-שיכטלעכן מאָמענט האָט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט געפונען גענוג גבורה אין זיך צו בלייבן טריי דער אַלטער-אַלטער יידי-שער טראַדיציע, וואָס שטעקט, הפּנים, אין אונזער יידישן בלוט און וואָס זאָגט: ווען עס קומט אַ וויכטיקער לעבנס-מאָמענט, זוי אַלץ הענגט אפשר אָפּ פון יענעם גראַד אחדות, וועלכן מיר קאָנען אַרויסווייזן, איז דעמאָלט אונזער אַלעמענס הוב, וואָס טיפער צו באַליידיקן איינער דעם אַנדערן, וואָס העפטיקער זיך צוצופּאַטשן, און וואָס ווייטער זיך צו פאַנאַנדערשפּרינגען.

איך טראַכט אָפטמאָל: איז דאָס אפשר נישט אַ שלעכטע געוווינונג פון אַ נאַציאָנאַליסט, אַרויפצוואַרפן אַלדאָס ביי'ז אויף דעם חשבון פון דעם נאַציאָנאַלן טעמפּעראַמענט? קאָנען מיר אפשר נישט אין אַזעלכע פאַלן יעדעס מאָל אויסגעפי-נען, אַז דאָס, וואָס האָט פּאַסירט, האָט געמוזט פּאַסירן אַ דאַנק געוויסע אומשטענדן אין אַ באַשטימטער לאַגע, וואָס האָבן אַ ברעקל נישט צו טאָן מיט אונזער בלוט?

גאַנץ געוויס קאָנען מיר דאָס. די צרה איז נאָר, וואָס מיר דאַרפן דאָס טאָן שוין צו אָפט, וואָס אַלע מאָל איז דער

„דאָס מאָל", ווי אַלע מאָל: אַן אייביקע אילוסטראַציע צו אונזער פעלער: דעם מאַנגל אין אחדות.

אונזער גאַנצע געשיכטע איז פול און פול מיט ביישפּילן פון שפּאַלטונגען און אינעווייניקסטע רייסעניש, גראָד אין יענע מאָמענטן, ווען אחדות איז געווען נויטווענדיק, ווי דער לעבנס-אָטעם, און די גרעסטע אומגליקן פון אונזער געשיכטלעכן לעבן זענען אַרויסגעוואַקסן צום טייל דערפון, וואָס פערזאָנען, גרופּן און פּאַרטייען האָבן נישט געקאָנט בויגן זייער קאָפּ אונטער דער פאָדערונג פון אחדות, ווייל קיינער האָט קיינעם נישט געקאָנט נאָכגעבן.

ווי אָפט ווייזט אונז די יידישע געשיכטע איין-און-דאָס-זעלביקע בילד: נאָר וואָס די קרעפטן פון דעם פאָלק קאָנ-סאָלידירן זיך אינאיינעם, נאָר וואָס עס הויבט אָן אַרבעטן ווי אַ גאַנצעס, פּלוצלונג — אַ קראַך, אַן אינעווייניקסטע עקס-פּלאָזיע: דאָס גאַנצע ווערט אויפגעריסן און צעשפּרונגען אויף פּיצלעך.

אונזער פאָלק ווייס און פילט אומבאַוווּסט די צרה פון זיין טעמפּעראַמענט, ווייס, וואָס אים קאָסטן אָפּ די אינעווייניק-סטע מחלוקות. „וואָלטן די צדיקים שלום געמאַכט אויף איין טאָג", פלעגן די חסידים זאָגן, „וואָלטן זיי משיחן אַראָפּגע-בראַכט".

אונזער פאָלק ווייס עס, אָבער עס האָט קיין מיטלען נישט, ווי צו האַלטן אין צוים זיין אייגענעם, ווילד-אויפּברויזנ-דיקן טעמפּעראַמענט. און עס איז טאַקע שווער, זייער שווער צו געפינען אַ מיטל אַנטקעגן דעם, ווייל די אומבויגזאַמקייט, אומבאַצווינגבאַרקייט פון אונזער ווילן איז אַ טייל פון יענער אינעווייניקסטער קראַפט אונזערער, וואָס ברענגט אַרויס סיי אונ-זערע מעלות, סיי אונזערע חסרונות.

יאָ, די צעפּיצלונגס-לוסט, וואָס מיר באַמערקן אין אונזער געשיכטע און אין אונזער לעבן, איז אַ חסרון, וואָס איז אינעווייניק צונויפגעבונדן מיט אַ סך פון אונזערע מעלות, און וואַקסט מיט זיי אַרויס פון איין און דעמזעלביקן וואָרצל.

די וואָרצל איז — דער שאַרפסטער אינדיווידו אַ-

ליזם, פאַרבונדן מיטן טיפסטן גלויבן אין דעם אייגענעם ווערט און דעם פאַנאַטישן האַס צו אַלץ און צו אַלע, וואָס ווילן נישט אַנערקענען יענעמס ווערט.

אָט דער גרונט-שטריך פון אונזער פאָלקס-כאַראַקטער, — וואָס לאָזט צו, פאַרשטייט זיך, פאַרשיידענע אויסנאַמען, קאָן אַרויסטרעטן סיי אין קדושה, סיי אין טומאה.

אין קדושה ווערט אונזער „איך" צונויפגעגאָסן מיט יענער גרויסער און הייליקער זאַך, וואָס איר גיבן מיר אַוועק אונזער נשמה, דעמאָלט איז אונזער אייגענער ווערט — דער ווערט פון דער זאַך, און אונזער פאַנאַטישער האַס ווענדט זיך אויף אַלץ, וואָס גייט להיפך צו איר. מיר קאָנען דעמאָלט פאַרגעסן אויף אונזער אייגענעם „איך". מיר טראַכטן נישט וועגן אים און אונז מאַכט נישט אויס, וואָס מיט אונז זאָל נישט זיין. אָבער אונזער „איך" לעבט אין דער זאַך. זי וואַקסט אויס אין אונזערע אויגן צו דעם העכסטן, וואָס די וועלט פאַרמאָגט, און יעדער איינער, וואָס האָט די חוצפה נישט צו גלויבן אין איר, איז אַן אומווירדיקע בריאה, וועלכן מען האָט אַ רעכט פאַנאַנדערצערייסן, ווי אַ הערינג.

אין טומאה ווערט פון דעם פאַנאַטישן, אין זיך איינגעגלויבטן יידישן אינדיווידואַליזם, יענער עקלהאַפטער עגאָאיזם, יענע וויסטע גאוה, יענער פאַנאַנדערגעשוואָלענער „איך", וואָס פילט אויס מיט זיך אַלע ווינקעלעך פון דער נשמה, און פרעסט אויף יענעם געדאַנק און געפיל, וואָס וויל זיך שטעלן אַנטקעגן אים.

נאָר לאָמיר לאָזן די טומאה אָן אַ זייט. מיר רעדן דאָ וועגן דברים שבקדושה.

פון דעם יידישן, אין זיך פאַנאַטיש איינגעגלויבטן אינדיווידואַליזם שטאַמט איינע פון די שענסטע מעלות פון דער מענטשלעכער נשמה: די איבערגעגעבנקייט צו דער אייגענער איבערצייגונג, די טרייקייט צו איר ביז דעם עקסטרעם, די עקשנותדיקע פאַרטיידיקונג פון דער אייגענער מיינונג, כּל זמן איך גלויב אין איר, און דאָס מבטל זיין די גאַנצע וועלט, אויב זי גייט אַנטקעגן „מיר".

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענעם טיפן איינדרוק, וואָס אויף מיר האָט געמאַכט אַ לעגענדע אין דעם תּלמוד, מיט וועלכער איך בין באַקאַנט געוואָרן שוין אין די מיטעלע יאָרן, וואָס מאָלט אויס אַזוי שרייענדיק דעם שטאָלצן גלויבן פון דעם יידישן אינדיווידואַליזם אין זיין אייגענעם אמת.

ר׳ יהושע האָט אַ פּלוגתא מיט די רבנים. אַלע זענען זיי אַנטקעגן אים, נאָר ער אַליין האַלט זיך פעסט ביי זיינס. און ווען אַלע אַרגומענטן פון זיינע קעגנער שפּרינגען פון אים אָפּ, ווי אַן אַרבעס פון וואַנט, פּרובן זיי אים גובר זיין מיט איבערנאַטירלעכע באַווייזן. „אויב מיר זענען גערעכט", זאָגן זיי, „זאָל דער בוים, וואָס שטייט אַנטקעגן פענסטער פאַרדאַרט ווערן", און דער בוים ווערט פּלוצלונג פאַרדאַרט. „זאָל דער טייך זאָגן עדות פאַר אונז", פאָדערן ווייטער די תּנאים, און דער טייך הויבט אָן טרייבן זיינע וואַסערן אויף צוריק. דאָס האָט אָבער קיין ברעקל ווירקונג נישט אויף ר׳ יהושען.

„אויב מיר זענען גערעכט", זאָגן ווייטער די תּנאים, „זאָלן די ווענט פון בית־המדרש באַווייזן!" — און די ווענט הויבן אָן פאַנאַנדערצעפאַלן: דאָס ברענגט שוין אַרויס ר׳ יהושען פון זיך. ער צעבייזערט זיך אויף די ווענט: „וואָס האָט איר זיך אַריינצומישן אין דעם דיספּוט צווישן די חכמים?" — בלייבן די ווענט איינגעבויגט. זיי גלייכן זיך נישט אויס, כּדי נישט צו באַליידיקן די חכמים, זיי פאַלן נישט איין, אויס כּבוד צו רבי יהושע.

די חכמים פּרווון זיך פאַרן לעצטן מיטל. זיי אַפּעלירן צו דער העכסטער אינסטאַנץ, צו גאָט אַליין, וואָס ווייס דאָך אודאי, ווער עס איז גערעכט. „זאָל אַ בת־קול פון הימל עדות זאָגן", פאַרלאַנגען זיי, און אַ בת־קול פון הימל קומט אַראָפּ...

דעם מאָמענט האָב איך געליטן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, און אַלעמאָל ווען איך דערמאָן מיך אָן אים הויבט אָן אַ ביסל קלאַפּן דאָס האַרץ. דער בת־קול! דער מקור פון דעם ריינעם אמת! וואָס וועט ר׳ יהושע טאָן, ווען דער בת־קול וועט זיך אַרויסזאָגן אַנטקעגן אים?

און דער בת־קול האָט זיך אַרויסגעזאָגט אַנטקעגן אים.

ער האָט געגעבן רעכט די חכמים, נאָר אויך דאָס האָט נישט געקאָנט צעברעכן יהושעס גלויבן אין זיין אייגענעם אמת. שטאָלץ האָט ער, דער פרייער און אומבויגזאַמער, אַ שליידער געטאָן צום הימל די ווערטער: „לא בשמים היא", נישט אין הימל איז זי, די תורה; זי געהער צו אונז, מענטשן, און איך, דער מענטש-יהושע, דער אינדיווידואום-יהושע, האָב נישט קיין אַנדער אויטאָריטעט, ווי מיין אייגענעם פאַרשטאַנד און יושר, און איך טייטש זי אויס, ווי א י ך פאַרשטיי, אפילו ווען די גאַנצע וועלט און גאָט זאָלן זיין אַנטקעגן מיר!

די לעגענדע דערציילט ווייטער צום סוף, אַז גאָט האָט זיך צעבויגן כאַר יהושען. „נצחוני, בני", — „איר האָט מיך מנצח געווען, מיינע קינדער!" — איז אַרויסגעקומען אַ נייער בת-קול.

דאָס איז אַ פּרעכטיקע לעגענדע, די שענסטע שירה פאַר דאָס רעכט פון דעם אינדיווידואום אויף זיין אייגענעם אמת, וואָס אין איר בלענדנדיקן שיין ווערט איינגאַנצן פאַרבלאַסט דער באַרימטער אַנעקדאָט מיט גאַלילעיס „און זי באַוועגט זיך פאָרט!"

אין דערזעלביקער צייט אָבער גיט זי אויך אַ בולטע אילוסטראַציע צו דעם אין זיך פאַנאַטיש איינגעגלויבטן יידישן אינדיווידואַליזם. ווי קאָן אַזאַ פאַנאַטישע איבערגעגעבנקייט צו דעם אייגענעם אמת אויף אַ רגע צולאָזן, אַז אפשר איז נאָר דער קעגנער גערעכט? ווי קאָן איך זיך רעכענען מיט אים און מיט דעם, וואָס אים קומט על פּי יושר? וואָס קאָן אים קומען על פּי יושר, אים, וואָס פאַרדרייט דעם אמת און טייטשט אים אויס קאַפּויר? עוקר מן השורש זיין! צערייסן, ווי אַ הערינג! לא יהיו לך אלהים אחרים על פּני! שקץ תשקצנו — תעב תתעבנו! ובערת הרע מקרבך! (עס זאָלן ביי דיר נישט זיין קיין אַנדערע געטער, אַ חוץ מיר! פאַרמיאוסן זאָלסטו אים! פאַראומווירדיקן זאָלסטו אים! און אויסראַמען זאָלסטו דאָס שלעכטס פון דיין מיט!)

דער ייד, וואָס גיט זיך איבער אָט צו דעם איינפלוס פון זיין האַרצן, קאָן נישט זיין טאָלעראַנט, קאָן זיך נישט רעכענען מיט די רעכט פון דעם קעגנער, סיידן דער שכל

צווינגט אים דערצו. אין די צייטן פון פרידן, ווען אין קאָן שטייט נישט דאָס העכסטע, ווען מען קאָן מיט קאַלטן בלוט באַטראַכטן די לאַגע, קאָן נאָך דער שכל ווי עס איז קומען צו זיין רעכט. אָבער גראָד אין די וויכטיקסטע מאָמענטן, ווען עס דערנענטערט זיך אַ יום־הדין אויף אַלץ, וואָס איז אונז הייליק, — ווען דאָס אויפגעבראַוזטע בלוט שלאָגט אין קאָפּ, — גראָד דעמאָלט, ווען דאָס פאָלק נויטיקט זיך אַזוי אין אחדות: ווערט דער קלאָרער פאַרשטאַנד פאַרטומלט, דאָס האַרץ געווינט די אויבערהאַנט, און דער פאַנאַטיש־אינדיווידועלער גלויבן עקספּלאָדירט און צערייסט אויף פּיצלעך דאָס ביסל אחדות, וואָס איז דאָ.

אַזוי איז דאָס די מעשה! אַזוי איז זי געווען, אַזוי איז זי, און אַזוי וועט זי מסתּמא ווייטער זיין אין אונזער געשיכטע... זאָלן מיר זיך טרייסטן מיט דעם? גאַנץ געוויס נישט, דאָס איז אַ דערקלערונג, נישט קיין טרייסט.

טרייסטן זיך קאָנען מיר נאָר מיט דעם, אז נישט קוקנ־דיק אויף די חסרונות פון אונזער טעמפּעראַמענט, — וואָס זענען פאַרבונדן מיט זיינע מעלות און שטאַמען פון זיי אַפּ, — האָבן מיר אָפּגעלעבט אַ געשיכטע, אַ לענגערע, איידער אַ וועלכעס עס איז אַנדער פאָלק פון דער אייראָפּעאישער וועלט, און מיר וועלן ווייטער לעבן און זי ווייטער פירן, באין ברירה, מיט שפּאַלטונגען...

8־טן מאַי, 1915

# זייער טעות.

דאָס איז געווען אויף דער באַרימטער, שוין „היסטאָריש״ געוואָרענער זיצונג פון דער יידישער קהלה אין ניו-יאָרק. דר. י. א. הורוויטש האָט נאָר-וואָס געענדיקט זיין רעדע פאַר דער צונויפרופונג פון אַ יידישן קאָנגרעס. „מיר האָבן גאָר-נישט צו פאַרלירן״ — איז געווען דער גרונט-מאָטיוו פון זיינע אַרגומענטן, און די קורצע שילדערונג פון אונזער לאַגע אין רוסלאַנד האָט עדות געזאָגט אויף דעם אמת פון זיינע רייד.

אויף דער טריבונע איז אַרויף הער סיירוס סולצבערגער, איינער פון די סימפּאַטישסטע יידישע כלל-טוערס, וועלכע די היגע דייטשישע יידן האָבן אַרויסגערוקט אין דער לעצטער צייט.

דער תמצית פון זיינע רייד קאָן איבערגעגעבן ווערן בקיצור אַזוי:

„עס קאָן זיין, אַז א י ר, אַריבערגעקומענע יידן פון רוסלאַנד, איר, וואָס איר קוקט אַזוי פון אויבן אַראָפּ אויף אונזערע „פּאַרלאַטעטע״ קאַמף-מעטאדן, — עס קאָן זיין, אַז איר האָט מיט אייערע נייע „רעוואָלוציאָנערע״ מעטאָדן באַשאַפן פאַר זיך אַזאַ לאַגע אין אייער אַלטער היים, אַז איר האָט שוין גאָרנישט מער וואָס צו פאַרלירן. אָבער פאַרגעסט נישט: מיר זענען דאָ אין אַמעריקע, און אין אַמעריקע זענען אויך דאָ אַ מ ע ר י ק אַ נ י ש ע יידן. מיר, אַמעריקאַנישע יידן, האָבן גראָד מיט די „פּאַראַלטעטע״ מעטאָדן אויסגעקעמפט פאַר אונז אַ לאַגע פון פרייע בירגער אין אַ פרייען לאַנד, פון גלייכבאַרעכטיקטע קינדער פון אונזער דעמאָקראַטישער מלוכה. אַן אַלגעמיינער יידישער קאָנגרעס, וואָס קאָן באַקומען דאָס פּנים פון אַ „מלוכה אין אַ מלוכה, איז פאַרבונדן מיט אַ סכּנה פאַר אונזער לאַגע, מיר שטעלן דאָ אַריין אין קאָן, אויבנישט

אונזערע דעראָבערונגען, איז דעם צוטרוי פון דעם אמעריקא־נער פאָלק צו אונז, און דערפאַר קאָנען מיר נישט גיין מיט אייך, דערפאַר מוזן מיר קעמפן אַנטקעגן אייך"...

דעם אמת געזאָגט, — נישט אַזעלכע רייד האָב איך דערוואַרט פון אַ סיירוס סולצבערגער. געדוכט האָט זיך מיר בעת ער האָט גענומען דאָס וואָרט, אַז ער וועט זיך צו אונז ווענדן אַן ערך מיט אַזאַ לשון:

„ברידער פון די קריגס־לענדער, ווו עס טרינקט זיך אין בלוט אונזער פאָלק! אויב איר קאָנט אונז באַווייזן, אַז מיט דעם קאָנגרעס, צו וועלכן איר שטרעבט, קאָן אויף אַ האָר פאַרבעסערט ווערן די לאַגע פון אונזער פאָלק, וואהאי, איר האָט זיך דעמאָלט נישט וואָס צו רעכענען מיט אונזער גורל. מיר זענען אַ צו קליינער טייל פון אונזער פאָלק איבער דער גאַנ־צער וועלט, אַז אונזערע אינטערעסן זאָלן קאָנען ווען עס איז באַטראַכט ווערן פאַר אַ מניעה אין יענעם קאַמף, וועלכן מיר אַלע מוזן פירן, נישט נאָר אין דעם נאָמען פון אונזער פאָלק, נאָר אויך אין נאָמען פון די פרימיטיווסטע פאָדערונגען פון דעם פרימיטיווסטן יושר. וואהאי, איר קאָנט אַלעמאָל רעכענען אויף אונז. מיר וועלן זיין מיט אייך, מיר וועלן קעמפן אינ־איינעם, ווייל אין אַזאַ לאַגע און אין אַזאַ אָנגעלעגנהייט איז נישטאָ מער קיין „מיר" און קיין „איר".

„אָבער, ליבע ברידער, זענט איר זיכער, אַז דער קאָנ־גרעס קאָן פאַרבעסערן אייער לאַגע? זענט איר זיכער, אַז איר האָט שוין גאָרנישט וואָס צו פאַרלירן? אַז די אכזריות, פון וועלכער איר דערציילט, האָט שוין דערגרייכט איר ענדע און קאָן שוין ווייטער נישט גיין? איז דען דאָ אַן ענדע צו יענער אכזריות? אונז דוכט, אַז מיט דעם קאָנגרעס קאָנט איר נאָך ערגער מאַכן די לאַגע, ווי שלעכט זי זאָל שוין נישט זיין. אונז דוכט זיך, אַז..."

און עס וואָלט אַוועקגעגאַנגען אַ לאַנגער נוסח וועגן דער סכנה פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק „אין די קריגס־לענדער" (גע־מיינט ווערט, פאַרשטייט זיך, רוסלאַנד). ווען אַזאַ קאָנגרעס פון אַלע אַמעריקאַנער יידן זאָל זיך צונויפקומען.

אָנשטאָט דעם — גלייך פון אָנהויב די איינטיילונג פון „מיר" און „איר"; גלייך פון אָנהויב די אַרויסרוקונג פון „אונזערע" אינטערעסן אין פאַרגלייך מיט „אייערע" און די מורא, טאָמער וועלן „מיר" וואָס פאַרלירן!

באַלד נאָך הערן סולצבערגערס רעדע האָב איך פאַרלאָזן דעם זאַל. איך האָב געוווּסט, אַז אַנדערע רעדנער פון דעמזעלביקן לאַגער וועלן אָפּשוואַכן דעם שווערן איינדרוק, וואָס זיינע רייד האָבן געמוזט איבערלאָזן אויף אַלעמען, און אַז די קאָנגרעס־פראַגע וועט פאַרלאָזן די ספערע פון „מיר" און „איר" און אויפגעהויבן ווערן צו יענער הויך, אויף וועלכער זי דאַרף שטיין: די אינטערעסן פון דעם יידישן פאָלק.

אָבער דאָס וואָרט איז געזאָגט געוואָרן, דער תהום צווישן „אונז" און „זיי" איז אויפגעדעקט געוואָרן, און איך צווייפל, צי די שפּעטערדיקע רעדעס האָבן אים געקאָנט צודעקן אינגאַנצן.

איך האָב מיך געמוזט פרעגן: איז ד אָ ס ווירקלעך דער „גרונט פון דעם אָפּגרונט", וואָס ליגט צווישן אונז? נישט שוין איז עס נישט מער ווי דער נאַקעטער גרופּעס־עגאָאיזם פון די איינגעבאָרענע יידן, וואָס ציטערן, די איינגעוואַנדערטע זאָלן, דורך אַ וועלכן עס איז פאַלשן שריט, חלילה נישט שאָדן יענער גלענצנדיקער לאַגע, אין וועלכער זיי, די איינגעבאָרענע, געפינען זיך דאָ אין לאַנד? און — קאָנען זיי באמת וואָס עס איז פאַרלירן, ווען זיי זאָלן צושטיין צו אונז און קעמפן מיט אונז?

וואָס מער איך האָב געטראַכט וועגן דער פראַגע, אַלץ מער איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דערקלערן די שטעלונג פון די אַמעריקאַנער איינגעבאָרענע יידן דורך נאַקעטן גרופּעס־עגאָאיזם און ציטערן פאַר דער אייגענער פעל וואָלט געווען צו איינזייטיק, צו אויבערפלעכלעך און ממילא שוין דערפאַר אַליין צו אומגערעכט.

איין פאַקט וואַרפט זיך אין די אויגן, וואָס אין זיין שיין מוז דער סכסוך צווישן „אונז" און „זיי" באַקומען אַ גאַנץ אַנדער באַלייכטונג. דאָס איז דער פאַקט, וואָס אין דער קאָנגרעס־פראַגע גייען בדרך כלל פ אַ ר דעם קאָנגרעס די

נאַציאָנאַל-פרומע און די נאַציאָנאַל-פּראָגרעסיווע האַנט-אין-האַנט, בעת אַנטקעגן זיי און אַנטקעגן דער קאָנגרעס-אידעע טרעטן אַרויס בדרך כּלל די רעפאָרמער, די פירער און קעמפער פון דעם אַסימילאַציע-אידעאַל.

באַטראַכט מען דעם סכסוך אין דעם שיין פון אָט ד ע ם פאַקט, ווערט איינעם קלאָר, אַז אויך אויף דער „היסטאָרישער״ זיצונג פון דער קהלה-קאָנווענשאָן, האָבן זיך אַ מאָסט געטאָן מיט די כּחות יענע צוויי אַנטאַגאָניסטישע קרעפטן, וואָס קעמפן אין אַלע גרויסע פּאַסירונגען און אין אַלע וויכטיקע דערשיי-נונגען פון אונזער געשיכטלעכן לעבן אין דער לעצטער צייט: נאַציאָנאַלע ווידער-דערוואַכונג פון איין זייט, די אַסימילאַציע פון דער אַנדערער.

די פּסיכאָלאָגיע פון דעם אַסימילאַטאָר איז אומעטום, און אויך דאָ אין אַמעריקע, אַזאַ, אַז ער מ ו ז אין יעדן זעלבשטענדיק-יידישן אַרויסטרעטן זען אַ געפאַר נישט נאָר פאַר זיך און פאַר זיין גרופּע אין אָט דעם געגעבענעם לאַנד, נאָר פאַר אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט, וואָס דאַרפן גע-רעטעט ווערן דורך אַסימילאַציע.

מיר קאָנען זיך דאָ פאַרשפּאָרן די מי, צו שילדערן די פּסיכאָלאָגיע פון דעם אַסימילאַטאָר אין אַלע זיינע איינצלהייטן. איך וויל נאָר דאָ אויפווייזן אויף איין פעלער, וואָס ער מאַכט.

ער האָט זיך איינגעשמוסט, אַז מען האָט אונז די גאַנצע צייט פאַרפאָלגט נאָר דערפאַר, וואָס מיר האָבן געלעבט איזאָ-לירט צווישן די אַנדערע פעלקער, ווי אַ „מלוכה אין אַ מלוכה״. ער איז איינגעגלויבט, אַז אינם גן-עדן פון גלייכע רעכט האָט מען אונז אַריינגעלאָזן נאָר אויף דעם תנאי, אַז מיר זאָגן זיך אָפּ פון אונזער אייגענער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ און פון אַלע האָפענונגען אויף אַ זעלבשטענדיק נאַציאָנאַל לעבן אין דער צוקונפט. און מיר ווערן מיט לייב און נשמה אַ טייל פון יענעם פאָלק, צווישן וועלכן מיר לעבן.

און ער ציטערט, טאָמער וועט אַ זעלבשטענדיקע יידי-שע אַרויסטרעטונג אַרויסרופן ביי דעם הערשנדיקן פאָלק אַ חשד, אַז מיר זענען נישט איבערגעגעבן צו אים מיטן גאַנצן

האַרצן, אַז מיר זענען נישט אַבסאָלוט טריי צו זיינע נאַציאָ-
נאַלע אינטערעסן, אַז מיר ליבן אים נישט מיטן גאַנצן האַרצן.

אָט פאַר וואָס די אַסימילירטע יידן פון דער „רעפאָרם-סינאַגאָגע" זענען אומעטום „פּלי רויאַליסט קע לע רואַ", נאָך קעניגס-טרייער, איידער דער קעניג אַליין. זיי זענען דייטשישער איידער די דייטשן, פראַנצויזישער, איידער די פראַנצויזן און אַמעריקאַנישער, איידער די אַמעריקאַנער. און אָט פאַר וואָס אויך הער סולצבערגער איז געווען אַזוי אויפגערעגט, ווען ער האָט גערעדט וועגן דעם קאָנגרעס, ווי אַ „מלוכה אין אַ מלוכה".

די אַסימילאַטאָרן באַמערקן אָבער נישט, אַז מיט זייער „צופיל ליבע" רופן זיי נישט-ווילנדיק אַרויס אַ חשד, אַז זייערע פּאַטריאָטישע געפילן זענען מער אויסגעפּלפּולט מיטן האַרצן. בפרט רעכן איך, איז דאָס אמת בנוגע צו דער אַמעריקאַנער עפענטלעכער מיינונג. זי איז גאַרנישט געוווינט דערצו, אַז עמיגראַנטן, וואָס קומען אַהער, זאָלן אינגאַנצן פאַרלירן זייער צוגעבונדנקייט צו די פעלקער, צו וועלכע זיי האָבן געהערט.

קיין פאַרנינפטיקער אַמעריקאַנער האָט נישט דערוואַרט און האָט נישט געהאַט רעכט צו דערוואַרטן, אַז די יידישע, צ. ב., וועלן אויפהערן צו זיין יידיש, וויבאַלד זיי זענען אַמעריקאַנער, און וועלן אויפהערן צו קעמפן פאַר דער פרייהייט און זעלבשטענדיקייט פון זייער פאָלק און זייער לאַנד. און דאָס אייגענע איז אויך מיט אַלע אַנדערע פעלקער. קיין אַמעריקאַנער ווערט דאָ נישט באַליידיקט אין זיינע נאַציאָנאַלע געפילן, ווען ער דערוויסט זיך, אַז די פינלענדער און די פּאָלאַקן און די ליטווינער און די וועלשן האָבן דאָ אין לאַנד נישט אויפגעגעבן נישט זייער שפּראַך, נישט זייער קולטור, נישט זייער צוגעהעריקייט צו יענע פ ע ל ק ע ר, פון וועלכע זיי שטאַמען.

עס איז נאָך איבערהויפּט נישט אָפּגעמאַכט אויף אייביק, וואָס פאַר אַ טיפּ פּאָליטישע נאַציע די שטאַטן וועלן פאָרשטעלן מיט זיך אין דער צוקונפט: אַ נאַציע מיט אַן איינהייטלע-

כער שפּראַך און קולטור ווי פראַנקרייך, איטאַליע, ענגלאַנד אָדער אַ פ ע ל ק ע ר - פ אַ ר ב אַ נ ד, ווי שווייצאַריע, בעלגיע און עסטרייך; אַלץ, וואָס דער אַמעריקאַנער פאַרלאַנגט איצטער איז נאָר די איבערגעגעבנקייט און טרייקייט צו די פרייהייט-לעכע אינסטיטוציעס פון זיין לאַנד.

עס קומט אים אָבער נישט אַרויף אויפן זין צו פאַר-לאַנגען פון די פעלקער, וואָס גייען אַריין אין זיין פאַרבאַנד, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער אייגענער אינדיווידואַליטעט, און נאָך ווייניקער קאָן ער קוקן קרום אויף די פעלקער, וואָס נעמען אַזוי צום האַרצן דעם גורל פון זייערע ברידער אויף יענער זייט ים.

אדרבה, ער מוז דאָס באַטראַכטן, ווי די נאַטירלעכסטע זאַך אין דער וועלט, וואָס די יידישע נוצן אויס אָדער האָבן אויסגענוצט זייער גינסטיקע לאַגע אין אַמעריקע, כדי צו העלפן דעם יידישן פאָלק אין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע; וואָס די פינלענדער, פּאָלאַקן און ליטווינער טוען דאָס אייגענע אין די אינטערעסן פון זייער נאַציאָנאַלן קאַמף. און ער קאָן אין דעם פּרט נישט מאַכן קיין אויסנאַם פאַר דעם יידישן פאָלק, ווייל ער, דער אַמעריקאַנער, ווייס נישט פון יענע פאַנטאַזיעס, מיט וועלכע דער יידישער אַסימילאַטאָר טראָגט זיך אַרום און וואָס זאָגן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז נישט קיין יידיש פאָלק.

ער זעט פאַר זיך אַ טייל יידן, קינדער פון אַ באַשטימטן פאָלק, וואָס ווילן פון זייער פאָלקס-הויט אַרויסשפּרינגען, כדי צו באַווייזן זייער שקלאַפישע פאַרליבטקייט אין דעם הערשנ-דיקן פאָלק. און אָט דאָס וועלן פון הויט אַרויסשפּריגגען ווירקט אַ ביסל אָפּקילנדיק און דערוועקט נישט-ווילנדיק אַ ביסל חשד אין דער ערנסטקייט פון אַזאַ ווילן אָדער אין דער חשיבות פון אַזאַ פאָלק.

דער טעות, וואָס די הערן פון דעם „אַמעריקען דזשו-איש קאָמיטע״ מאַכן, ליגט, נאָך מיין מיינונג נאָך, אין דעם, וואָס זיי מיינען, אַז די אַמעריקאַנער וועלן פאַריבל האָבן, ווען זיי וועלן זיך צו אָפן און צו שטאַרק סאָלידאַריזירן מיט דעם יידישן פאָלק, ווי אַ פאָלק. דער אמת אָבער איז, אַז נאָר

דעמאָלט וועלן די אַמעריקאַנער יידן געווינען דעם פולן רעס-פעקט פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק, ווען זיי וועלן אָנהויבן ליבן אַמעריקע מיט דערזעלביקער נאַטירלעכער ליבע, ווי אַלע אַנדערע איינגעוואַנדערטע פעלקער; מיט דערזעלביקער און נישט מיט קיין גרעסערער, ווייל אַ גרעסערע ווערט נישט פאַרלאַנגט און ווירקט אַ ביסל צודרינגלעך; מיט אַ נאַטיר-לעכער און נישט קיין היסטערישער, ווייל אַ היסטערישע ליבע ווירקט אַ ביסל אָפּשטויסנדיק...

די אַמעריקאַנער יידן האָבן דעריבער ווירקלעך נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר אַ יידישן קאָנגרעס, אַפילו ווען אויף אים זאָל קלאָר אַרויסטרעטן אונזער איבערגעגעבנקייט צו די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דעם יידישן פאָלק. זיי קאָנען גאָר-נישט פאַרלירן דערביי און געווינען קאָנען זיי עפּעס אַזוינס, וואָס איז קיינמאָל נישט קיין איבעריקע זאַך: דעם פולן רעס-פעקט פון יעדן מענטשן, וואָס ליבט פרייהייט און גערעכטי-קייט, און סימפּאַטיזירט מיט אַ פאָלק און צער.

6-טן מאַי, 1915.

# דער קאָנגרעס און די „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע".

די קאָנגרעס-פראַגע איז איצטער געוואָרן אַ צענטראַלע אין דעם עפנטלעכן לעבן פון אונזער פאָלק אין אַמעריקע. וועט ער צונויפגערופן ווערן? פון וועמען הענגט דאָס אָפּ? וואָס זאָל זיין אויפגאַבע?

די פאַרשפרייטסטע מיינונג איז, אַז דער צונויפרוף פונם קאָנגרעס הענגט אָפּ פון דער „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע" און אַ סך וואַרטן מיט אומגעדולדיקער שפּאַנונג אויף זיין באַשלוס. דאָס איז אָבער אַ גרויסער טעות; די לעזונג פון דער פּראַגע הענגט אָב נישט פון אים, נאָר פון אונזער אייגענעם ווילן.

מיר זענען דאָ פרייע בירגער אין אַ פרייען לאַנד. מיר מעגן טאָן אַלץ, וואָס מיר ווילן און וואָס מיר קאָנען, אויב דאָס, וואָס מיר טוען, גייט נישט להיפך צו די געזעצן פונם לאַנד און אויך נישט להיפך צו יענע פּרינציפּן פון פרייהייט און גערעכטיקייט, וועלכע דער אַמעריקאַנער פּראָגרעס פאַרווירקלעכט ביסלעכווייז אין דעם עפנטלעכן לעבן. עס זענען נישטאָ קיין אַנדערע אויבערהאַרן איבער אונז אַ חוץ די, וואָס מיר קלייבן אַליין אויס און אין וועמעס האַנט מיר לייגן אַליין אריין אַ געוויסע מאַכט, וואָס זיי קומט לפי דעם געזעץ אָדער לפי דעם פרייוויליקן אָפּמאַך מיט אונז.

דער „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע" האָט דורך קיין געזעץ אינם לאַנד אָדער אין דער מלוכה נישט באַקומען די מאַכט צו באַשטימען פאַר אונז, וואָס מיר זאָלן טאָן אָדער נישט טאָן. אין קיין עפנטלעכער פאַרזאַמלונג האָבן מיר אים, דורך אַ פרייוויליקן אָפּמאַך און באַשלוס, קיינמאָל נישט באַ-

באַפּולמעכטיקט אַרויסצוטרעטן אין אונזער נאָמען אָדער צו אָר־גאַניזירן אונזערע אַרויסטרעטונגען.

זאָגן, אַז די „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע״ האָט אַ װעלכעס עס איז רעכט צו באַשטימען אונזער ווילן, אַז אונ־זערע האַנדלונגען דאַרפן אָפּהענגען פון זיין באַשלוס, וואָלט הייסן צוגעבן, אַז אין אונזער פרייען לאַנד קאָן איין גרופּע מענטשן אַרויפשפרינגען פון העלער הויט אויף דעם נאַקן פון אַן אַנדער גרופּע, אַריינלייגן איר אַ צוים אין מויל, און קירע־ווען זי, ווי אַ שקאַפּע, ווהין איר וועט זיך פאַרגלוסטן. דאָס האָלט געהייסן באַגיין זיך מעשה־גזלן מיט דעם פּשוטן שכל הישר.

דאָס וואָלט געהייסן צוגעבן, אַז אין אַמעריקע קאָן גע־שאַפן ווערן „אַ שטאַט אין אַ שטאַט״... — אַ געדאַנק, פאַר וועלכן די „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע״ אַליין האָט גענוג גרונט צו ציטערן. און דערצו וואָלט דאָס נאָך געווען אַ טי־ראַניש־אָליגאַרכישער שטאַט אין אַ דעמאָקראַטיש־פרייען שטאַט, — אַן אומגעלומפּערטער ווידערשפּרוך, וואָס קאָן זיך על פּי שכל נישט האַלטן אפילו אַ רגע.

פאָרשטעלן די זאַך אַזוי, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן דאַרפן קעמפן מיט דעם „דזשואיש קאָמיטע״ פאַר דער צונויפרופונג פון דעם קאָנגרעס, בעטן זיך ביי אים אָדער רוגזן זיך מיט אים אָדער דראָען אים אָדער וועלן צ ו ו י נ ג ע ן אים צו טאָן, אַזוינס וואָס עס וויל נישט, — „קעמפן פאַר אַ קאָנסטי־טוציע״, ווי דאָס האָט נישט לאַנג פאָרמולירט איינער פון אונזערע שאַרפזיניקסטע און קלאָר־זעענדיקסטע פּובליציסטן, — האָלט געהייסן צושרייבן דעם „א. דזש. ק.״ אַזאַ ראָלע אין דעם יידישן לעבן, פון וועלכער ער אַליין דאַרף זיך אָפּטרייס־לען מיט הענט און פיס.

דער „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע״ איז אַ פרייוויליקע פּריוואַטע גרופּע פון אַמעריקאַנישע בירגער, וואָס האָט זיך, לויט דעם אייגענעם ווילן, פאַרשטאַנד און גוט האַרץ, אַוועק־געשטעלט די אויפגאַבע צו אַרבעטן לטובת דעם פאָלק ישראל. און כל זמן ער פאַרשטייט אַליין, אַז ער איז אַ פּריוואַטע,

פּריוויליקע גרופּע און כּל זמן ער האַלט זיך אָנשטענדיק אין יענע גרענעצן, וואָס אַ פּריוואַטע, פּריוויליקע גרופּע קאָן האָבן, טאָר קיינער אים נישט פאַרווערן צו טאָן זיין אַרבעט, אָבער קיינער איז אויך נישט מחויב צו רעכענען זיך מיט זיין מיינונג.

די וויכטיקסטע ראָלע, וואָס דער „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע" שפּילט אין אונזער לעבן, די שטאַרקע מאַכט, וואָס ליגט אין זיינע הענט, איז אויסגעוואַקסן פון יענעם מאָראַלישן רעספּעקט, וואָס ער האָט פאַרדינט ביי אונז פאַר אַ גרויסן טייל פון זיין אַרבעט. דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער, אַז זיין מאַכט גרייכט נישט ווייטער, איידער אונזער מאָראַלישער רעספּעקט, אונזער שטיל-שווייגנדיקער הסכם צו דעם, וואָס ער טוט. אָבער אויב מיר זענען מסכּים מיט אים און ערן אים און דאַנקען אים פאַר געוויסע אַרבעטן, וואָס ער האָט געטאָן פאַר אונז, האָבן מיר דורך דעם נאָך בשום אופן נישט אַרויס-געגעבן אים קיין שטר-מכירה אויף אונזער ווילן און פרייהייט, אַפילו נישט אויף אונזער מאָראַלישן רעספּעקט פאַר זיין ווייטערדיקער אויפפירונג.

דאָס האָט באַדאַרפט זיין קלאָר פאַר יעדן איינעם פון אונז, ווי דאָס איז האָפנטלעך קלאָר פאַר יעדן איינעם פון דעם „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע".

מיר ווילן גריילעך, גריילעך, מיטן גאַנצן האַרצן, ער זאָל קומען צו אונז און זיך מיט אונז באַטייליקן אין דער אָרגאַניזירונג פון דעם יידיש-אַמעריקאַנישן קאָנגרעס, און זאָל ער שפּילן אין אים יענע ראָלע, וואָס אים קומט פאַר זיין אינטעלעקטועלער און עטישער קראַפט, פאַר דעם גראַד פון איבערגעגעבנקייט, וואָס ער וועט אַרויסווייזן צו די אינטערעסן פון אונזער פאָלק.

אָבער אויב ער זאָגט, אַז ער קאָן אין אַזאַ קאָנגרעס נישט נעמען קיין אַנטייל, ווייל ער זעט אין אים מער שאָדן, איידער נוצן פאַר אונזער פאָלק, קאָנען מיר נאָר באַדויערן זיין פּאָליטישע בלינדקייט, אָבער קיין טענות צו אים קאָנען מיר נישט האָבן, און מאָנען פון אים האָבן מיר גאָרנישט נישט,

וואָס צו מאָנען. ער וויל נישט גיין צו אונז און מיט אונז, זאָל ער זיצן אין דער היים, און מיר וועלן טאָן אונזערס.

דאָס געזאָגטע איז, דוכט מיר, אַזוי קלאָר, אַזוי פּשוט, דער אמת דערפון איז אַזוי בולט, אַזוי לייכט אָנצוטאַפּן מיט די פינגער, אַז מען מוז זיך ווירקלעך וואונדערן, ווי אַזוי פרייע מענטשן מיט קלאָרע קעפּ קאָנען קוקן דערויף אַנדערש.

לײדער איז עס שוין אָבער אַזוי, אַז דאָס איינפאַכע, פּשוטע און קלאָרע באַווייזט זיך ערשט זייער שפּעט פאַר אונ־זערע אויגן. פריער זעען מיר דוקא דאָס פאַרדרייטע און פאַרפּלאָנטערטע. און ווי מיר קוקן, אַזוי לעבן מיר (אָדער: „ווי מיר לעבן, אַזוי קוקן מיר?"). די איינפאַכע, פּשוטע און קלאָרע יסודות פון אַ געזונטן, נאָרמאַלן פּאָליטישן און סאָ־ציאַלן לעבן וועלן ערשט אַריינגעפירט ווערן אין דער געזעל־שאַפט, נאָכדעם ווי דורות און דורות וועלן זיך האָבן געוואָרגן און געשטיקט אין אומגעלומפּערטע, נאַרישע און פאַרברעכע־רישע פאָרמען פון אונזער סאָציאַלן און פּאָליטישן פיר.

דאָס איז לײדער אויך אמת בנוגע צו די באַציאונגען, וואָס הערשן צווישן דער יידישער עפנטלעכקייט און דעם „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע".

עס איז אַן אומגעלומפּערטער ווידערשפּרוך, אַז עס זאָל איין רגע זיך קאָנען האַלטן אַ טיראַניש־אָליגאַרכישע קהל־ווירטשאַפט אין אַ פרייהייטלעך־דעמאָקראַטישן שטאַט. אָבער דוקא, ווייל עס איז אַן אומגעלומפּערטער ווידערשפּרוך, האָט דאָס אַ סך שאַנסן פאַנאַנדערצוליייגן זיך בהרחבה אין אונזער לעבן, ווי אין זיין פאָטערס ווייַנגאָרטן, און ווערגן אונז און דריקן אונז אַזוי לאַנג... ביז עס וועט פּלוצלונג פאַרשווונדן ווערן דער נעפּל פון אונזערע אויגן, און מיר וועלן פּלוצלונג איינזען, אַז די אומגעלומפּערטע פאַרזעעניש האָט נאָך לכתחילה נישט געהאַט קיין רעכט אַריבערצוטרעטן דעם שוועל פון אונ־זער לעבן.

די „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע" פירט זיך אָפּטמאָל אויף בנוגע צו אונז, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן דאָ באמת גע־ווען „אַ שטאַט אין אַ שטאַט", און ער איז דער געזאַלבטער

הערשער אין אים. און מיר ווידער מאַכן אָפּטמאָל אַזעלכע מיאוסע האוואַיעס פון אונטערטעניקייט און הכנעה צו אים, אז דער דרויסנשטייענדיקער מוז אַן אַנדערש מאָל מיינען, מיר האָבן דאָ אין לאַנד באמת אונזער אייגענע, אַ פּאַרבאַהאַלטענע רעגירונג, וואָס האָט אַ רעכט צו פירן אַ ממשלה איבער אונז.

דידאָזיקע אומגעלומפּערטע לאַגע איז, ערשטנס, אויפגעבויט אויף אַ קאָלאָסאַלען שקר: מיר זענען פּאָליטיש אַלע פרייע אַמעריקאַנער בירגער, און קיינער פון אונז קאָן נישט זיין מער יחסן, איידער דער אַנדערער. און צווייטנס, קאָן זיך חלילה פירן צו מיספאַרשטענדענישן, — אָדער ווי דער טייטש זאָגט: צו „מיאוסע פאַרשטענדענישן״ — אויף ביידע צדדים. מיר קאָנען זיך חלילה איינגעווינען צו קוקן אויף דער פּרייווילעק-פּריוואַטער גרופּע פון מענטשן, וואָס רופט זיך דער „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע״, ווי אויף אַן אינסטיטוט, וואָס האָט על פּי דין אַ רעכט צו זיין דער אויסדריקער און אויספירער פון אונזער עפנטלעכן ווילן. און יענע גרופּע מענטשן קאָנען זיך חלילה איינשמועסן, אַז אויף איר איז אַרויפגעוואָרפן געוואָרן דער חוב האַלטן אין איין זאָרגן און טראַכטן, וויאַזוי צו טאָן וואָס מער גוטס פאַר די אַמעריקאַנער יידן און פאַר די יידן פון דער גאַנצער וועלט, און אַז דערביי דאַרף זי אַכטונג געבן אויף אונזער יעדן טריט אין שריט, מיר זאָלן, חס ושלום, נישט אָנטאָן קיין שאָדן זיך אַליין.

אָבער עס איז דאָך שוין צייט, אַז די נעפּלען זאָלן פאַרשווינדן, אַז די אומגעלומפּערטקייט פון דער לאַגע זאָל זיך אָנהויבן ווארפן יעדן איינעם אין די אויגן, אַז די „מיאוסע פאַרשטענדענישן״ זאָלן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּגעשאַפט ווערן פון לעבן.

**און צוליב דעם אליין איז שוין נויטיק א קאָנגרעס.**

וואָס עס זאָלן נישט זיין זיינע אויפגאַבן אין דעם איצטיקן שווערן מאָמענט, וואָס עס זאָלן נישט זיין די רעזולטאַטן, צו וועלכע ער וועט קומען, צוליב איין זאַך איז ער געוויס נויטיק, ווי אין לעבן, און איין רעזולטאַט מוז געוויס אַרויסגיין פון

אים אַזוי קלאָר, ווי דער טאָג: אַז נישט מיר האָבן אויף יע־נער פריייוויליקער — פּריוואַטער גרופּע מענטשן אַרויפגעוואָרפן דעם שווערן חוב צו זאָרגן פאַר אונז און די אומגעהייער־ערנסטע אחריות, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַזאַ חוב. און קוים וועט דאָס קלאָר ווערן פאַר אַלעמען, וועלן מיר דעמאָלט וויסן, אַז נישט מיר האָבן עפּעס וואָס צו מאָנען פון דעם „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע" און נישט ער קאָן האָבן וועלכע עס איז טענות צו אונז.

אויב אָבער עס וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז מ י ר דאַרפן האָבן אַ יידיש־אַמעריקאַנישן קאָמיטעט, וואָס זאָל תמיד שטיין אויף דער וואַך פון אונזערע אינטערעסן אומעטום, — און עס איז גאָר קיין ברעקל ספק נישט, אַז אַזאַ נויטווענדיקייט איז דאָ, — וועלן מ י ר, דורך אונזערע פריייוויליק־געוויילטע פאָר־טרעטער צו דעם קאָנגרעס פריייוויליק אַזאַ קאָמיטעט אויס־קלייבן און מיר וועלן דורך אַ פריייוויליקן אָפּמאַך און באַשלוס אַריינלייגן אין זיינע הענט יענע מאַכט, וועלכע מ י ר וועלן געפינען פאַר נויטיק צו געבן אים און אונטער אַזעלכע באַ־דינגן, וואָס מ י ר וועלן אויסאַרבעטן, לויט אונזערע אינטע־רעסן.

אויב די זייער חשובע ברידער אונזערע, וואָס האָבן געבילדעט דעם „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע", וועלן נעמען אויף זיך די אחריות צו דינען אין אַזאַ אויסגעקליבענעם קאָ־מיטעט, — אַ גרויסע אַחריות, וואָס איז אָבער פאַרבונדן מיט דעם גרעסטן כּבוד, וואָס די אַמעריקאַנער יידנשאַפט קאָן אָנטאָן אירע מיטגלידער, — אויב זיי וועלן זיין יענער אָפיציעלער קאָמיטעט, אויסגעקליבן און באַפולמעכטיקט פונם קאָנגרעס, -- וועט פאַר זיי נישט בלייבן קיין אַנדער וועג, ווי נאָר — אַנטייל נעמען אין דעם קאָנגרעס און אַרויסשטעלן זייערע קאַנדידאַטן.

עס איז קוים דאָ אַ פּלאַץ פאַר אַ וועלכן עס איז ספק, אַז די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס יענע ברידער אונזערע האָבן אויפגעוויזן אין זייער פאַרגאַנגענער אַרבעט, וועלן זיין אַ שטאַר־

קער מליץ־יושר פאַר זייער אויסוואַל אין דעם נייעם „יידיש־אַמעריקאַנישן קאָמיטעט“.

על־כל־פנים איז קלאָר, אַז נישט פון דעם „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע“ דאַרף אָפּהענגען די פראַגע, צי עס זאָל צונויפגערופן ווערן אַ קאָנגרעס, אָדער נישט. אין דער אמתן הענגט דער ענטפער אויף דער פראַגע אָפּ פון אונזער אייגענעם ווילן. און עס בלייבט נאָר אָפּצוװאַרטן און צוצוזען, צי האָט דער יונגער אָרגאַניזם פון דער אַמעריקאַנער יידנשאַפט שוין דערגרייכט יענע יאָרן, ווען אין אַ געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם וואַקסט אויס אַן אייגענער ווילן.

4־טן מאַי, 1915

# דער באַפעל פון דער צייט.

די געשיכטע האָט אירע וואָכעדיקע פעריאָדן, ווען דאָס לעבן גייט זיך זיין געוויינלעכן גאַנג, לויט דעם אַלגעמיינעם קלאָרן „שכל הישר”, וועלכן מען האָט אַריבערגענומען פון די טאַטעס און די זיידעס; ווען אַלע פאָרמען פון דעם לעבן, — די פּאָליטישע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע, — אַלע באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש, צווישן פאָלק און פאָלק זענען פאַרגליווערט, ווי פעלזענע בערג; ווען די אַרבעט פון דעם פראָגרעס באַשטייט אין איין האַקן און קראַצן דעם פעלזענעם שטיין, כדי אַביסל ברייטער צו מאַכן די לעבנס-פאָרמען, וואָס ענגען אונז איין; ווען אויך די אַרבעט מוז געפירט ווערן אונטער אַ שטענדיקן קאַמף אַנטקעגן די, וואָס האָבן אויפגעבויט זייערע פעסטונגען אויף די פעלזענע בערג און ציטערן, מיר זאָלן נישט אונטערגראָבן דעם יסוד פון זייער זיין; ווען דאָס רוב קאָן מער נישט, ווי לאַכן פון יענע משוגענע אידעאַליסטן, וואָס ווילן מיט זייערע קעפּ דורכברעכן די שטיינערנע ווענט אָדער אויף פאַנטאַסטישע פליגלען אַריבערפליען איבער זיי.

די וואָכעדיקע פעריאָדן זענען די אָפטסטע אין דעם לעבן פון דער מענטשהייט. אָבער פון צייט צו צייט טרייסלט די געשיכטע אַראָפּ פון זיך דעם שטויב פון דער טאָג-טעגלעכקייט; עס טרעטן אַריין יום-טובדיקע עפּאָכעס. ווען די פאַרבאָרגענע כוחות פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס האָבן אָנגעזאַמלט אַ וווּלקאַנישע היץ אין דער טיף, וואָס רייסט אויף דעם פאַרגליווערטן איבערדעק פון דעם לעבן און שפּאַרט האַסטיק אַרויס אין פייער-שטראָמען פון צעשמאָלצענע מאַסן; ווען דאָס, וואָס איז פריער געווען קאַלטער, פאַרגליווערטער, טויטער פעלזן-שטיין ווערט צעגליט און צעפלאָסן אין אַ לע-

בעדיקן, ברענענדיקן פלוס, וואָס קאָן אַריינגעגאָסן ווערן אין נ יי ע פאָרמען און אומגעריכטערהייט פאַרווירקלעכן יענע חלומות פון דעם אידעאַליסט און דעם פאַנטאַסט, אויף וועלכע דער „שכל הישר" האָט גאָר אַנדערש נישט געקאָנט קוקן, ווי נאָר אויף באַשיינפערלעך-משוגענע אוממעגלעכקייטן.

דאָס זענען די פעריאָדן פון גרויסע רעוואָלוציאָנערן, וואָס אין זיי ווערן אומגעגאָסן די פאָרמען פון דעם לעבן; די צייטן פון „אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן", וואָס האָבן נאָר איצטער אַ שאַנס צו ווערן אַ ווירקלעכקייט.

עס ווייזט אויס, אַז דער איצטיקער וועלט-קריג האָט אַ סך פון יענעם רעוואָלוציאָנערן, וולקאַנישן פייער אין זיך, וואָס דאַרף צעשמעלצן די אַלטע שטיינערנע פעלזן און אַריינגיסן זיי אין נייע פאָרמען; וואָס באַשאַפט אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן אויב נישט פאַר נייע באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש, איז פאַר נייע לעבנס-פאָרמען צווישן פאָלק און פאָלק; פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון יענע בענקשאַפטן, וואָס האָבן געלאָדערט אין זייער טיף.

עס קאָן זיין, פוילן וועט אויפשטיין תחית-המתים; עס קאָן זיין, טשעכיע וועט ווערן אַ זעלבשטענדיקע מדינה; עס קאָן זיין, איטאַליע וועט ווערן פאַראייניקט; עס קאָן זיין, אַז רומעניע וועט האָבן אַלע אירע פראָווינצן ביי זיך אין דער היים; אַז די נישט-אונגאַרישע פעלקער אין אונגאַרן וועלן אַראָפּשליידערן פון זיך דעם פרעמדן מאַדיאַרישן יאָך; אַז טיראָל וועט זיך פאַראייניקן מיט דייטשלאַנד; אַז עסטרייך, — דאָס אומגעלומפערטע עסטרייך, — וועט פאַרשווינדן פון דער ערד.

עס איז קלאָר, אַז צו אַזעלכע רעוואָלוציאָנערע צייטן פון שטורעמדיקן „ווערן" קאָן מען נישט צוטרעטן מיט דעם וואָכעדיקן מאַסשטאַב פון דעם פרידלעכן זיין. מען מוז דעם אַלטן „שכל הישר" מיט זיין לאָגיש אַבסאָלוט-ריכטיקן חשבון, וואָס עס קאָן זיין און וואָס עס קאָן נישט זיין, פאַרפּאַקן אין שופלאָד; מען מוז זיך צוהערן צו דער נ יי ע ר לאָגיק, וואָס ברויזט אין נייע „אוממעגלעכע" פאַקטן.

דאָס איז אמת פאַר אַלע פעלקער, וואָס זענען אַרומגע־כאַפּט מיט די פלאַמען פון קריג; דאָס איז אויך אמת בנוגע צו אונזער אייגענעם פאָלק, צו דעם פּראָבלעם פון זיין גאַנ־צער און פולער באַפרייאונג, פון זיין נאַציאָנאַלער ווידערבאַ־לעבונג אין דעם לאַנד פון אונזערע אבות.

דער ציוניזם פ א ר דעם קריג, דער וואָכעדיקער ציו־ניזם פון דער וואָכעדיקער צייט, איז איין זאַך, און דער יידי־שער קאַמף פאַר ארץ ישראל אין דער צייט פון „אומבאַגרע־נעצטע מעגלעכקייטן" איז אַ גאַנץ אַנדער זאַך.

די ציוניסטישע אַרבעט, וואָס האָט זיך טראָפּנווייז געטאָן אין ארץ ישראל פאַר דעם קריג, האָט ביי יעדן ניכטערן, פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלן פּאָליטיקער נישט נאָר נישט געקאָנט אַרויסרופן קיין התלהבות צו זיך. זי האָט געמוזט, מחמת אַ סך טעמים, ווירקן אָפּשטויסנדיק, ווי אַ מער שעדלעכע, איידער נוצלעכע זאַך.

דער, וואָס האָט יענע אַרבעט באַטראַכט מיט די ניכטערע אויגן פון אַ רעאַל־פּאָליטיקער, פריי פון פאַנטאַסטישער ראָ־מאַנטיק, נישט געגלויבט אין יעדן „יאָ", אַנטקעגן וועלכן מען קאָן אַרויסשטעלן זיבן „ניינס", און נאָר אָפּגעווויגען די אַר־בעט, וואָס ווערט ווירקלעך געטאָן, און די שאַנסן, וואָס זע־נען ווירקלעך פאַראַן, — דער האָט געמוזט באַקומען פון איר אַזאַ מין, שוין גאָרנישט קיין געהויבן, בילד:

אַ לפי ערך קליינע גרופּע מענטשן האָט זיך אַוועקגע־שטעלט פאַר איר ציל, אויפצובויען אין אַן אָרעמען חרובן לאַנד אַ נייע אַרט מענטשלעכע קולטור, — אַ ה ע ב ר ע א י־ש ע, — אין וועלכער די גרויסע מאַסן פון אונזער פאָלק נויטיקן זיך נישט, אין וועלכער קיינער קאָן נישט זיין פאַר־אינטערעסירט, אַ חוץ יענער קליינער גרופּע מענטשן אַליין. זי האָפט דאָס צו דערגרייכן אויף דעם וועג פון אַ קליינער קאָלאָניזאַציע מיט גרויסע קרבנות. אין שטענדיקע שטרייטי־קייטן און רויבערייען מיט די דאָרטיקע איינוווינער, די אַראַ־בער. אין אַ שטענדיק־באַוואָפנטן צושטאַנד אַנטקעגן זיי; אָן [redacted] טשאַרטער, וואָס זאָל די יידן געבן באַשטימטע, פאַרבריפטע

רעכט און וואָס זאָל פאַנאַנדערגרענעצן די מאַכט-ספערן און די רעכט-ספערן פון די יידן און די אַראַבער; אונטער דעם שוץ פון די טערקישע געזעצן, פון דער טערקישער אויבער-הערשאַפט, וועמען עס קאָן לוינען צו האָבן אַ באַשטימטע צאָל יידן אין לאַנד, ווי אַ בייטש אויף די אונטערריאָכטע אַראַבישע שבטים.

אַזאַ אידעאַל קאָן מקוים ווערן אין ליליפּוטאַנישע מאָסן; יידן קאָנען ווערן אַ בייטש אויף דעם אַראַבער אין די הענט פון דער טערקישער הערשאַפט; די אָפּפער, וואָס ווערן פאַרלאַנגט פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק, קאָנען געבערענגט ווערן. אָבער וואָס וואָלט דערפון געהאַט דאָס יידישע פאָלק? דאָס יידישע פאָלק וואָלט דערפון געהאַט נאָר דאָס זיסע באַוווסטזיין, אַז ערגעץ-ווו אין אַ טערקישער פּראָווינץ לעבן אַ האַלב-מיליאָן ביז אַ מיליאָן יידן, וואָס זאָגן „שור" אָנשטאָט „אָקס" און „זבב" אָנשטאָט „עק".

און אָט דער ליליפּוטאַנער אידעאַל האָט געפונען אין זיך דעם קוראַזש אָװעקצושטעלן זיך אין דעם צענטער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, פאָדערן, אַלץ זאָל געטאָן ווערן פון זייַנעטוועגן, די פּראָבלעמען פונם יידישן לעבן זאָלן זיך בויגן פאַר די נויטן פון דעם העברעאישן שאַפן, די מיליאָנען אין גלות זאָלן טאַנצן נאָך דעם פייפל פון די טויזנטער אין ארץ ישראל.

נישט נאָר דער „שכל הישר" איז געווען אַנטקעגן דעם אידעאַל און אַנטקעגן דער אַרבעט צוליב אים. ער האָט געהאַט נאָך אַן ערגערן פיינד אַנטקעגן זיך: די נויטן און באַדערפעגישן פון די יידישע מיליאָנען, פאַר וועלכע עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ אין דער קליין-קאָלאָניזאַציע, צווישן די באַוואָפנטע אַראַבישע באַרבאַרן, אונטער דעם „שוץ" פון דער באַרבאַרישער טערקיי.

דער ציוניזם וואָלט געקאָנט זיך אויסגלייכן מיט זיין פיינט, ער וואָלט געקאָנט ווערן דער אידעאַל פונם פאָלק, ווען ער וואָלט געהאַט די מעגלעכקייט, געבויט צו ווערן אויף גאַנץ אַנדערע, ברייטערע און זיכערע יסודות: אויף די יסודות

פון אַ פּאָליטישן טשאַרטער אויף די ווייטע, נאָך נישט באַזעצטע אָדער שוואַך באַזעצטע שטרעקעס לאַנד אין „פּאַלעסטינע און די נאָכבאַר-לענדער״ (ארץ ישראל, סיריע און מעסאָפּאָטאַמיע); אויף די יסודות פון אַ גערעגלטן אָפּמאַך מיט די אַראַבער, וואָס זאָל פּאַנאַנדערגרענעצן און באַשטימען אונזערע ביידנס מאַכט-ספערן און רעכט-ספערן; אויף די יסודות פון אַ פולער פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט פאַר דעם יידישן פאָלק; פון אַ גרויסער פאָלקס-עמיגראַציע, וואָס זאָל שוין געבן באַשעפטיקונג די גרויסע מאַסן ביי די אַרבעטן פון דער קולטורעלער ווידערבאַלעבונג פון דעם לאַנד, אָנגעפירט אויף אַ קאָלאָסאַלן מאַסשטאַב מיט די קאָלאָסאַלע מיטלען, וואָס דאָס יידישע פאָלק פאַרמאָגט; אויף די יסודות פון אַ ריין-דעמאָקראַטישער פאַרוואַלטונג, וואָס זאָל גאַראַנטירן די פאָלקס-מאַסן די מאַכט, צו בויען אַזאַ קולטור, אין אַזאַ שפּראַך, און אַזאַ עפענטלעכן לעבן, אין וועלכע זיי, די פאָלקס-מאַסן, נויטיקן זיך. סיי צוליב דעם לעבן אויפן אָרט, סיי צוליב זייער ווירקונג אויף דאָס קולטורעלע לעבן פון אַלע יידן אויף דער גאַנצער וועלט.

אָבער אַזעלכע מעגלעכקייטן האָט דער ציוניזם נישט געהאַט; דער „שכל הישר״ פון דער וואָכעדיקער, פרידלעכער צייט האָט זיי נישט געקאָנט אײַנזען, און ער איז געווען גערעכט: די פעלזענע נישט איינצונעמענדיקע בערג, וואָס זענען געשטאַנען אין וועג צו דעם אידעאַל, האָט מען נישט געקאָנט דורכשלאָגן מיט די אייגענע קעפּ, ווי היציק זיי זאָלן נישט זיין, נישט געקאָנט אַריבערשפּרייזן, סיידן אין דער פאַנטאַזיע און אין דעם חלום.

— ס׳איז אַ חלום! — פלעגן זיך מודה זיין די בעסטע פון די ציוניסטן. אָבער ווי גרויס איז ער! ווי דערהאַבן! מיר קאָנען נישט לעבן אָן אים.

— חלומט געזונטערהייט! — פלעגן מיר ענטפערן דערויף. אָבער רעדט נישט צו הויך פון שלאָף: איר שטערט אונז אין אונזער אַרבעט. און זייט מוחל, גייט נישט אום „צום חלום״: איר פלאָנטערט זיך אונז אין די פיס.

אַזוי האָבן מיר געמוזט דעמאָלט ענטפערן, אונטער דעם באַפעל פון דעם שכל הישר, אונטער דעם באַפעל פון די נויטן און ליידן פון אונזער פאָלק, וואָס האָט אונז פאַרווערט, מיר זאָלן קומען פאַרחלומטע צו אים.

און מיר זענען געווען גערעכט — ביז צו דעם מאָמענט, ווען עס האָט נאָך געהערשט דאָס וואָכעדיקע לעבן, מיט דער וואָכעדיקער, פרידלעכער לאָגיק, מיט איר'ע אייזערנע געזעצן וועגן דעם, וואָס מען קאָן און וואָס מען קאָן נישט.

איצטער האָט זיך די לאַגע איבערגעביטן. ארץ-ישראל איז אַריינגעצויגן אין דעם ווולקאַנישן אויסברוך. דאָס יידישע פאָלק איז אַרומגענומען מיט די פלאַמען פון דעם קריג. די פעלזן-בערג, וואָס זענען געשטאַנען אויף דעם וועג צו דעם אידעאַל, זענען צעשמאָלצן. זיי זענען אַ טייל פון יענער ברע-נענדיקער לאַווע, וואָס דאַרף אַריינגעגאָסן ווערן אין נייע פאָרמען. אַן אומבאַגרענעצטער האָריזאָנט האָט זיך געעפנט. וואָס איז געווען אוממעגלעך, איז געוואָרן מעגלעך, און שוין הערט מען פון אַלע זייטן אַלץ באַשטימטערע און באַשטימ-טערע רייד, — רייד, וואָס שטאַמען פון אויטאָריטאַטיווע קוועלן, פון מלוכה-מענער און איינפלוסרייכע דיפּלאָמאַטן, אַז די פראַגע וועגן ארץ ישראל פאַר דאָס יידישע פאָלק קאָן ערנסט אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דעם סדר-היום אויף מאָרגן נאָך דעם קריג.

עס וואָלט געווען אַן אומדערקלערלעכער וווּנדער, ווען דאָס יידישע פאָלק וואָלט אינסטינקטיוו נישט דערשפּירט די ניי-געשאַפענע מעגלעכקייט, יענע מעגלעכקייט, וואָס טראָגט אין זיך גופא אַ באַפעל פאַר אים, ער זאָל אָנווענדן אַלע זיינע קרעפטן, כדי זי זאָל ווערן אַ ווירקלעכקייט.

צו דער צאָל מענטשן, וואָס האָבן קלאָרער, איידער אַ סך אַנדערע, און טיפער, איידער אַ סך אַנדערע, דערפילט אין זיך יענעם באַפעל פון דער צייט, געהער דער באַרימטער רוסיש-יידישער רעוואָלוציאָנער, פ. רוטענבערג, וועמעס שריפט עס דאַרף דערשיינען די טעג אונטער דעם נאָמען: „די נאַציאָנאַלע ווידערבאַלעבונג פון דעם יידישן

פאָלק״. פ. רוטענבערג טרעט אַרויס דאָרטן מיט דער פאָדע-רונג, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל זיך אָרגאַניזירן, ווי אַ גע-אייניקטער נאַציאָנאַלער קערפּער, און שוין איצטער אָנהויבן אָפיציעל צו פירן פאַרהאַנדלונגען מיט די פאַראינטערעסירטע צדדים. די פאַרהאַנדלונגען דאַרפן האָבן צו זייער ציל די צוויי וויטאַלסטע פונקטן פון אונזער נאַציאָנאַלער ווידערבאַלע-בונג: די שאַפונג פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ ישראל און די דעראָבערונג פון פולע נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן אין אַלע לענדער, ווו זיי וווינען.

וועגן אָט דעם נייעם קעמפער פאַר יידישער פרייהייט און וועגן זיין שריפט, וואָס קאָן מיט רעכט אַוועקגעשטעלט ווערן גלייך נאָך פינסקערס „אויטאָעמאַנסיפּאַציע״ און דר. הערצלס „יודען-שטאַאט״, וועלן מיר רעדן אין דעם נעכסטן אַרטיקל.

20-טן יוני, 1915.

# אַ נייער קעמפער פאַר יידישער באַפרייאונג.

„די גרויסע נאָמענלאָזע ליידנספולע מאַסע פון יידישן פאָלק גויטיקט זיך נישט אין מיינע ראיות. מיט פיל האָבן פיל פון אונז געזינדיקט קעגן איר. איך פערזענלעך בויג איין טיף מיין קאָפּ פאַר איר און טו תשובה אויף מיינע זינד געגן איר. זי ווייס: „יעדער טאָג האָט זיין פלאָג” און זי וועט מוחל זיין. אָבער פאַר די צווייפלענדיקע, זיך קווענקלענדיקע פון אונזערע אויבערשטע שיכטן זאָל איך דינען פאַר אַ כאַראַקטעריסטישן און באַלערנדיקן ביישפּיל, פאַר אַ זיכערן עדות, וואָס האָט אַלץ אויף זיין רוקן אַריבערגעטראָגן, אַלץ מיט זיין אייגענער נשמה אויסגעווייטיקט”.

אַזוי שרייבט הער פּ. רוטענבערג צו דעם סוף פון זיין שריפט: „די נאַציאָנאַלע ווידערבאַלעבונג פון דעם יידישן פאָלק”, — דער שריפט, וועגן וועלכן איך האָב גערעדט אין מיין פריערדיקן אַרטיקל: „דער באַפעל פון דער צייט”.

ווער איז הער רוטענבערג? מיט וואָס האָט ער זיך פאַרזינדיקט פאַר אונזער פאָלק און אויף וואָס טוט ער תשובה? וועגן וואָס זאָגט ער עדות און — מיט וואָס קומט ער צו אונז.

פאַר די, וואָס זענען נענטער באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, קאָן דער נאָמען פּ. רוטענבערגס נישט קלינגען פרעמד.

אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור איז ער צום ערשטן מאָל דערמאָנט געוואָרן אין פאַרבינדונג מיט דעם „רויטן זונטיק”, יענעם געשיכטלעכן טאָג, אין וועלכן די רוסישע אַרבעטערשאַפט האָט, אַזוי צו זאָגן, אָפיציעל פּראָקלאַמירט די רוסישע רעוואָלוציע. אָנגעפירט פון דעם יונגן גלח, ג אַ פּ אָ ן, זענען אין יענעם טאָג, דעם 9-טן יאַנואַר 1905, טויזנטער

פון אַרבעטער געגאַנגען מיט אַ פרידלעכער פּעטיציע צו דעם „צאַר-באַטיושקאַ", „בעטנדיק" פּאָליטישע פרייהייטן פאַרן גאַנצן פאָלק. דער „צאַר" האָט, ווי יעדער געדענקט, געענטפערט אויף דער פרידלעכער דעמאָנסטראַציע מיט אַ שוידערלעכער בלוט-באָד, און האָט מיט דעם גופא אַריינגעטריבן די פּעטער-בורגער אַרבעטערשאַפט און איר פירער, גאַפּאָן, אין די רייע-פון דעם רעוואָלוציאָנערן קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט.

פּ. רוטענבערג, דעמאָלט אַן אינזשיניער אויף אַ רוסי-שער פאַבריק, וואָס האָט געאַרבעט ווי אַ סאָציאַליסט-רעוואָלו-ציאָנער צווישן די אַרבעטער, איז מיט אַ פּאָר טעג פאַר דער דעמאָנסטראַציע באַקאַנט געוואָרן מיט גאַפּאָנען, איז געגאַנגען אינאיינעם מיט אים אין דער שפּיץ פון דער דעמאָנסטראַציע, איז אינאיינעם מיט גאַפּאָנען געלעגן אויכן גאַס אונטער די קוילן פון די קאַנאָנען און האָט זיך געראַטעוועט אינאיינעם מיט אים אין אַ דערבייאיקן הויף. פון דאָרטן האָבן זיי זיך אַרי-בערגעקליבן אין אַ זיכערן אָרט, ווו רוטענבערג האָט מיט זיין טאַשן-שערל „פאַנאַנדער-געשאָרן" דעם גלח, פאַרוואַנדלט אים פון אַ „פּראַוואָסלאַוונעם פּאָפּ" אין אַ פריידענקנדיקן רעוואָ-לוציאָנערן פירער. דער גייסטיקער פירער אָבער פון גאַפּאָנס רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען איז געווען פּ. רו-טענבערג. די ערשטע צוויי פּראָקלאַמאַציעס, וועלכע האָבן גע-טראָגן גאַפּאָנס אונטערשריפט, זענען פאַרפאַסט געוואָרן פון רוטענבערגן, ער האָט געהאַט דערצו די פולע מאַכט פון גאַ-פּאָנען, וואָס האָט אים איבערגעגעבן בלאַנקען, אונטערגעשרי-בענע מיט יענעמס נאָמען; „דער פּריסטער געאָרגי גאַפּאָן".

די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט האָט ביידע פאַרבונדן אין אַן ענגער ברידערלעכער פריינטשאַפט, און מען קאָן זיך גוט פאָרשטעלן, וואָס הער רוטענבערג האָט געמוזט איבערלעבן, בעת ער האָט זיך דערוווסט, אַז זיין פריינט, זיין חבר, דער סימבאָל פון דער רוסישער פאָלקס-רעוואָלוציע, געפינט זיך אין ענגע, גאָרנישט קיין צווייזייטיקע באַציאונגען צו דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע. און דערוווסט האָט ער זיך וועגן דעם פון אַ גאַנץ זיכערער קוועלע: פון גאַפּאָנען אַליין, וואָס

האָט, אונטער דער מאַסקע פון טובת הכלל, אויך זיין פריינט געוואָלט אַריינשלעפּן אין דעם זעלבן שמוציקן זומפּ.

רוטענבערג האָט די גאַנצע אָנגעלעגנהייט איבערגעגעבן דעם צענטראַל-קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, פון וועלכן ער האָט באַקומען דעם אויפטראַג צו באַשטראָפן דעם פאַררעטער. אין אַן איינזאַם-געלעגענעם לאַנד-הויז באַהאַלט ער אין אַ צימער אַ צאָל רעוואָלוציאָנערע אַר-בעטער פון גאַפּאָנס איבערגעגעבענע תּלמידים און פאַרערער. אין דעם צימער דערביי פירט ער די אונטעררעדונגען מיט גאַפּאָ-נען וועגן די באַדינגונגען פון דעם פאַרראַט, און ווען פאַר די פאַרבאָרגענע עדות האָט שוין קיין ספק נישט געקאָנט זיין, פון דעם גלחס אייגענע רייד, ווי טיף ער איז געפאַלן און וואָס איז דער אמתער כאַראַקטער פון זיין איצטיקער טעטי-קייט, האָבן זיי זיך אַרויסגעריסן פון זייער באַהעלטעניש און האָבן אים — געטאָן זיין רעכט...

מיט דעמזעלביקן טאַשן-שערל, מיט וועלכן רוטענ-בערג האָט אַ מאָל „פאַנאַנדערגעשאָרן" דעם „פּאָפּ", האָט ער דערנאָך געמוזט אָפּשניידן פון תּליה דעם טויטן גוף פון זיין געוועזענעם פריינט און חבר...

אָט דאָס איז בקיצור, וואָס עס איז אָפיציעל באַקאַנט געוואָרן פון הערן פּ. רוטענבערגס טעטיקייט און דאָס איז געוויס נאָר איין עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון זיין רעוואָ-לוציאָנערער אַרבעט, וואָס ער האָט געטאָן, ווי אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. אָבער שוין פון דעם עפּיזאָד אַליין קאָן מען זיך לייכט מאַכן אַ בילד פון יענעם טיפּ רעוואָלוציאָנערע קעמפער, צו וועלכע הער רוטענבערג געהער.

ער שטעלט מיט זיך פאָר די פאַרקערפּערונג פון יענעם גייסט, וואָס האָט געהערשט ביי די גלענצנדסטע פאַרטרעטער פון דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, ביי די גערשוניס, קאַלאַיעווס און סאַזאָנאָווס, דעם גייסט פון ענטוזיאַסטישן פריי-הייטס-קאַמף, מיט וועלכן עס איז געווען דורכגעדרונגען דאָס גאַנצע פּראָגראַם פון יענער פּאַרטיי.

לאָמיר זיך דערמאָנען אָן אַ פּאָר וויכטיקסטע שטריכן פון יענעם גייסט. אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבן גע-רופן צום פרייהייטס-קאַמף, אָבער נאָר די פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן האָט פאַרשטאַנען דאָס וואָרט „קאַמף" אין זיין ווירקלעכער היסטאָרישער און טראַגישער באַדייטונג: אַ קאַמף נישט דורך פּעטיציעס, דעמאָנסטראַציעס און רעזאָלוציעס, נאָר אַ בלוטיקן קאַמף מיט כלי-זין אין די הענט. צו דעם קאַמף האָבן זיי גערופן דאָס גאַנצע פאָלק, דעם קאַמף האָט די פּאַרטיי אַליין געפירט, אויף וויפל זי האָט געקאָנט: און געפאָדערט האָט די פּאַרטיי, אַז דער וואָס גייט אין דעם קאַמף, זאָל דאָס טאָן אין דעם באַוווסטזיין פון אַן אומבאַדינגטן חוב, וואָס ליגט אויף אים, אין דעם באַוווסטזיין, אַז דעם חוב קאָן ער באַצאָלן נאָר מיט זיין לעבן, וועלכעס ער דאַרף אַוועקגעבן פול און גאַנץ, אין מסירת נפש פאַר דער פרייהייט.

אומבאַדינגטער חוב, קאַמף מיט כלי-זין אין די הענט, בלוטיקער קאַמף און מסירת נפש, — אָט דאָס זענען די גרונט-שטריכן פון יענעם גייסט, וואָס האָט באַהערשט רוטענבערגן און זיינע חברים. ווער עס וויל דערי-בער פאַרשטיין רוטענבערגן, דעם יידן, דאַרף פריער גוט אַריינטעמען אין זיך אָט די גרונט-שטריכן פון רוטענבערגן, דעם רעוואָלוציאָנער.

אין דער צייט פון זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט האָט רוטענבערג ווייניק-וואָס אָדער גאָרנישט געטראַכט וועגן די יסורים און פּלאָגן פון זיין אייגענעם יידישן פאָלק. ער איז געווען וייט פון אים, פאַרפרעמדט פון אים. און דאָס באַטראַכט ער, ווי אַ זינד אַנטקעגן דעם פאָלק, פאַר וועלכער ער טוט תשובה פון גאַנצן האַרץ. ער ווייס, אַז דאָס פאָלק וועט אים פאַרגעבן, ווייל ער, רוטענבערג, איז געווען אַ פּראָדוקט פון יענע אומנאָרמאַלע נאַציאָנאַלע באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק; ווייל ער קערט זיך אום צוריק צו דעם פאָלק מיט זיין גאַנצן האַרצן און זאָגט מיט דעם גופא עדות, סיי אויף זיך, סיי אויף די קינדער פון זיין דור, — אַז דער היסטאָרישער הינערפּלעט, אין וועלכן אונזער

פאָלק איז געלעגן, איז שוין אַריבער; אַז דאָס יידישע פאָלק הויפט אָן קומען צו זיך, אין דער פערזאָן פון זיינע בעסטע קינדער, וואָס וועלן אויפהויבן די פאָן פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג מיט דעם באַוווסטזיין פון דעמזעלביקן אומבאַדינגטן חוב, פון דערזעלביקער אומבאַדינגטער מסירת-נפש, מיט וועלכן זיי האָבן זיך געוואָרפן אין קאַמף פאַר דער פרייהייט פון דעם רוסישן פאָלק.

ווי אַ מאַן פון אומבאַדינגטן חוב און אָנגעשטרענגטער טאַט, קומט הער רוטענבערג מיט זיין שריפט נישט צו שלאָגן זיך אין האַרץ על-חטא פאַר די באַגאַנגענע זינד, נאָר צו פאָדערן פון יעדן איינעם פון אונז דעם חוב, וואָס מיר זענען שולדיק אונזער פאָלק. איך האָב שוין אין מיין אויבנדער-מאָנטן אַרטיקל אין קורצן איבערגעגעבן, אין וואָס דערדאָזיקער חוב באַשטייט, לויט די אָנשויאונגען פון הערן רוטענבערג. ער גלויבט, אַז גראָד אין דער איצטיקער צייט איז באַשאַפן געוואָרן די מעגלעכקייט פאַר אונז, ראַדיקאַל צו פאַרענטפערן דאָס יידישע פּראָבלעם דורך דער גרינדונג פון אַן אייגענער יידישער מלוכה אין ארץ-ישראל.

אין זיין שריפט מאַכט אונז רוטענבערג באַקאַנט מיט יענע איבערלעגונגען זיינע און יענע אַרגומענטן, וואָס האָבן אים געפירט אָט צו דעם רעזולטאַט. נישט אַלע אַרגומענטן זיינע זענען דאָרטן ניי, און די פון אונז, וואָס זענען באַהאַוונט אין דער ליטעראַטור פון אונזער פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַליזם פאַר די לעצטע פינף-און-צוואָנציק יאָר, וועלן אין רוטענבערגס שריפט זעלטן געפינען אַ וועלכן עס איז אַלגעמיינעם אַרגו-מענט, וועלכן זיי האָבן שוין פריער נישט געהאַט באַגעגנט אין אונזער נאַציאָנאַל-פּראָגרעסיווער פּובליציסטיק. דער ווערט פון זיין שריפט באַשטייט אָבער דאָס רוב נישט נאָר אין דעם, וואָס ער זאָגט, נאָר אויך אין דעם, ווער דאָס זאָגט און ווי דאָס ווערט געזאָגט. מען דאַרף אַליין דורכלייענען די שריפט, כדי דורכצופילט צו ווערן פון דעם גרויסן גלויבן, וואָס רעדט צו אונז פון די שילדערונגען און אַרגומענטן.

עס איז כמעט איבעריק צו זאָגן, אַז נישט מיט אַלע אָנשויאונגען רוטענבערגס קאָנען מיר זיין אײנגאַנצן אײנס. ווי קאָנט איר, אין אונזער דיפערענצירטער צייט, געפינען צוויי מענטשן, וואָס זאָלן זיין אײנשטימיק אין אַלע פּרטים?

וועגן די אײנצלנע פּרטים פון זיין טעאָרעטישער שטעלונג און פון זיינע פּראַקטישע פאָרשלאַגן קאָן מען זיך בילדן גאַנץ פאַרשײדענע מײנונגען. אָבער אײן פונקט, דער הויפּטפונקט פון זיין שריפט, — איז, ווי איך גלויב, אַוועקגעשטעלט געוואָרן, אַזוי פעסט און זיכער, אַז עס איז אוממעגלעך צו באַשטרייטן אים: דאָס איז זיין פאָדערונג, אַז אַלע נאַציאָנאַלבאַוווּסטע יידן, וואָס פאַרשטייען דעם „באַפעל פון דער צייט״, זאָלן זיך תיכף אָרגאַניזירן און אַרויסטרעטן, ווי אַן אָפיציעלע פאָראײניקטע קערפּערשאַפט, מיט דעם צוועק — צו טאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך, כּדי נישט דורכצולאָזן דעם איצטיקן גינסטיקן מאָמענט און צו פאַרענטפערן די יידישע פראַגע.

„מיר דאַרפן זיך דערשלאָגן״, זאָגט ער, „אַן אָפיציעלע אָנערקענונג פון אַ פאָרשטייערשאַפט פון יידישן פאָלק, אום צו פאַרהאַנדלען אין זיין נאָמען מיט די רעגירונגען פון די באַטרעפנדיקע מלוכות און אום אָפיציעל צו פאַרטרעטן די אינטערעסן פון יידישן פאָלק אויף דעם פרידן-קאָנגרעס... דאָס ציל זאָל זיין אַ יידישע מלוכה אין ארץ ישראל און אַ מענטשלעך-ווירדיקע עקזיסטענץ אומעטום, ווו די יידן לעבן אין גלות, — אין רוסלאַנד, רומעניע, דייטשלאַנד, א. אַז. וו., — אויף די יסודות פון בירגערלעכער, פאָליטישער און נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג...

דער אײנציקער וועג דערצו איז — די אחדות צווישן די פאַרשײדענע פּאַרטייען און דאָס אומבאַדינגטע בויגן זיך אונטער דעם ווילן פון דעם גאַנצן פאָלק.

„קײנער טאָר נישט האַנדלען אין זיין אײגענעם נאָמען. די אויפלעבונג פון יידישן פאָלק דאַרף זיין די אַרבעט נאָר פון דער מאַסע פון יידישן פאָלק און נישט פון עטלעכע שתדלנים און מליצי יושר״.

די אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן נאַציאָנאַלען ווילן, די

אָפענע און מוטיקע אַרויסטרעטונג פון א יידישער פאָרשטייער-שאַפט, דאָס זיך נישט אָפשרעקן פאַר קיין זאַך, וואָס ליגט אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער יידישער באַפרייאונג, — דאָס איז די אַרבעט, וואָס שטייט איצטער אויפן סדר היום, פאַר וועלכע הער רוטענבערג שטעלט זיך איין אין זיין באַ-דייטנדיקער שריפט מיט אַזוי פיל אינעווייניקסט-גליענדיקן געפיל.

20-טן יוני, 1915.

# אַ באַפולמעכטיקטע יידישע פאַרטרעטערשאַפט.

---

אין פ. רוטענבערגס בראָשור: „די נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט פון דעם יידישן פאָלק”, זענען צונויפגעפלאָכטן צוויי געדאַנקען, וואָס דוכטן זיך אויס, אַז זיי זענען אַזוי צונויפגעוואַקסן אין איינס, אַז זיי קאָנען נישט אָנגענומען ווערן איינער אָן דעם אַנדערן.

איין געדאַנק באַשטייט אין דעם, אַז מיר, יידן, מוזן איצטער זיך עפענטלעך דערקלערן פאַר אַ נאַציע און פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די מאַכטן, וואָס זענען פאַרוויקלט אינם קריג, כדי צו דערשלאָגן זיך צו פולע נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג אין די לענדער, ווו מיר ווינען, און צו אַן אומאָפהענגיקער מלוכה אין פאַלעסטינע.

דער אַנדער געדאַנק באַשטייט אין דעם, אַז מיר זאָלן צושטיין צו די אַליאירטע, מיט וועלכע מיר זענען שוין פאַקטיש פאַרבונדן אין דעם איצטיקן קריג, „לויט דער צאָל פון די קרבנות, וואָס מיר האָבן געבראַכט אין דער איצטיקער מלחמה, און לויט דער צאָל פון סאָלדאַטן, וואָס מיר האָבן אַרויסגעשטעלט אין פעלד” (ז. 29). מיר דאַרפן צושטיין צו די ענגלענדער, פראַנצויזן, איטאַליענער און רוסן און פאַרשלאָגן זיי אַוועקשטעלן אין זייער דינסט נישט נאָר אונזער מאַטעריעלן און גייסטיקן איינפלוס, וואָס מיר קאָנען האָבן אין די גלות-לענדער, נאָר אויך געבן זיי אַן אייגענע יידישע אַרמיי, וואָס זאָל מיט געווער אין דער האַנט קעמפן אונטער דער אייגענער יידישער פאָן, פאַר אונזער פאָטערלאַנד אין ארץ ישראל.

„דורך דיפלאָמאַטישע אָפהאַנדלונגען און דורך שתדלנות קאָן מען קיין מלוכה נישט באַשאַפן”, שרייבט רוטענבערג.

„באַזונדערס אַ יידישע מלוכה און צו לעזן אַזאַ פראַגע, ווי די יידישע... אונזער אייגענעם גלויבן אין אונזער רעכט און אַז אַנדערע זאָלן אַנערקענען אונזער רעכט אויף אַן אומאָפּ-הענגיקער, נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, אויף אַן אייגענע מלוכה — אָט דעם גלויבן און אָט די אַנערקענונג קאָנען מיר באַקומען נאָר מיט וואָפן אין יידישע הענט; נאָר דעמאָלט, ווען מיר וועלן פאַרגיסן אונזער יידיש בלוט אויף יענעם לאַנד און פאַר יענעם לאַנד, ווי קליין אונזער אַרמיי זאָל נישט זיין, אַ יידישע זאָל זי זיין". (ז. 19).

אין די קרייזן, אין וועלכע הער רוטענבערגס אידעען זענען באַקאַנט געוואָרן, נאָך איידער זיין שריפט איז דערשי-נען, האָט גראָד אָט דער געדאַנק אַרויסגערופן, אינאיינעם מיט צושטימונג, אויך אַ העפטיקע אָפּאָזיציע פון אַלערליי זייטן, און עס איז קיין חדוש נישט, פאַרוואָס די אָפּאָזיציע איז אַזוי שטאַרק און אַזוי אַלערליי-זייטיק. דער געדאַנק איז צו ניי, צו אָריגינעל און שלאָגט אין פנים דעם גאַנצן אַרט דענ-קען אונזערן ביז אַהער.

עס איז דעריבער צו דערוואַרטן, אַז אויך אין דעם גרעסערן עולם, וואָס ווערט איצטער באַקאַנט מיט רוטענבערגס שריפט, וועט אָט דער געדאַנק אויף דער ערשטער צייט ווירקן באַפרעמדנדיק.

דער געדאַנק וועט באַקעמפט ווערן פון פאַרשיידענע זייטן. עס וועלן אַרויסטרעטן אַנטקעגן אים די פרינציפּיעלע קעגנער פון יעדער קריגס-פירונג בכלל.

עס וועלן אים באַקעמפן אויך די פון אונז, וואָס זענען נישט אַזעלכע אַבסאָלוטע כשרע פאַציפיסטן פאַר די אומות העולם, וואָס האַלטן אָבער, אַז גראָד מיר, יידן, וועלן דאָ ווערן אומטריי צו אונזער אייגענעם גייסטיקן „איך", צו אונ-זער נאַציאָנאַלער מיסיע אין דער וועלט: זיין דער „נס לגוים" פאַר דעם געדאַנק פון דעם אייביקן וועלט-פרידן.

און עס וועלן אויפגעציטערט ווערן אין זייער גרימ-צאָרן אַלע „מה-יפית"-יידן, וואָס וועלן נישט קאָנען אַריבער

טראָגן די „יידישע חוצפה״ — צו רעדן מיט די „מלכיות״, ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן.

און מיט אַ כּתריאלאָווקער סקעפּטיציזם וועט באַגעגענען אָט דעם געדאַנק דער גרויסער עולם כּתריאלאָווקער באַלעבאַטים, ווע מען עס האָט זיך נישט געגלויבט, אַז מען קאָן דורכפירן אַ באַן קיין כּתריאלאָווקע. ווי פריער, וועלן זיי אויך איצטער וויסן לכתחילה, אַז „אַזאַ זאַך״ קאָן נישט זיין, ווייל „אַזאַ זאַך״ איז קיינמאָל, מאבות אבותינו, אין כתריאלאָווקע נישט געשען — יידן זאָלן מיט דעם אייגענעם ווילן אָנטאָן זיך אין יונישע קליידער, נעמען ביקסן אין די הענט און גיין פירן מלחמה.

איך וויל דאָ אָבער נישט אויסרעכענען אַלע מינים קעגנער פון רוטענבערגס געדאַנק, מיט וועלכע עס איז שוין מיר אויסגעקומען באַקאַנט צו ווערן פון פּריוואַט-געשפּרעכן. איך וויל אויך דאָ נישט אָנפירן אַלע אַרגומענטן, מיט וועלכע מען וואָלט געקאָנט אָפּשלאָגן אַלע יענע ערנסטע און וויניקער ערנסטע טענות.

וואָס איך וויל איצטער דערמאָנען, איז נאָר איינס, — און דאָס איז זייער וויכטיק צו האָבן אין זין:

רוטענבערגס מיינונג וועגן אַ יידישער אַרמיי, וואָס זאָל זיך שלאָגן אין ארץ ישראל אויף דער זייט פון די אַליאירטע, איז נישט דער איינציקער געדאַנק פון זיין שריפט, נישט דער הויפּט-געדאַנק אירער און נישט דער ע י ק ר פון זיינע באַשטרעבונגען.

ווי טייער דער פּלאַן זאָל נישט זיין רוטענבערגן אַליין, ווי ענג ער זאָל נישט זיין צונויפגעוואַקסן מיט זיינע איבעריקע געדאַנקען אין זיין גאַנצער, איינהייטלעכער נאַציאָנאַל-רעוואָלוציאָנערער וועלטאָנשויאונג, וואָלט עס אַבסאָלוט פאַלש געווען צו באַהויפּטן, אַז די הויפּט-זאַך איז פאַר אים די באַשאַפונג פון יידישע לעגיאָנען, און אַז אין דעריבער ליגט דער זין פון זיינע גאַנצע באַשטרעבונגען.

דער פ ו נ ד א מ ע נ ט אַ ל ע ר געדאַנק פון זיין שריפט איז נישט די יידישע אַרמיי, נאָר ד י י י ד י ש ע ב אַ פ ו ל-

מעכטיקטע פאָרשטייערשאַפט, דער אָפּיציעל-אָרגאַניזירטער יידישער פאָלקס-ווילן, וואָס זאָל שטאָלץ אויפ-הויבן די פאָן פון דעם אייגענעם נאַציאָנאַלן זיין און שטאָלץ פאַרהאַנדלען, ווי אַ גלייכער מיט גלייכע, וועגן דעם, וואָס אים קומט און אין וואָס ער נויטיקט זיך, ווי אינם לעבן.

אַט דער אָרגאַניזירטער יידישער פאָלקס-ווילן דאַרף זיין דער אויבערהאַר איבער אַלע איינצלנע פּלענער, וואָס יעדער איינצל-ייד קאָן פאָרשלאָגן, — דער אויבערהאַר אויך איבער רו-טענבערגס אייגענע פּאָליטישע קאָמבינאַציעס.

קלאָר זאָגט ער דאָס אַרויס אין דעם „פאָרוואָרט צו דער אַמעריקאַנער יידישער אויסגאַבע" פון זיין שריפט: „מיינע מיינונגען האָב איך איבערגעגעבן אין דער פאָרליגנדיקער בראָ-שור. אָבער איך רעכן זיך מיט די מיינונגען פון אַנדערע יידן, — מיינונגען, וואָס זענען קעגנגעזעצט צו מיינע, און איך זאָג: די באַדינגונגען, אונטער וועלכע מיר יידן לעבן, ווערן וואָס אַ טאָג טראַגישער, שרעקלעכער אומעטום. אונזער פאָלק איז אין גרויס געפאַר... מיר דאַרפן גלייך נעמען פאַראייניקן אַלע אָרגאַניזירטע קרעפטן אונזערע — פון די עקסטרעם-לינקע ביז די עקסטרעם-רעכטע — אַלע די, וואָס אָנערקענען, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט זיינע אייגענע נאַציאָנאַלע נויטן און אינטערעסן. מיר דאַרפן גלייך און אומגעזאַמט אַרויסטרעטן מיט ווירדע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פאָלק, נישט דורך פּריוואַ-טע, וועגן אַפילו גאָר באַרימטע, שתדלנים און מליצי יושר, נאָר דורך אונזערע, פון פאָלק-באַפּולמעכטיקטע, פאָרשטייער. בײ יי-טראַל בנוגע צו יעדע קריג-פירנדיקע צדדים".

„אַט די פאָרשטייער — וועלן... אויסהערן אַלע מיינונ-גען, ווי אַנטקעגנגעזעצט זיי זאָלן נישט זיין, און זיי וועלן באַשליסן: ווי אַזוי (עס) זאָל זיין און וואָס צו טאָן". (ז. 4)

דער געדאַנק פון אַ יידישער באַפּולמעכטיקטער פאָר-שטייערשאַפט, וואָס זאָל אין דעם נאָמען פון דעם פאָלק קעמפן פאַר יידישע רעכט און אַ יידישער אייגענער היים אין ארץ ישראל, טראָגט זיך אַרום אין דער לופט. ער איז דאָס, וואָס איך האָב פריער אַמאָל אָנגערופן „דער באַפעל פון דער צייט",

און אין פאַרשיידענע פאָרמען איז ער שוין אַרויסגעטרעטן אין דער עפנטלעכקייט נאָך איידער הער רוטענבערג איז גע-קומען אַהער.

אָבער הער רוטענבערג האָט, ווי מיר דוכט, פּינקטלעכער און ראַציאָנעלער פאָרמולירט די אויפגאַבן פון אַזאַ נאַציאָנאַלער פאָרשטייערשאַפט אין דער איצטיקער צייט. פריער האָט מען גערעדט נאָר וועגן דעם, אַז מיר זאָלן זיך ווענדן צו דעם פרידנס-קאָנגרעס, ווען די מלחמה וועט שוין זיין געענדיקט.

הער רוטענבערג שלאָגט אָבער פאָר, און אין דרינגען ליגט די גאַנצע פּאָליטישע וואָג און באַדייטונג פון זיין פאָר-שלאַג, מיר זאָלן, שוין איצטער אין דער צייט פון דעם קריג, זיך ווענדן צו אַלע קריג-פירנדיקע צדדים מיט אונטעררעדונגען וועגן אונזער אַנטגילטיקער באַפרייאונג. אָנבאָטען זיי אַלץ, וואָס אונזער נאַציע קאָן אויפברענגען, און דערנאָך גיין מיט יענעם צד, וואָס וועט אונז קאָנען געבן מער, איידער דער אַנדערער, ווען עס וועט זיך מער לוינען צו גיין מיט אונז און צו פאַרטיידיקן אונזערע אינטערעסן און מיט ווען עס וועט זיך אונז בעסער לוינען צו גיין.

לויט אַלע פריערדיקע פּראָיעקטן וואָלטן מיר געקאָנט קומען צו די פעלקער אַזוי צו זאָגן „אחר המעשה" און די איינציקע זאַך, וואָס מיר וואָלטן זיי געקאָנט ברענגען, איז אַ מעמאָראַנדום וועגן אונזער שרעקלעכער לאַגע, אַ רשימה פון עולות, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן אַנטקעגן אונז, אַ צעטל פון פאָדערונגען, וואָס אונז קומט על פּי יושר, און אַ צורוף צו דעם געפיל פון אַלגעמיין-מענטשלעכער גערעכטיקייט.

לויט הער רוטענבערגס פּלאַן דאַרפן מיר איצטער, אין דער איצטיקער צייט, ווען פאַר יעדן פון די קעמפנדיקע צדדים איז אַזוי וויכטיק די הילף פון יעדן פאָלק, קומען מיט אַ ממשותדיקן אָנבאָט, פאָרשלאָגן אַן אַליאַנס, וואָס זאָל זיין באַגרינדעט אויף בשותּפותדיקע פּאָליטישע אינ-טערעסן.

ערשט נאָך די אונטעררעדונגען מיט די קריג-פירנדיקע

צדדים וועט די יידישע באפולמעכטיקטע פאָרשטייערשאַפט דאַרפן באַשליסן, צי דאָס יידישע פאָלק קאָן איצטער צושטיין צו אַ וועלכן עס איז צד, אָדער מיר מוזן בלייבן נייטראַל. און אויב זי וועט איינזען, אַז מיר קאָנען און מוזן צושטיין צו וועמען עס איז, וועט זי אויך באַשטימען, מיט וועלכן צד זיך צו אַליאירן און אויף וועלכע באַדינגונגען.

אָט דאָס איז דער גרונט-געדאַנק פון הער רוטענבערגס שריפט, אָט דאָס איז די אויפגאַבע, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דעם סדר-היום, אָט דאָס איז די פּאָליטישע אַרבעט, צו וועלכער הער רוטענבערג רופט אונז.

# אונזער ערנפליכט.

אַ האַסטיקער לעבנס-שטראָם צוקט איצטער דורך דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער יידנשאַפט, און נאָר די פאַרשלאָפענע, די פאַרגענעצטע, מיט די אָנגעדראָלענע אויגן פון צופיל שלאָף ווי און נאָר זיי שפּירן נישט דעם אָנגעשטרענגטן ציטער, וואָס גייט דורך דורך אַלע אונזערע איברים.

אָפּגעשטאָרבענע טיילן פון אונזער פאָלק ווערן ווידער, לעבעדיק; ווייט פאַרשליידערטע, אומרואיקע שטורעמער קומען ווידער צו אונז, מיט דעם רויטן, קאָכענדיקן בלוט אין זייערע אָדערן; זיי הויכן אין אונז אַריין די נערוועזע אומגעדולד פון זייער טאַטן-דאָרשטיקן טעמפּעראַמענט; זיי שטייגערן די נאַציאָנאַלע ענערגיע, וואָס האָט גענומען אויפּברויזן אין אונז.

אָבער נישט נאָר מענטשן דערוואַכן. אויך פּרינציפּן און אייגנשאַפטן, וואָס זענען געלעגן ביי אונז טויט, אָדער ביז צו טויטקייט פאַרחלשט, האָבן אַראָפּגעטרייסלט פון זיך דעם פאַרכּשופטן שלאָף פון יאָרהונדערטער און זענען אויפגעשטאַנען תּחית המתים. מיט דעם דערוואַכן פון דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, האָט אויסגעגליכן זיין רוקן אויך דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ, — „דער מענטשלעכער שטאָלץ פון דער יידישער נאַציע”, — און עס איז דערוואַכט געוואָרן אונזער נאַציאָנאַל ערן-געפיל.

אונזער ערן-געפיל דערוואַכט? הייסט עס, עס איז פריער געווען איינגעשלאָפן? האָבן מיר, הייסט עס, פריער געלעבט אָן אַן ערן-געפיל? גיט איר צו אונזערע שונאים, אַז מיר זענען געווען ערנלאָז?

— אַך, ליידער, ליגט אַ סך אמת אין דעם, וואָס די שונאים זאָגן אויף אונז, און ליידער, מוזן מיר צוגעבן, אַז

אויך אין דעם פּרט פון נאַציאָנאַלן ערן-געפיל איז נישט אַלץ אַ שקר-בלבול, וואָס מען וואַרפט אונז אויף.

איך ווייס, ווי צאַרט מיר דאַרפן איצטער אַרומגיין אַרום דעם ענין פון נאַציאָנאַלן ערן-געפיל; ווי אָפּגעהיט מיר דאַרפן זיין, ווען מיר רעדן וועגן אים גראָד איצטער, ווען עס איז דערוואַכט און אויפגערייצט.

אָבער וואָס קאָן מען העלפן? דעם אמת מוזן מיר אַרויסזאָגן קודם-כל און אונטער אַלע אומשטענדן, אפילו ווען דאָס זאָל, חלילה, שטימען מיט די ערנסטע באַשולדיקונגען אַנטקעגן אונז.

און דער אמת איז, אַז צו די שמערצלעכסטע געבורטס-ווייען פון אונזער נאַציאָנאַלן ווידער-אויפלעבן געהערן אויך די חבלי-לידה פון אונזער נאַציאָנאַלן ערן-געפיל, וואָס איז נאָך עד-היום נישט נאָרמאַל, עד-היום נישט אויסגעגליכן אין זיין גרויס און אין זיין קראַפט מיט דעם ערן-געפיל פון די איבעריקע פעלקער.

קאָנען מיר דען לייקענען, אַז דאָס געפיל פון אונזער פאָלקס-ערע איז אַ לאַנגע צייט געווען פאַרקריפּלט ביי דער אַלטער, פרום-יידישער וועלט? קאָן מען דען אויסמעקן פונעם געשיכטלעכן זכרון די פאַקטן, אַז אויף אַלע באַליידיקונגען, וואָס מען האָט אָנגעטאָן אונזער נאָמען, פלעגן מיר ענטפערן מיט תחנונים און בקשות, מיט אַ געווינזל, ווי געשלאָגענע הינט, נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס דער הונט איז ערנסט אין זיין געווינזל און זיין געפיל פון הכנעה צו דעם באַלע-באָס איז ערלעך און תמימותדיק, בעת מיר האָבן אונטער די שמיץ פון די זלזלים געלעקט די האַנט פון דעם באַליידיקער, אָבער אין דערזעלביקער צייט געקריצט מיט די ציין באַהאַל-טענערהייט און געשאָלטן אים אין דער שטיל מיט קללות נמרצות. קאָנען מיר דאָס פאַרלייקענען?

איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס מיר ענטפערן דערויף. איך האָב אַליין, — אין מיין בראָשור: „די אַסימילאַציע, וואָס זי זאָגט צו און וואָס זי גיט“, — פאַרגעשלאָגן אַ דערקלערונג צו דעם פאַקט, וועלכן איך האָב נישט פון די פינגער אויס-

געזוויגן, נאָר פון דער גאַנצער פּסיכאָלאָגיע פון דער אַלטער פרום-נאַציאָנאַלער וועלט אַרויסגעלייענט, — און אַ סך מענטשן האָבן פאַראַמתט די ריכטיקייט פון יענער דערקלערונג. זי זאָגט:

דאָס ערן-געפיל פון דער אַלטער פרום-נאַציאָנאַלער וועלט האָט נישט געקאָנט ווערן אָנגעריירט, ווייל זי האָט גערעכנט זיך פאַר צו הויך און די אַרומיקע וועלט פאַר צו נידעריק. ווי אויף ווילדע ברואים האָט זי געקוקט אויף די אומות העולם, ווי אויף צערייצטע חיות, וועלכע מען דאַרף נאָר באַרואיקן, מיט וועלכע מען קאָן זיך נישט טיילן אין כבוד. און נאָך אַנדערע דערקלערונגען האָב איך דאָרטן געגעבן, און נאָך אַנדערע וואָלט איך געקאָנט ברענגען איצטער, וואָס זאָלן אַראָפּוואַשן פון אונזער נשמה די שמאַך, וועלכע מיר זענען אויסגעשטאַנען אין יענע פאַרשאָלטענע פינסטערע דורות.

אָבער — די האַנט אויפן האַרצן! קאָנען מיר דען באמת זאָגן, אַז דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געפילט אַזוי הויך, אַז די נשמה פון דעם גאַנצן פאָלק איז פון יענעם היניטישן לעבן אַרויס אָן אַ פלעק? און ווער, — לאָזט מיך אייך פרעגן, — האָט באַשאַפן דאָס ווערטל, דאָס ביזי-בזיונישע ווערטל, וואָס שמייסט ווי מיט אַ בייטש אין פנים, ווען מען דערמאָנט זיך אויף עס, — דאָס פאָלקס-ווערטל: „בעסער אַ שאַנד אין פנים, איידער אַ קרענק אין בויך"?

דאָס פאָלק האָט דאָס דאָזיקע ווערטל באַשאַפן, ווי אַ סך-הכל פון זיין לעבנס-חכמה, ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון יענעם מאַסשטאַב זיינעם אין געפיל, מיט וועלכן ער האָט אָפּ-געשאַצט די ווערט פון לעבן. דאָס יידישע פאָלק האָט דאָס דאָזיקע ווערטל באַשאַפן, בעת די אַרומיקע פעלקער האָבן געפילט און געלעבט לויט דעם כלל: בעסער אַ טויט, איידער אַ שאַנד אין פנים...

און וואָס איז דער חדוש, וואָס אונזער נאַציאָנאַל ערן-געפיל איז פאַרקריפּלט געווען? דאָס לעבן איז דער באַ-לעבאָס אויף די געפילן און דאָרטן, ווו פאַר אַ גאַנץ

פּאָלק איז טאָג-טעגלעך געשטאַנען דאָס פּראָבלעם: לעבן אין שאַנד, אָדער פאַרשווינדן אין גדולה? — האָט דער לעבנס-אינסטינקט געמוזט גובר זיין, און מען האָט געלעבט אין שאַנד, און די נשמות האָבן זיך צוגעפּאַסט צו אַזאַ לעבן, — צוגע-פּאַסט זיך מיט די ביידע עקסטרעמען: מיט דעם עקסטרעם פון דעם „אתה-בחרתנו"-יידן, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט העכער פאַר דער באַליידיקונג, און מיט דעם עקסטרעם פון דער הינטישער פעל, וואָס איז אַראָפּגעזונקען נידעריקער פאַר דער באַליידיקונג און האָט שוין געשפּירט אין זיך נישט קיין שאַנד, נישט קיין ערן-געפיל.

די פרום-נאַציאָנאַלע וועלט האָט אָפּגעלעבט איר צייט. איר געשיכטלעכע ראָלע האָט זי געמוזט איבערגעבן צו איר יורש, דער פּראָגרעסיווער אַסימילאַציע. אָבער אויך אין דער ראַדיקאַל-אַסימילאַטאָרישער וועלט האָבן נישט אויפגעהערט צו ווירקן יענע ביידע עקסטרעמען.

אויך דאָ האָבן מיר געהאַט די עקסטרעמען פון דעם „אתה-בחרתנו"-געפיל אין דער הינטישער פעל און די פאַר-שיידענע שטופן צווישן זיי, די צונויפמישונגען פון די צוויי פּרינציפּן אין פאַרשיידענע פּראָפּאָרציעס. נאָר — דער „אתה בחרתנו" איז דאָ געוואָרן אַן אַנדערער. נישט קיין נאַציאָנאַ-לער, נאָר אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער.

„נאַציאָנאַלע באַליידיקונג? וואָס איז דאָס פאַר אַ מין בריאה? ווו האָט איר נאַציעס? — ערע? אַ בורזשואַזער פּאָראורטייל! קאָן אונז דאָס רעאַקציאָנערע געזינדל באַליידיקן?"

און אַזוי האָט זיך אויך דער נייער „אתה-בחרתנו"-מענטש געלאָזט שפּייען אין פּנים אריין. אָבער אָנשטאָט צו שילטן בשתיקא דעם באַליידיקער, פלעגט ער גאָר גוטמוטיק אָפּווישן דאָס פּנים, זיך פריילעך אויסלאַכן פון דער גאַנצער וועלט: „וואָס זאָל דאָס אונז אַרן? מאָרגן קומט די סאָציאַלע רע-וואָלוציע און שאַפט אָפּ דעם ערן-באַגריף".

אַ בטלן איז ער געווען און איז געבליבן, דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער „אתה-בחרתנו"-מענטש! אַ בטלן דערפאַר, ווייל

ער לעבט נישט אין דערווירקלעכער וועלט, צווישן ווירקלע-כע לעבעדיקע מענטשן, נאָר אין אַן אויסגעטראַכטער צוקונפ-טיקער צוקער-קאַנדל-וועלט, מיט אויסגעטראַכטע צוקער-קאַנדל-מענטשן, און ער באַמערקט נישט, דער ראַדיקאַלער בטלן, ווי זיי רעדן צווישן זיך אין דער שטיל, האַלב מיט רחמנות, האַלב מיט פאַראַכטונג: „זאָגט וואָס איר ווילט: דעם יידן, הפנים, פעלט פאָרט יענער חוש"...

דערציילן אייך אַ מעשה? אַן אמתן היסטאָרישן פאַקט:

געווען אַ מאָל, אין דעם אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן, אַ יידישער רעוואָלוציאָנער, — אַן א מ ת - ג ר ו י ס ע ר רע-וואָלוציאָנער. האָט ער געהאַט אַ פריינט, אַ גויאישן רעוואָלו-ציאָנער, אַן א מ ת - ג ר ו י ס ן רעוואָלוציאָנער. האָבן זיי ביידע געפירט אַ מלחמה אַנטקעגן אַן אַנדער רעוואָלוציאָנערער פאַרטיי, וואָס איז אין אַ פּאָגראָם-צייט אַרויס מיט אַנטיסעמי-טישע אַרטיקלען.

איז געקומען שפּעטער אַ צייט, ווען די ביידע פּאַרטייען האָבן זיך געדאַרפט דורכרעדן. האָט דער ייד פאָרגעשלאָגן גיין פירן אונטערהאַנדלונגען מיט יענער פּאַרטיי. האָט זיך דער גוי פאַרוואונדערט:

„א י ר? איר וועט גיין רעדן מיט ז י י, וואָס האָבן זיך אַזוי באַגאַנגען מיט אייער פאָלק!?"

האָט אים דער ייד נישט פאַרשטאַנען, און האָט אים באַשולדיקט אין אַנטיסעמיטיזם!

און קיין וווּנדער נישט, וואָס ער האָט אים נישט פאַר-שטאַנען: זענען דאָך יענע רעוואָלוציאָנער-אַנטיסעמיטישע העצ-אַרטיקלען פאַרשפּרייט געוואָרן אין פאָלק אויך אַ דאַנק אַ סך יידישע רעוואָלוציאָנערע בטלנים...

דער לעצטער ר אַ ד י ק אַ ל - נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר ד ו ר, וואָס האָט איבערגענומען די היסטאָרישע ירושה פון דעם ראַ-דיקאַל-אַסימילאַטאָרישן, ברענגט מיט זיין אויפגעוואַכטן נאַציאָ-נאַלן-געפיל און דעם אויפגערידערטן ערן-געפיל אויך אַ נייע שטעלונג צו די פּראָבלעמען פון דער יידישער נאַציאָנאַלער

ערע און צו די התחייבותן, וואָס זי לייגט אויף אונז ארויף. איצטער זענען שוין אוממעגלעך געוואָרן אַזעלכע „מיאוסע פאַרשטענדענישן".

אָבער נאָך ווייט-ווייט נישט אַריין אין פלייש און בלוט איז דאָס נייע נאַציאָנאַלע ערן-געפיל ביי אונזער פאָלק בכלל און ביי אַ סך פון זיינע פּראָגרעסיווע פירער בפרט. דער ראַדיקאַלער „אתה-בחרתנו"-בטלן פירט נאָך דאָס גרויסע וואָרט אין דער יידישער גאַס, אפילו נאָך איצטער, ווען די יידישע גאַס קלויבט זיך אַרויסצוטרעטן פאַר דער גאַנצער וועלט און צו פאָדערן, וואָס אונז קומט, ווי אַ פאָלק.

הערט זיך צו: ווי אָפט קלינגט דאָ אַרויס דאָס שטאָלצע נייע יידישע וואָרט? ווי אָפט ווערט דאָ געזאָגט: „מיר זענען שולדיק אונזער ערע, אונזער באַדייטונג און ראָלע אין דער מענטשלעכער געשיכטע נישט צו פאָדערן ווייניקער, איידער דאָס, וואָס עס האָבן די בולגאַרן, וואָס עס האָבן די סערבן, וואָס פאַר אויסגעצייכנטע חזירים-פיטערער זיי זאָלן נישט זיין?

און ווי אָפט הערט איר אָנשטאָט דעם די קלוגע אויסרעכענונגען: אויף וואָס פאַר אַ פעט ביינדל האָבן מיר די זיכערסטע אויסזיכטן?

דאָס ווערט איצטער אַנדערש. אונזער ערן-געפיל איז דערוואַכט און פאָדערט זיין רעכט, און אַלץ דרינגענדיקער ווערט זיין באַפעל אויסצואַרבעטן אונזערע פאָדערונגען נישט לויט דעם עניוותדיקן פּראָגראַם פון „באַנטשע שווייג", נאָר נאָך די לעבנס-נויטן פון אַ פאָלק, וואָס האָט נישט פאַרלאָרן די אַכטונג צו זיך אַליין.

עס איז אונזער ערן-פליכט, צו דערקלערן דער וועלט, אַז עס איז אונז נמאס געוואָרן דאָס שקלאַפישע זיין, אַז מיר ווילן זיין אַ פריי פאָלק, אַ זעלבשטענדיק פאָלק, ווי אַלע פעלקער פון דער וועלט.

דאָס דערוואַכטע נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוווסטזיין וועט פאַרשטאַרקן אונזער ערן-געפיל און וועט מאַכן עס פאַר דעם

וויכטיקסטן פאַקטאָר אין דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער ווי־דערבאַלעבונג.

דאָס ערן־געפיל וועט באַשטימען דאָס ציל. דאָס ערן־געפיל וועט אויסוויילן די מיטלען. די ערן־פליכט וועט אונז צווינגען צו נעמען אויף זיך די גרעסטע קרבנות.

4-טן יולי, 1915.

# דער פעלקער-טריבונאַל און דער יידן-שטאַאַט.

וואָס האָט זיך געענדערט?

א סך מענטשן שטעלן אָט די פראַגע, ווען זיי זעען, ווי נישט-ציוניסטן, און אַפילו קעגנער פון ציוניזם, נעמען איצטער אויף די פאָדערונג פון ארץ ישראל פאַר אונזער פאָלק.

מיר ענטפערן:

— עס האָט זיך געענדערט די גאַנצע לאַגע. אַ דאַנק דעם וועלט-קריג, האָבן זיך פון גרונט אויס איבערגעביטן אַלע באַדינגונגען. עס איז צום ערשטן מאָל אין דער וועלט-געשיכטע באַשאַפן געוואָרן, — אָדער מוז באַלד באַשאַפן ווערן, — אַ רעכטמעסיקער טריבונאַל, צו וועמען מען קאָן זיך ווענדן מיט דער פאָדערונג פון אַ יידישן שטאַאַט אין ארץ ישראל און עס זענען אַריינגעטרעטן אין לעבן אומשטענדן, וואָס באַרעכטיקן די האָפענונג, אַז יענע פאָדערונג וועט באַפרידיקט ווערן.

אַזאַ לאַגע איז נאָך קיינמאָל נישט געווען. אַפילו אין די גלענצנדסטע צייטן פון דר. הערצלס פּאָליטישן ציוניזם איז נישט געווען קיין רעכטמעסיקער טריבונאַל, פאַר וועלכן דאָס יידישע פאָלק זאָל האָבן געקאָנט אָפן פאָרברענגען זיין פאַרלאַנג.

פאַלעסטינע איז אַ טערקישע פּראָווינץ. און אין די נאָרמאַלע צייטן פון פרידן איז נישט געווען און האָט נישט געקאָנט זיין קיין אַנדער באַלעבאָס אויף איר, ווי נאָר די טערקישע רעגירונג. וואָלט זי געוואָלט, וואָלט זי געקאָנט געבן דער ציוניסטישער פּאַרטיי אַ טשאַרטער אויף ארץ ישראל און אויך מסכים זיין צו יענער פאָדערונג הערצלס, אַז דער טשאַרטער זאָל גאַראַנטירט ווערן מיט די אונטערשריפטן פון אַ פּאָר אייראָפּעאישע גרויסמאַכטן. פון אַ יידישן, פּאָליטיש-

זעלבשטענדיקן שטאַאַט האָט אויך דעמאָלט נישט געקאָנט זיין די רייד.

האָט אָבער די טערקישע רעגירונג נישט געוואָלט געבן אפילו אַ טשאַרטער אויף אַן „עפּענטלעך-רעכטלעך געזיכערטע היים", האָט נישט געקאָנט זיין קיין איין מאַכט אין דער וועלט, וואָס זאָל גיין אַנטקעגן איר אין דערדאָזיקער פראַגע. דר. הערצל האָט זיך געווענדעט צו ענגלאַנד, אָבער נישט ווי צו אַ רעגלמעסיקן טריבונאַל, וואָס קאָן, לויט דעם אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ, זאָגן זיין דעה אין דעם ענין, נאָר ווי צו אַ זייטיקער, אַזוי צו זאָגן, „פּריוואַטער" רעגירונג, וואָס מעג אַלע מאָל געבן גוטע עצות, און איבערלאָזן דעם טערק אַליין, צי ער וויל פאָלגן, וואָס אַ גוטער ברודער עצהט, אָדער נישט.

ענגלאַנד האָט אַפילו נישט געוואָלט נעמען אויף זיך די ראָלע פון אַ פאַרמיטלער צווישן דר. הערצל און דעם סולטאַן. אַלץ, וואָס ענגלאַנד האָט געקאָנט טאָן, איז באַווייזן איר גוטן ווילן און איר סימפּאַטיע צו דעם געדאַנק פון אַ יידישן אויטאָנאָמען לאַנד. און דאָס האָט זי גלענצנדיק דעמאָנ־סטרירט מיט איר אוגאַנדע־פאָרשלאַג.

די משונהדיקע, צום גליק שנעל איבערגעריסענע, פאַר־האַנדלונגען מיט רוסלאַנד האָבן אויך נישט געקאָנט טראָגן קיין אַנדער כאַראַקטער. אויך רוסלאַנד האָט דאָ געהאַנדלט און געקאָנט האַנדלען נאָר ווי אַ „זייטיקע", „פּריוואַטע" רע־גירונג. זי האָט נישט געהאַט קיין שום רעכט צו באַשטי־מען פאַר דער טערקיי, וואָס זי זאָל טאָן אָדער נישט טאָן אין דער פּאַלעסטינע־אָנגעלעגנהייט. נאָר ווי אַ פּריוואַטער צד, האָט רוסלאַנד געקאָנט אָנווענדן אַ דיפּלאָמאַטישן דרוק אויף דער טערקיי, זי זאָל נאָכגעבן דער יידישער אָפּגעשוואַכטער פאָדערונג, און נאָר ווי אַ פּריוואַטער צד האָט זי געקאָנט האָבן די חוצפּה צו שטעלן די אומפאַרשעמטע באַדינגונג, אַז די יידן זאָלן דערפאַר אויפגעבן זייער רעוואָלוציאָנערן קאַמף *).

*) זע אויבן מיינע ארטיקלען: „אַ פּאָר שעה מיט דר. הערצלען".

אַ פרייער פּאָליטישער אַרויסטריט פון דעם יידישן פאָלק איז אויך אין הערצלס צייטן געווען אוממעגלעך, און זיין „פּאָליטישער" ציוניזם איז אין תוך אַריין געווען אַ דיפּלאָמאַטישער.

די לאַגע האָט זיך נישט געבעסערט, נאָר איז פּאָליטיש נאָך ערגער געוואָרן מיט דעם אויסברוך פון דער טערקישער רעוואָלוציע, מיט דעם נצחון פון דעם יונג-טערקישן קאָמיטעט און זיין „גרויס-טערקישער" שאָוויניסטישער פּאָליטיק. עס איז פאַר דעם ציוניזם קיין אַנדער אויסוועג נישט געבליבן, ווי נאָר די, מיט קיין זאַך נישט גאַראַנטירטע, פּריוואַטע קליין-קאָלאָניזאַציע. וועגן דעם ווערט און דער באַדייטונג פון יענער קליין-קאָלאָניזאַציע האָבן ביז צו דעם קריג געקאָנט זיין פאַרשיידענע מיינונגען, און די אַנטי-ציוניסטן (צו וועלכע עס גע־הער אויך דער שרייבער פון די שורות) האָבן געקאָנט אַרויס־טרעטן מיט אַ גאַנץ פעקל טענות אַנטקעגן איר.

אין מיינע אויגן האָט די קליין-קאָלאָניזאַציע, אונטער דער טערקישער אויבערהערשאַפט, אַבסאָלוט און אומווידער־רופלעך באַנקראָטירט מיט דעם פאַקט פון דעם „דריטן חורבן", וואָס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט. אָבער מיר האָבן זיך איצטער נישט וואָס צו אַמפּערן וועגן דעם, עס האַנדלט זיך איצטער נישט וועגן קליין-קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל, נישט וועגן באַשאַפן גינסטיקערע באַדינגונגען פאַר איר, נישט וועגן צושטיין צו דער ציוניסטישער אַרבעט, מיט אירע „שקלים", קאָנגרעסן, נאַציאָנאַל-פאָנדן, ארץ-ישראל-באַנקן, קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, פּאַלעסטינע-אַרבעטער-אַמטן, העברעאישע ביל־דונגס-אַנשטאַלטן און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

וועגן אָט דער אַרבעט, מיט אַלע אירע אינסטיטוציעס און פונקציעס, — קורץ, וועגן דעם גאַנצן ביזאהעריקן ציוניזם, — בלייבן די מיינונגען פון די שטרייטנדיקע פּאַרטייען, ווי געווען. ציוניסטן און אַנטי-ציוניסטן בלייבן שטיין אויף זייערע פריער־דיקע פּאָזיציעס, ווייל דאָ האָט זיך פּרינציפּיעל גאָרנישט געענדערט.

געענדערט האָט זיך די וועלט-לאַגע. דער קריג פירט

לאָגיש מיט זיך די באַשאַפונג פון אַ נייעם רעכטמעסיקן טריבונאַל, צו וועלכן דאָס יידישע פאָלק *קאָן* זיך ווענדן מיט דער ארץ־ישראל־פאָדערונג, — צום ערשטן מאָל אין דעם משך פון די צוויי טויזנט יאָר גלות־לעבן!

נאָך דעם קריג, וואָס וועט זיך *מוזן* ווען עס איז ענדיקן, וועט אויך מוזן צונויפקומען אַ פרידנס־קאָנגרעס. אין דעם מאָמענט, ווי דער פרידנס־קאָנגרעס וועט זיך עפענען, וועלן לאָגיש אויפהערן אַלע רעכט פון אַלע שטאַאטן אויף זייערע ביזאַהעריקע באַזיצונגען. דער קאָנגרעס וועט ווערן *די העכסטע אינסטאַנץ*, וואָס האָט אַ רעכט צו באַ־שטימען דעם גורל פון אַלע פעלקער און אַלע לענדער, וועלכע זענען געווען באַטייליקט אין דעם קריג, און זיינע באַשטימונ־גען וועלן ווערן אַ הערשנדיק געזעץ.

דער פרידנס־קאָנגרעס האָט אַ רעכט איבערצובויען אַלע באַציאונגען פון לאַנד צו לאַנד און פון פאָלק צו פאָלק. און ער וועט דאָס מוזן טאָן. קיין צד לייקנט נישט, אַז די ביז־אַהעריקע באַציאונגען זענען געווען אַנאָרמאַל, אַז אין זיי איז געלעגן דאָס געפאַר פון דעם וועלט־קריג, און אַז זיי מוזן פון גרונט־אויס איבערגעאַנדערשט ווערן, כדי נאָך אַמאָל זאָל אַזאַ וועלט־קריג נישט קאָנען אויסברעכן אַזוי גיך.

פאַלעסטינע געהער צו די לענדער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם קריג, און איר צוקונפטיקער פאָליטישער גורל איז דורכדעם גופא איבערגעענטפערט געוואָרן צו דער יוריסדיקציע און דער באַשטימונג פון דעם נייעם טריבונאַל. דאָס יידישע פאָלק געהער *פאַקטיש* צו די פעלקער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם קריג, אַזוי גוט, צ. ב. ווי די פאָלאַקן און די טשעכן. יורידיש זענע מיר נאָך ערגעץ נישט אַנערקענט ווי אַ פאָלק (אַ חוץ אין טערקיי). אָבער דער העכסטער פעלקער־טריבונאַל האָט דאָס רעכט און די מאַכט צו געבן אונז דידאָזיקע אַנערקענונג אומעטום. צו אים *קאָנען* מיר זיך ווענדן מיט אונזערע העכסטע פאָ־דערונגען, און ער, דער העכסטער פעלקער־טריבונאַל, *קאָן* באַשטימען, אונז אויסצוהערן אָדער נישט אויסצוהערן, קאָן

אונזערע העכסטע פאָדערונגען באַפרידיקן אָדער נישט באַפרי-
דיקן, (אָדער נאָכגעבן זיי אין אַ באַשטימטער מאָס) — אַלץ
ווי עס וועט זיך אים בעסער לוינען.

אָט דאָס איז די ערשטע גרויסע, היסטאָריש נאָך קיינ-
מאָל נישט געוועזענע, ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אַ
דאַנק דעם וועלט-קריג: זי האָט באַשאַפן די פּאַקטישע מעג-
לעכקייט פאַר אַ גרויסער פּאָליטישער אַקציע פון דעם יידישן
פאָלק. ערשט איצטער קאָן גערעדט ווערן וועגן אַ פּאָליטישן
ציוניזם, — אויב מען זאָל נאָך אָנווענדן דעם אַלטן אויסדרוק
„ציוניזם" אויף אַ פּאָליטישן שריט פון דעם יידישן פאָלק,
וואָס האָט מיט דער אַלטער ציוניסטישער באַוועגונג, — סיי
אין איר „חובבי-ציון"-פּעריאָד, סיי אין איר דיפּלאָ-
מאַטישן דר. הערצל-פּעריאָד, סיי אין איר לעצטער פּאַזע
פון קליין-קאָלאָניזאַציע, — לחלוטין גאָרנישט נישט וואָס צו טאָן.

ציוניסטן און נישט-ציוניסטן און אַנטי-ציוניסטן דאַרפן
איצטער איינאיינעם מאַכן אַ נייעם שריט, אויף וועלכן
קיינער פון זיי האָט זיך פריער נישט געקאָנט ריכטן, ווייל
קיינער פון זיי האָט נישט געקאָנט פאָראויסזען באַפאָר, וואָס
עס וועט געשען: אַז עס וועט אויסברעכן דער איצטיקער
וועלט-קריג, אַז טערקיי וועט אים אין ווערן אַריינגעצויגן,
אַז רוסלאַנד וועט אויפהויבן אַן אינעווייניקסטן קאַמף אַנטקעגן
דאָס יידישע פאָלק און אין דערזעלביקער צייט צווינגען עס,
צו באַטייליקן זיך אין קריג אויף איר זייט, און אַז עס וועט
באַשאַפן ווערן אַ פעלקער-טריבונאַל, צו וועלכן דאָס יידישע
פאָלק וועט זיך קאָנען ווענדן מיט זיינע פאָדערונגען.

די נייע לאַגע דיקטירט אַ נייעם שריט, און דער נייער
שריט צווינגט אַרויף די נויטווענדיקייט פון אַ נייעם פּראָגראַם.

ווען דאָס יידישע פאָלק גייט — צום ערשטן מאָל אין
זיין געשיכטע — צו אַ פעלקער-טריבונאַל פאָדערן זיינע
רעכט, ווי אַ פאָלק, קאָן עס נישט קומען אַהין מיט מינימאַלע
פאָדערונגען. די פאָדערונגען דאַרפן זיין צוגעפּאַסט צו דער גרויס
און דער וויכטיקייט פון דעם היסטאָרישן מאָמענט, צו דער

אויפריכטיקייט פון דעם פאָלקס-ווילן און צו די אינטערעסן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

דאָ קאָן נישט זיין די רייד וועגן לייכטער מאַכן די עמיגראַציע קיין ארץ ישראל, וועגן א „געזיכערטע היים אין ארץ ישראל”, אפילו וועגן אַ „טשאַרטער אויף פּאַלעסטינע” אין דעם זין פון דעם „באַזעלער פּראָגראַם”. מען ווענדעט זיך דאָ נישט צו טערקיי, נישט דירעקט, נישט אינדירעקט, מען ווענדעט זיך דירעקט צו דעם פעלקער-טריבונאַל, אַלץ איינס, וואָס פאַר אַ ראָלע טערקיי זאָל אין אים שפּילן.

מיט די „דערלייכטערונגען”, „היימען”, „עפּענטלעך-רעכטלעך געזיכערטע”, אָדער פּשוט „געזיכערטע”, — מיט די אַלע זאַכן קאָן זיך דער פרידנס-קאָנגרעס פאַרנעמען נאָר ווי מיט פּאַליאַטיוו-מיטלען צו פאַרבעסערן די יידישע לאַגע, אויב ער וועט זיין פאַראינטערעסירט אין דער יידישער לאַגע.

מיר אָבער דאַרפן זען, אַז אויף דער טאָג-אָרדענונג פון דעם פעלקער-טריבונאַל זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן די יידישע פראַגע אין איר גאַנצער גרויס און נישט נאָר פון אונזערט-וועגן, נאָר אויך פון זיינעטוועגן.

דאָס קאָן געשען נאָר דעמאָלט ווען מיר וועלן אַרויס-טרעטן מיט דער פאָדערונג פון אַ אַבסאָלוט-פרייען, נייטראַלן, פּאָליטיש-זעלב-שטענדיקן יידישן שטאַאַט אין ארץ-ישראל.

אַ נייטראַלער יידישער שטאַאַט אין ארץ ישראל איז אַן עלעמענט, וואָס קאָן אַריינגעצויגן ווערן אין חשבון ביי דער באַשאַפונג פון אַ נייעם פּאָליטישן גלייכ-געוויכט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן לעבן. אַזאַ שטאַאַט קאָן העלפן (אָדער אויך שטערן) דער בעסערער אויסבאַלאַנ-סירונג פון די שטרייטנדיקע פּאָליטישע כחות.

העלפן אָדער שטערן? דאָס וועט דאַרפן אויסגעפינען דער פעלקער-טריבונאַל. אָבער נאָר אין אַזאַ פאָרם באַקומט פאַר אים די פאַרענטפערונג פון דער יידישער פראַגע דעם ערנסט פון אַ פּאָליטישן שריט, וואָס האָט אַן אינטערנאַציאָ-

נאַלע באַדייטונג און וואָס קאָן נישט זיין גלייכגילטיק פאַר אים.

מיר גלויבן, אַז אַזאַ נייטראַלער יידישער שטאַאַט קאָן נאָר העלפן אויסבאַלאַנסירן די שטרייטנדיקע כחות, וואָס זענען פּאָליטיש פאַראינטערעסירט אין סיריע און מעסאָפּאָטאַמיע; און דעריבער גלויבן מיר אויך אין דער מעגלעכקייט, אַז דער פעלקער-טריבונאל זאָל אָננעמען אונזער פאָרשלאַג. און וויבאַלד עס איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט, איז שוין דורכדעם אָנגעצייכנט געוואָרן דער חוב: נישט דורכצולאָזן דעם היסטאָרישן מאָמענט.

24-טער אויגוסט, 1915.

# ציוניזם און ארץ-ישראל.

עס באוועגט זיך פארט!

דאס פארהלשטע יידישע פאלק הויבט אן קומען צו זיך. און נישט נאר איז ביי אים דער לעבן-אינסטינקט דערוואכט געווארן, נישט נאר דריקט ער אויף יעדן שריט אויס זיין ווילן צו א נאציאנאלן זיין, נאר דער ווילן זיינער הויבט זיך אן צו קריסטאליזירן אין באשטימטע פאליטישע פאדערונגען.

אין צוויי פונקטן האט ער, דער נאציאנאלער ווילן, גע-פונען זיין קלארסטן אויסדרוק: נאציאנאלע גלייכבארעכטיקונג אין די גלות-לענדער און אן אייגענע יידישע היים אין ארץ ישראל. מאסן יידן פון א גאנץ יאר, וואס האבן ביז אהער נישט געהאט די געלעגנהייט זיך צו באשעפטיקן מיט כלל-זאכן, זענען איצטער, ווען דער היסטארישער מאמענט האט ארויסגעצוואונגען אויף זיי דעם חוב צו טראכטן וועגן דעם כלל, צוגעשטאנען צו יענע ביידע פאדערונגען, ווייל זיי פילן און פארשטייען, אז אין זיי ווערט אויסגעדריקט אלץ, אין וואס עס נויטיקט זיך איצטער דאס יידישע פאלק.

נאר א טייל פון די גלות-נאציאנאליסטן און די טערי-טאריאליסטן שטייען נאך פון דער ווייט, און צו דעם טייל געהער נאך דערווייל דאס רוב פון דער נאציאנאל-געשטימ-טער יידישער ארבעטערשאפט. נאציאנאלע גלייכבארעכטיקונג — דאס יא. אבער ארץ ישראל? מען האט דעם לאזונג און די פארטיי, וואס האט אים ארויסגעשטעלט, צו לאנג באקעמפט, צו לאנג געהאסט, מען זאל זיך קאנען אזוי לייכט אויסאיינען מיט אים.

— ארץ ישראל, — דאס איז דאך ציוניזם! שרייט מען אויס אין אנגסט! ווי קאנען מיר גיין העלפן דעם ציוניזם? איז אבער „ארץ ישראל" ציוניזם?

דער ציוניזם, ווי ער האָט זיך היסטאָריש אויסגעבילדעט, באַשטייט נישט נאָר פון דער פאָדערונג, ארץ ישראל זאָל געהערן דעם יידישן פאָלק, ווארפט איר אראָפּ פון חשבון אַ פּאָר הייפלעך פּועלי־ציון (פון דעם ראַדיקאַלן פליגל) און אַ פּאָר פּאָליטישע ציוניסטן פון דעם אַלט־הערצלשן חדר און איר טראַכט זיך אַריין אין יענע גייסטיקע שטרעמונגען, וואָס באַלעבן די ציוניסטישע מאַסן, וועט איר לייכט באַמערקן, אַז דער ציוניזם איז נישט נאָר איין־איינציקע פּאָליטישע פאָדערונג. ער איז אַ גאַנצע וועלט־אָנשויאונג, פון וועלכע די ארץ ישראל־פאָדערונג איז נאָר איין פּונקט, — אמת אַ צענטראַלער.

די נשמה פון דעם ציוניזם איז די ראָמאַנטיק פון דער ווייטער יידישער פאַרגאַנגענהייט. דער ציוניסט וויל צוריקקערן דאָס גאַנצע פאָלק צו יענער צייט, ווען יידן האָבן געלעבט אין ארץ ישראל, איידער דעם צווייטן חורבן; צוריקקערן צו אַן עפּאָכע, וואָס ליגט אַ פּאָר טויזנט יאָר הינטער אונז. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלץ, וואָס איז געווען לעבעדיק אין יענער עפּאָכע, וויל ער ווידער באַלעבן און נישט צוליב דעם שלעפּט ער אונז צוריק, כדי מיר זאָלן נאָך אַ מאָל דורכלויפן, אין אַן איבערגעקערטן סדר, אונזער אַלט־געשיכטלעך לעבן.

מיר זאָלן, זאָגט דער ציוניסט, זיך אומקערן צו דעם בר־כוכבא־פעריאָד, נישט כדי צו גיין ווייטער צוריק, נאָר כדי אָנהויבן אַ נייעם וועג פאָראויס, — אַ נייעם וועג, אַן אייגענעם וועג. די פאָרשטעלונג פון דעם אייגענעם וועג פאַר דער יידישער היסטאָרישער אַנטוויקלונג איז איינער פון די כאַראַקטעריסטישסטע שטריכן פון דעם מאָדערנעם ציוניזם. ער איז נישט צופרידן מיט די וועגן, אין וועלכע די איצטיקע פּראָגרעסיווע מענטשהייט רייסט זיך צו אַ בעסערער צוקונפט, ער לייקנט אָפּ יענע ציוויליזאַציע, וואָס איז אויסגעוואַקסן ביי די אַרישע פעלקער פון דעם אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישן קולטור־קרייז.

דער ציוניזם גלויבט, אַז די סעמיטן האָבן אַן אייגענעם וועג, אייגענע, גאַנץ אַנדערע פּרינציפּן פון דער מענטשלעכער

קולטור, אָ ר י ע נ ט אַ ל י ש ע פּרינציפּן, וואָס שטייען העכער פֿאַר די מערב-אייראָפּעאישע, אָדער וואָס זענען לפּחות גלייכ-באַרעכטיקט מיט זיי. פֿאַר אונז, מיינט ער, איז דער סעמיטי-שער אָריענטאַליזם בעסער אָנגעמאָסטן, איידער דער אַרישער אייראָפּעאיזם, ווייל אין אונזערע אָדערן פֿליסט דאָס ריינע אָריענטאַליש-סעמיטישע בלוט. פּסיכאָלאָגיש פֿילט ער זיך, דער ציוניזם, אַ סך נענטער צו דעם טערקיש-אַראַבישן מאָהאַמע-דאַניזם, איידער צו דעם אייראָפּעאיש-אַמעריקאַנישן קריסטנטום, און איז אינסטינקטיוו פֿיינטלעך צו יענעם ראַדיקאַלן געדאַנק, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פֿון דער אייראָפּעאיש-אַמעריקאַנישער קולטור.

דערצו איז יעדער ציוניסט אין אַ געוויסן גראַד אַן אָנהענגער פֿון דער יודאַאיסטישער רעליגיע. שוין גאָר אין אָנהויב פֿון דער באַוועגונג האָט דער ציוניזם אָנגעהויבן קאָ-קעטירן מיט איר. „דער ציוניזם איז אַ צוריקקער צו דעם יידנטום, איידער דער צוריקקער אין דאָס יידישע לאַנד”, — האָט שוין דר. הערצל פֿאָרמולירט דעם געדאַנק, און דער דאָזיקער צוריקקער איז געווען נישט נאָר אַ טאַקטישער, אַ דעמאַגאָגישער איינגריף, כּדי צו געווינען די פֿרומע מאַסן פֿאַר דעם פּאָליטישן אידעאַל. דאָס האָט גענומען זיך אַרויסוויקלען פֿון דעם ציוניזם זיין אינעווייניקסטער פּסיכאָלאָגישער תּוך: דאָס איז געווען זיין זיך-על-חטא-שלאָגן פֿאַר דעם אייראָפּע-איזם, מיט וועלכן די נשמה האָט פֿריער געלעבט; אַ זיך-אינ-שטויב-וואַרפֿן פֿאַר דעם אָרון-קודש, צום אויסדרוק פֿון דעם אָריענטאַלישן סעמיטיזם.

דער ציוניזם איז דעריבער תּמיד געווען קעגן אונזער גאַנצן גלות-לעבן, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט, שפּילט זיך אָפּ און וועט זיך אָפּשפּילן צווישן די אַרישע פֿעלקער פֿון דעם אייראָפּעאיש-אַמעריקאַנישן קולטור-קרייז. ער האָט פֿיינט דאָס גלות-לעבן. לויט זיין אינעווייניקסטער טבע, קאָן ער נישט שטיין פֿאַר נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג, ווייל דאָס גיט כּחות דעם פֿאָלק צו בלייבן אין גלות. אויף אונזער גאַנץ געשיכטלעך לעבן צווישן די פֿעלקער קוקט ער, ווי אויף

איין-איינציקן פינסטערן פעריאָד, ווי נאָר איין זאַך איז אין זיינע אויגן געווען גרויס און הייליק: די בענקשאַפט נאָך ארץ ישראל. דער ציוניסט אַנערקענט דעם גלות נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפל דער גלות לייקנט זיך אַליין אָפּ. און ער וויל נישט גלויבן, אַז מיר זאָלן קאָנען ווייטער לעבן צווישן די פעלקער, ווי אַ באַזונדער פאָלק.

אָט די אַלע אינעווייניקסטע מאָמענטן פון דעם ציוניזם, — זיין עבר-ראָמאַנטיק, זיין אָריענטאַליזם, זיין אַנטי-אייראָפּעאיזם, זיין יודאאיזם, — האָבן אים דיקטירט זיין שטעלונג אין דער ברענענדיקסטער פראַגע פון אונזער צייט, אין דער שפּראַכן-פראַגע. דער ציוניזם מוז שטיין פאַר העברעאיש, ווייל דער העברעאיזם איז דער קאָנקרעטער אויסדרוק פון אַלע יסודות, אויף וועלכע עס רוט די ציוניסטישע וועלטאָנשויאונג.

העברעאיש איז אַ שטיק ראָמאַנטיק פון דעם עבר און דאָס בעסטע מיטל צו פאַרבינדן אונז מיט דער גאַנצער עבר-ראָמאַנטיק. ער איז דער אויסדרוק פון דעם אָריענטאַלישן סעמיטיזם און איז די פאָרם, אין וועלכער עס קאָן זיך ווייטער אַנטוויקלען אַ יידישע אָריענטאַליש-סעמיטישע קולטור. די העברעאישע שפּראַך גיט כּחות צו פאַראַכטן יידיש און צו האַסן דעם יידישיזם.

און דעם יידישיזם מוז דער ציוניסט האַסן, ווייל ער, דער יידישיזם, איז דער לעבעדיקסטער פּראָטעסט אַנטקעגן אַלע יסודות פון דער ציוניסטישער וועלטאָנשויאונג און אַ געפאַר פאַר זייער עקזיסטענץ.

די יידישע שפּראַך איז די יידישע קעגנוואַרט, פול מיט אַלע לעבנס-כּחות פון דעם היינט; זי איז אַזוי פאַרבונדן מיט דער יידישער קעגנוואַרט, אַז אפילו דער ציוניסט, ווען ער וויל עפּעס אויפטאָן פאַר זיין אידעאַל, ווען ער איז געצוווּנגען זיך אַראָפּצולאָזן צו די גלות-מאַסן, האָט ער קיין אַנדער ברירה נישט: ער מוז צו זיי רעדן יידיש.

און די יידישע שפּראַך איז אַ שטיק איראָפּעאיזם, אַ שטיק אַרישע נשמה, וועלכע מיר האָבן אַריינגענומען אין זיך און צונויפגעגאָסן מיט דער אייגענער נשמה אַזוי, אַז זי

איז שוין איצטער נישט קיין סעמיטישע, נאָר אַן אַריאָ-סעמי-טישע, ווי אונזער גוף איז שוין נישט מער קיין ריין סעמיטי-שער, נאָר אַן אַריאָ-סעמיטישער, אַ דאַנק די שטראָמען אַרישע בלוט, וואָס זענען אַריינגעפלאָסן אין אונזערע אָדערן אין דעם לאַנגן משך פון אונזער לעבן צווישן די אַריער.

דער ציוניזם האָט די יידישע שפּראַך אויך דערפאַר, וואָס זי איז אַ געפערלעכער קאָנקורענט פאַר דעם „יודאאיזם", ווי פאַר דאָס איינציקע מיטל, זיך צו דערהאַלטן אין גלות. אַ פאָלק קאָן זיך דערהאַלטן אין דער פרעמד אָדער דורך אַ קינסטלעך-אויפגעבויטער רעליגיע, אָדער דורך אַ נאַטירלעך-וואַקסנדיקער שפּראַך און קולטור. דער יידישיזם בויט די נאַ-ציאָנאַלע עקזיסטענץ פון דעם יידישן פאָלק אויף דער יידישער שפּראַך. אַ קינד פון דעם ראַדיקאַלן, אייראָפּעאישן געדאַנק, זעט ער צו מאַכן די יידישע שפּראַך פאַר יענער קראַפט, וואָס זאָל אונז באַפרייען פון דער נויטווענדיקייט צו האָבן אַן אייגענע יידישע רעליגיע.

און די צוקונפט-ראָמאַנטיק פון יידיש איז אַ קעגן-גיפט אַנטקעגן דער עבר-ראָמאַנטיק פון דעם העברעאישן ציוניזם, ווייל דער לאָגישער ענד-ציל פון דעם „יידישיזם" באַשטייט אין דעם, צו באַרייכערן די מענטשהייט מיט אַ נייער אַרט אַלגעמיין-מענטשלעכע, ד. ה. אייראָפּעאישע, קולטור אין דער יידישער שפּראַך. דער יידישיזם מוז דעריבער זיין נישט נאָר קאַלט, נאָר פיינטלעך צו דער גאַנצער עבר-ראָמאַנ-טיק פון דעם אָריענטאַליסטישן ציוניזם און צו זיין קאָנקרעטן אויסדרוק, דעם העברעאיזם.

דאָס פאַרשטייט און פילט דער ציוניסט און דעריבער קעמפט ער אַזוי האַרטנעקיק אַנטקעגן דעם גלות-נאַציאָנאַליזם און זיין קאָנקרעטן אויסדרוק, דעם יידישיזם.

איר זעט: דער ציוניזם איז נישט נאָר אַ פּאָליטישע פאָדערונג, „ארץ ישראל פאַר יידן". דאָס איז אַ גייסטיקע שטרעמונג, מיט אַ סעמיטישן, אָריענטאַליש-ראָמאַנטישן גרונט-טאָן. דאָס איז אַ סיסטעם מיט אַ הויפּט-פּרינציפּ, וואָס באַ-שאַפט אַ געוויסע שטעלונג נישט נאָר צו דעם יידישן לעבן,

נאָר צו די פּראָבלעמען פונם מענטשלעכן לעבן בכלל; דאָס איז אַ וועלטאַנשויאונג, אויסגעבויט אין דעמזעלביקן סטיל, ווי דער פּאַנסלאַוויזם אין רוסלאַנד און דער פּאַנגערמאַניזם אין דייטשלאַנד.

דער, וואָס איז אַ ציוניסט, מוז, פאַרשטייט זיך, פאָדערן ארץ ישראל פאַר יידן. אָבער מוז איינער, וואָס פאָדערט איצטער ארץ ישראל פאַר דעם יידישן פאָלק, ווערן אַ ציוניסט? אויב יעדער עפּל-בוים מוז זיין אַ בוים, מוז יעדער בוים זיין דוקא אַן עפּל-בוים?

מוזן די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, ווען זיי זענען צוגעשטאַנען צו דער בורזשואַזיע און דעם אַדל, כדי איני-איינעם צו קעמפן פאַר דעם פאָטערלאַנד, ווערן פּאַנגערמאַניסטן? מוזן פלעכאַנאָוו און קראָפּאָטקין, בעת זיי האָבן זיך סאָלידאַריזירט מיט דעם איצטיקן קריג, וואָס די רוסישע רעגירונג פירט, אָנהויבן גלויבן אין דעם פּאַנסלאַוויזם?

ניין, זיי מוזן דאָס בשום אופן נישט! און אַזוי וועט אויך די יידישע אַרבעטערשאַפט, אַזוי וועלן אויך יידישע סאָציאַליסטן, ווען זיי וועלן אויפהויבן, איינאיינעם מיט דעם גאַנצן יידישן פאָלק, די פאָדערונג פון ארץ ישראל פאַר יידן, האַלטן איינגאַנצן פריי דידאָזיקע פאָדערונג פון אַ וועלכער עס איז ציוניסטישער באַפאַרבונג.

פאַר די יידישע אַרבעטער דאַרף ארץ ישראל זיין נישט מער, ווי דאָס, וואָס עס ליגט אין דעם וואָרט „ארץ-ישראל“: אַ י י ד י ש ל אַ נ ד. עס האָט זיך היסטאָריש געמאַכט, אַז גראָד איצטער איז אויסגעוואַקסן די מעגלעכקייט צו באַקומען אַ יידיש לאַנד. עס האָט זיך היסטאָריש געמאַכט, אַז די מעגלעכקייט איז איצטער פאַרבונדן נאָר מיט פּאַלעסטינע; אַז וויכטיקע טייל פון דעם יידישן פאָלק טראַכטן נאָר וועגן ד ע ם לאַנד, און נישט קיין אַנדערן; אַז וויכטיקע פּאָליטישע פאַקטאָרן פון דער נישט-יידישער וועלט רעדן נאָר וועגן דעם לאַנד, ווי אַ צוקונפטיקע יידישע היים, און נישט וועגן אַן אַנדער לאַנד.

דער ציוניזם איז אַ וועלטאַנשויאונג, ווי דער פּאַנסלאַ-

וויזם און דער פּאַנגערמאַניזם. „ארץ ישראל" איז אַ טעריטאָ־
ריע, ווי אַלע אַנדערע טעריטאָריעס.

דער היסטאָרישער מאָמענט צווינגט איצטער די יידישע אַרבעטערשאַפט צו גיין אינאיינעם מיט דער ציוניסטישער בור־זשואַזיע, כדי נישט דורכצולאָזן די אפשר איינציקע מעגלעכ־קייט צו באַקומען אינגיכן אַ לאַנד. דאָס איז איר חוב, און דעם נאַציאָנאַלן חוב אירן וועט די יידישע אַרבעטערשאַפט מוזן דערפילן מיט נישט ווייניקער איבערגעגעבנקייט, איידער דאָס טוט יעדער פּראָלעטאַריאַט בנוגע צו די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון זיין פאָלק.

מיר מוזן זיך מודה זיין, אַז די ציוניסטישע בורזשואַזיע האָט אין דעם איצטיקן מאָמענט אַרויסגעוויזן אַ סך פּאָליטישן טאַקט, אַ סך ערנסטע איבערגעגעבנקייט צו אונזערע אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע אינטערעסן.

גאַנץ להיפך צו איר אייגענער וועלטאָנשויאונג שטעלט זי אַרויף אויף איר פּראָגראַם די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג אין די גלות־לענדער, וויסנדיק גאַנץ גוט, אַז אַ קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט איז אַ קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, נאָר פאַר וועמעס רעכט מיר מוזן קעמפן, — נאָר י י ד י ש.

דאָס גיט די מעגלעכקייט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט צו גיין האַנט ביי האַנט מיט דער ציוניסטישער בורזשואַזיע.

אָבער אַריינטרעטנדיק אין אַ פאַרבאַנד מיט איר, האָט דער פּראָלעטאַריאַט קיין ברעקל אינטערעס נישט צו פאַר־שמירן די קעגנזאַצן, וואָס עקזיסטירן צווישן זיין וועלט און דער רעאַקציאָנערער וועלט.

ער וועט גיין אין דער פאַראייניקונג מיט אַן אָפענעם וויזיר, מיט אַ פאַנאַנדערגעוויקלטער פאָן. עס וועט ביי קיינעם קיין ספק נישט זיין, אַז די יידישע אַרבעטער קעמפן פאַר ארץ ישראל נישט צוליב דעם, מען זאָל דאָרטן פאַרווירקלעכן די סעמיטיש־אָריענטאַלישע ראָמאַנטיק פון דער ציוניסטישער בורזשואַזיע, נאָר צוליב דעם, כדי צו פאַרשאַפן פאַר מיליאָ־נען יידן אַ פּלאַץ, וווּ זיי זאָלן קאָנען פריי אַרבעטן און

פריי לעבן און ווו די יידישע אַרבעטערשאַפט זאָל קאָנען לייכטער דורכפירן יענע היסטאָרישע מיסיע, וואָס ליגט אויף די אַקסלען פון יעדן פּראָלעטאַריאַט: אַריינטראָגן די פּאָדע-רונגען פון דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן פּראָגרעס אין אַלע ווינ-קעלעך פון דעם פאָלקס-לעבן און אָנפירן דעם קאַמף פון דעם פּראָגרעס אַנטקעגן אַלע יענע רעאַקציאָנערע כחות, וואָס ווילן אים דערשטיקן.

15-טער יולי, 1915.

# דאָס רעכט אויף ארץ־ישראל.

מיר, יידן, דאַרפן האָבן אַן אייגן לאַנד.

עס מאַכט נישט אויס, וואָס פאַר אַ לאַנד דאָס זאָל נישט זיין. אויב דאָס קאָן נאָר קולטיווירט ווערן מיט מענטש־לעכן שכל און מענטשלעכע הענט, וועלן מיר אָנווענדן אַלע מיטלען, וועלכע די וויסנשאַפט גיט אונז, כדי צו מאַכן דאָס פרוכפּעריש, כדי צו באַשאַפן דערפון אַ היים פאַר דעם אַר־בעטנדיקן יידן.

דאָס איז דער תמצית פונם טעריטאָריאַליזם. ווי מען זעט, קאָן ער אין פּרינציפּ נישט אויסשליסן ארץ ישראל. ארץ ישראל איז אַ לאַנד, אַ טעריטאָריע, אַקוראַט אַזוי ווי אוגאַנדע אָדער איטאַליע.

איז דאָס אַזאַ לאַנד, ווי איטאַליע, ד. ה., אַ לאַנד, וואָס האָט שוין אַ פעסטן באַלעבאָס, אַ מעכטיקן אויבערהאַר, אַ פאָלק, וואָס באַבויט עס, באַשירמט עס און וועט עס בשום אופן נישט אַרויסלאָזן פון זיינע הענט, דעמאָלט האָבן מיר, יידן, נישט צו טראַכטן וועגן דעם.

אויב אָבער ארץ ישראל איז נאָך נישט אינגאַנצן „אי־טאַליע", אויב עס האָט גענוג פּלאַץ פאַר אַ יידישער באַפעל־קערונג, וואָס זאָל קאָנען ווערן אין איר אַ מאַיאָריטעט, אויב די רעכט און די מאַכט פון די אַראַבער איבער ארץ ישראל זענען נישט אַזוי אַבסאָלוט זיכער און אָנגעזען אין דער וועלט, ווי די רעכט און די מאַכט פון די איטאַליענער איבער איטאַליע, דעמאָלט טאָר קיין טעריטאָריאַליסט נישט זאָגן מיט אַן אַבסאָלוטער פעסטקייט, אַז ארץ ישראל קאָן נישט ווערן דאָס לאַנד פון אַ פּאָליטיש־זעלבשטענדיקער יידישער היים.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז אונטער געוויסע

אומשטענדן קאָן ארץ ישראל ווערן אַ פאָדערונג אויך פאַר דעם יידישן טעריטאָריאַליסט.

און אַזוי איז עס באמת. דער טעריטאָריאַליזם האָט נאָך קיינמאָל ערגעץ נישט דערקלערט, אַז ער שליסט לגמרי אויס ארץ ישראל פון יענע לענדער, ווו עס קאָן, גאַנץ אָדער טייל-וויז, פאַרווירקלעכט ווערן זיין אידעאַל.

על-כּל-פּנים איז דאָס אַן אינעווייניקסטער סכסוך צווישן די טעריטאָריאַליסטן גופא.

אייניקע פון זיי קאָנען האַלטן, אַז ארץ ישראל איז נאָך „בבחינת אוגאַנדע", אַנדערע ווידער קאָנען זיין איבער-צייגט, אַז פּאַלעסטינע איז שוין „בבחינת איטאַליע", אָבער ביידע מוזן זיי צוגעבן, אַז זיי זענען נישט קיין פּ ר י נ צ י-פּ י ע ל ע קעגנער פון ארץ ישראל. די ארץ ישראל-פראַגע איז אַ טאַקטישע און אַ פּראַקטישע פראַגע פאַר דעם טערי-טאָריאַליסט. געפינט ער, אַז אין דעם איצטיקן היסטאָרישן מאָמענט און אונטער געוויסע באַדינגונגען קאָן פּאַלעסטינע ווערן אונזער פּאָליטיש-זעלבשטענדיקע היים, וועט ער גיין אינאיינעם מיט דעם ציוניסט אויף אַזוי וויט, אויף וויפל זיי ביידע האָבן איין און דעמזעלביקן ציל: באַקומען ארץ ישראל פאַר יידן.

דערפון איז געדרונגען, אַז „ציוניזם" און „ארץ ישראל" איז נישט איין און דיזעלביקע זאַך, און אַז דער טעריטאָ-ריאַליזם בכלל איז נישט קיין סתירה צו דער ארץ ישראל פאָדערונג.

די פאָדערונג גייט להיפּך נאָר צו אַ קלייניקן טייל פון יענע טעריטאָריאַליסטן, וואָס גלויבן באמונה שלמה, אַז ארץ ישראל איז שוין אויף אייביק פאַרלאָרן פאַר אונז, אַז אַלע „אוגאַנדעס" זענען כשר, חוץ פּאַלעסטינע, ווייל זי איז שוין אַוועקגעגעבן געוואָרן דעם אַראַבער בחופּה וקדושין און אַז דעריבער קאָנען אַלע די, וואָס שדכנען זיך צו איר, גע-שטרויכלט ווערן, רחמנא לצלן, מיט דער עבירה פון „אשת-איש".

איך בין אויך אַ טעריטאָריאַליסט, נאָר אין דעם פאַל האָב איך פאַר יענער עבירה אַ ברעקל קיין מורא נישט.

ס'איז אמת, איך האָב אַליין געזאָגט: „ארץ ישראל איז אַ שיינע כלה, נאָר זי האָט שוין אַ חתן". אָבער קאָנסטאַטירנדיק דעם פאַקט, וואָס דער אַראַבער איז איצטער דער פאַקטישער באַלעבאָס אין ארץ ישראל, האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט אין זינען צו באַהויפּטן, אַז ער איז דער רעכטלעכער באַלעבאָס אויף ארץ ישראל.

און פון וועלכן שטאַנדפּונקט וואָלט איך דאָס געקאָנט טאָן? נישט דאָס אַלטע פעלקער-רעכט, נישט דאָס נייע קאָנען דעם אַראַבער אַזאַ שטעלונג נישט צושרייבן.

דאָס אַלטע אינטערנאַציאָנאַלע רעכט איז געגרינדעט אויף דעם פּרינציפּ פון דעראָבערונג. „מיין" איז דאָס, וואָס איך האָב איינגענומען „בחרבי ובקשתי". פון דעם שטאַנדפּונקט האָט ארץ ישראל שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַן אַראַביש לאַנד. סיריע און פּאַלעסטינע זענען פון די אַראַבער איינגענומען געוואָרן אין דער ערשטער העלפט פון דעם זיבנטן יאָרהונדערט; אָבער אין דעם אָנהויב פון דעם זעכצנטן יאָרהונדערט זענען די לענדער איבערגעגאַנגען צו דער טערקיי און פון דעמאָלט אָן געפינען זיי זיך, — מיט אַ קליינעם איבעררייס, — אין טערקישע הענט. אין 1832 האָט דער אַראַבישער פּאַשאַ מוהאַמעד אַלי אָפּגענומען פּאַלעסטינע פון דעם טערק, אָבער אין 1840 האָט טערקיי, מיט דער הילף פון דעם ענגלישן פלאָט, ווידער צוריקגעריסן די הערשאַפט צו זיך.

לויט דעם אַלטן פעלקער-רעכט איז פּאַלעסטינע דעריבער אַ טערקישע פּראָווינץ, און טערקיי קאָן מיט יענער פּראָווינץ טאָן, וואָס זי וויל, פאַרקויפן אָדער אוועקשענקען, אָדער אויסבייטן אויף אַן אַנדער לאַנד, זיך אַ ברעקל נישט גערעכנט מיט דעם ווילן אָדער נישט-ווילן פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג.

נאָך דעם איצטיקן קריג וועט ארץ ישראל געהערן צו דעם, וועמען דער פרידנס-קאָנגרעס וועט באַשטימען פאַר איר פאַר אַ באַלעבאָס. עס איז גאַנץ זיכער, אַז דער פרידנס-קאָנגרעס וועט זיך רעכענען מיט דעם ווילן פון די אַראַבער, אָבער נישט ווי מיט אַ צד, וואָס האָט אַ רעכט אויף סוווערעניטעט

אין פּאַלעסטינע, נאָר ווי מיט אַ פּאַקטישער מאַכט, וועמעס אינטערעסן מען דאַרף אַריינרעכענען אין חשבון. „אַריינרעכענען אין חשבון", אָבער נישט מער. פאָדערן קאָנען די אַראַבער נאָר, אַז ווער עס זאָל נישט זיין זייער נייער פּאָליטישער באַלעבאָס, זאָלן נישט געשמעלערט ווערן יענע רעכט זייערע, וואָס זיי האָבן געהאַט ביז אַהער, אַז זיי זאָלן אויסגעגליכן ווערן אין זייערע בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט מיט די קינדער פון יענעם פאָלק, וועמען עס וועט איבערגעגעבן ווערן די שטאַאַטלעכע סוווערעניטעט.

די פּרינציפּן פון דעם נייעם פעלקער-רעכט קאָנען אודאי נישט באַטראַכטן דעם אַראַבער פאַר דעם רעכטלעכן באַלעבאָס אין ארץ ישראל.

דאָס נייע פעלקער-רעכט איז נאָך ערגעץ נישט אַריין אין לעבן. אָבער עס איז שוין פּראָקלאַמירט געוואָרן אין דער סאָציאַליסטישער טעאָריע, און מיר, סאָציאַליסטן, זענען מחויב צו האַלטן זיך פאַר אים און צו קעמפן פאַר אים.

זיין גרונט-פּרינציפּ איז אַרויסגעזאָגט און וויסנשאַפטלעך אָנגעוועגדעט געוואָרן אין דעם דריטן באַנד פון קאַרל מאַרקס „קאַפּיטאַל". דאָרטן באַווייזט דער גרעסטער טעאָרעטיקער פון דער נאַציאָנאַל-עקאָנאָמיע און דעם סאָציאַליזם, אַז ערד, לאַנד קאָן נישט זיין קיין אייגנטום, נישט נאָר פון איינצלנע מענטשן, נאָר אויך פון אַ גאַנצן פאָלק.*)

ערד און לאַנד קאָנען נאָר זיין אין „באַזיץ", אָבער נישט אין „אייגנטום". דאָס באַזיץ-רעכט אויף ערד און לאַנד קאָן, לויט דעם נייעם, סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט, שטאַמען נישט פון דעראָבערונג, נישט פון קויף און פאַרקויף, נישט פון פּריוואַט-רעכטלעכע אָפּמאַכונגען, נאָר איינציק און דורכאויס פון מענטשלעכער אַרבעט.

נאָר דאָס, וואָס איך באַאַרבעט מיט מיינע הענט, נאָר דאָס איז „מיינע". קיין פאָלק קאָן נישט אַרויפלייגן זיין האַנט

---

*) זע באריכות וועגן דעם די בראָשור: „ארץ ישראל און די יידישע אַרבעטערשאַפט", דאָס קאַפּיטל: „די אַראַבישע פראַגע".

אויף נישט באַארבעטע ערד און זאָגן, „דאָס איז מיין״ און פאַרווערן וועמען עס איז צו קומען און צו באַארבעטן עס.

פון אַ סאָציאַליסטישן רעכט-שטאַנדפונקט האָבן די אַראַבער אַ רעכט אין ארץ ישראל נאָר אויף אַזויפיל לאַנד, וויפל זיי באַארבעטן מיט זייערע אייגענע אַראַבישע הענט. עס איז אָבער דאָ אין ארץ ישראל אַ היפשע מאַסע נישט באַזעצטע לענדערייען, וואָס קאָנען, ביי אַן אינטענסיווער ווירטשאַפט, געבן חיונה אַ סך אַ גרעסערער באַפעלקערונג, איידער די איצטיקע אַראַבישע. און איך זע נישט איין, מיט וועלכן יושר וואָלט מען געקאָנט פאַרווערן יידן צו פאָרן אַהין, צו באַארבעטן יענע לענדערייען, צו אַנטוויקלען אינדוסטריע און האַנדל אין די שטעט און צו ווערן די מאַיאָריטעט אין דעם גאַנצן לאַנד.

בעת איך האָב געזאָגט, אַז „ארץ ישראל האָט שוין אַ חתן״, האָב איך דערמיט געמיינט, אַז דער איצטיקער פאַקטישער באַלעבאָס אין ארץ ישראל, דער אַראַבער, וועט, אונטער דער טערקישער הערשאַפט, זיך נישט רעכענען מיט דעם יושר און וועט נישט ד ע ר ל אָ ז ן, אַז יידן זאָלן ווערן די מאַיאָריטעט. ער וועט דולדן אונזער קאָלאָניזאַציע אַזוי לאַנג, ווי ער וועט קאָנען פראָפיטירן פון איר, און אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן נאָך זיין אין אַ פאַרשווינדנדיקן מיעוט. קוים וואַקסט אָן אונזער באַפעלקערונג צו שטאַרק, אַזוי דאַרפן מיר זיך רעכענען מיט אַן אויפשטאַנד פון די אַראַבער און מיר קאָנען לכתחילה זיין זיכער, אַז דער טערק וועט אונז נישט קאָנען באַשיצן פון זיי, ווייל עס וועט זיך אים נישט לוינען איינצוררייסן זיך מיט די אַראַבער. דערפאַר בין איך געווען קעגן דעם, מיר זאָלן לייגן וועלכע עס איז טעריטאָריאַליסטישע האָפענונגען אויף ארץ ישראל, אויב מיר קאָנען נישט געווינען די אַראַבער אויף אונזער זייט.

איצטער איז אָבער די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע. די איצטיקע באַלעבאַטים פון דעם ערד-באָל, די גרויסמאַכטן, וועלן דאַרפן באַשטימען דעם גורל פון אַלע טערקישע פראָווינצן און אויך פון ארץ ישראל. זיי ק אָ נ ע ן באַשטימען, אַז פאַלעס-

טינע זאָל ווערן אַ פּאָליטיש-אומאָפּהענגיקער שטאַאַט; אַז די ניסט באַזעצטע לענדערייען זאָלן איבערגעגעבן ווערן דעם יידישן פאָלק; אַז יעדעס פאָלק, וואָס וועט וווינען אין דעם נייעם שטאַאַט, זאָל זיין אויטאָנאָם אין זיין אינעווייניקסטן נאַציאָנאַל-קולטורעלן לעבן.

וואָס קאָן דאָ דער „חתן" טאָן? נישט ער האָט אַ רעכט זיך צו שטעלן אַנטקעגן דעם, נישט ער קאָן האָבן די מאַכט צו גיין אַנטקעגן דעם ווילן און דעם באַשלוס פון די גרויס-מאַכטן.

מיר אָבער האָבן איצטער אַ רעכט צו פאָדערן, אַז מען זאָל אונז לאָזן גרינדן אין ארץ ישראל אַ פּאָליטיש-זעלבּ-שטענדיקע היים, אַ ברעקל נישט פאַרשמעלערנדיק יענע רעכט, וועלכע עס קומט על פּי דין און על פּי יושר דעם אַראַבישן פאָלק.

25-טן יולי, 1915

# דער אַרבעטער און זיין פּאָלק.

דער איצטיקער וועלט-קריג וועט צווינגען די יידישע סאָציאַליסטישע וועלט קריטיש איבערצוקוקן אַ סך פון אירע איינגעפונדעוועטע אַני-מאַמינס.

קיין חדוש נישט! די הערשנדיקע סאָציאַליסטישע טעאָריע איז א פּראָדוקט פון דעם ווירקלעכן לעבן, אויסגעוואַקסן פון געוויסע אומשטענדן. זי וויל פאַרשטיין די הערשנדיקע אומשטענדן, באַלייכטן מיטן שכל די קרעפטן, וואָס ווירקן אין דער געזעלשאַפט, און באַגרייפן די טענדענצן, וואָס וואַקסן פון זיי אַרויס.

בייטן זיך די אומשטענדן, קומען פאָר איבערראַשנדיקע ענדערונגען אין דער ווירקלעכקייט, אַזוי מוז זיך דאָס פריער אָדער שפּעטער אָפּרופן אויף דער טעאָריע. אַלטע געדאַנקען שטויסן זיך צונויף מיט נייע פאַקטן, און — ווי צו די געדאַנקען, וואָס דאַרפן אויסהאַלטן אַזאַ צונויפשטויס! עס איז אַ צער-בעלי-חיים אויף יענער טעאָריע, וואָס פאַרלירט דעם באָדן פון די פאַקטן אונטער זיך. אירע וואָרצלען קאָנען מער נישט ציען קיין חיונה, זי פאַרדאַרט און ווערט סוף-כל-סוף אַרויסגעריסן און אַרויסגעקערט פון דעם עפנטלעכן באַוווסטזיין, ווי אַ טויט געוויקס, וואָס שטערט דעם אויפגאַנג פון נייע, לעבנספעאיקע פלאַנצן.

איך וואָלט געקאָנט אויסרעכענען אַ גאַנץ צעטל פון אַזעלכע פאַרדאַרטע „אַני-מאַמינס”, וואָס מען וועט מוזן אויסוואָרצלען פון דער יידישער סאָציאַליסטישער וועלטאָנשויאונג. דאָ וויל איך מיך אָפּשטעלן דערווייל אויף אַ פּאָר אַזעלכע „אמתן”, וואָס פאַרצאָמען דעם וועג דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דעם איצטיקן ברענענדיקן מאָמענט.

איך האָב דאָ אין זין די הערשנדיקע אָנשויאונגען וועגן

דער פסיכאָלאָגיע פון דעם אַ בעטער און וועגן זיין שטעלונג צו דעם נאַציאָנאַלן פראָבלעם.

די „פּראָלעטאַרישע פסיכאָלאָגיע" שפּילט זייער אַ גרויסע און וויכטיקע ראָלע אין דער הערשנדיקער סאָציאַליסטישער וועלטאָנשויאונג. דער סאָציאַליסט איז באַשטרעבט צוצופּאַסן אַלע זיינע אידעען און באַשטרעבונגען צו „דער פסיכאָלאָגיע פון דעם פּראָלעטאַריאַט". ער וויל נישט נאָר פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער, נאָר אויך קוקן אויף אַלץ מיט דעם אַרבעטערס אויגן. ער זוכט אויסצוגעפינען, וואָס איז דער באַגער פון דעם אַרבעטערס האַרצן, און ווי אַזוי מוז זיך אויסמאָלן די וועלט אין דעם אַרבעטערס מוח.

דער סאָציאַליסטישער טעאָרעטיקער (פון דער איצטיקער הערשנדיקער ריכטונג) וויל נאָר ברענגען אין אַ סיסטעם און קלאָר מאַכן די האַלב-אומבאַוווסטע געדאַנקען, די האַלב-קלאָרע געפילן און שטרעבונגען, וואָס ווערן געבוירן אין דעם פּראָלעטאַריאַט. ער זוכט אויסצוגעפינען, פאַרוואָס דער פּראָלעטאַריאַט מוז לעבן מיט אַזעלכע געפילן און נישט מיט קיין אַנדערע; פאַרוואָס אויף זיין מוח מוזן האָבן אַ שליטה נאָר אַזעלכע געדאַנקען און נישט קיין אַנדערע. ער זעט וויסנשאַפטלעך פאָראויסצוזען, וואָס אַזוינס מוזן זיין די האַנדלונגען פון די אַרבעטער, ווי אַ פּראָדוקט פון זייער האַרצנס באַגער און זייער שכלס באַטראַכט, און וואָס פאַר אַ ראָלע די האַנדלונגען מוזן שפּילן אין דעם רעוואָלוציאָנערן איבערבוי פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

קורץ, דער אַרבעטער און די פסיכאָלאָגיע פון דעם אַרבעטער-קלאַס איז איינער פון די וויכטיקסטע זיילן, אויף וועלכן עס רוט די הערשנדיקע סאָציאַליסטישע וועלטאָנשויאונג.

צו די אמתן, וואָס דער סאָציאַליסט האָט אויסגעפונען וועגן דעם פּראָלעטאַריערס נשמה, געהער אויך יענער „אני-מאמין", אַז דער אַרבעטער איז בטבע נישט פאַראינטערעסירט אין דעם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם, אַז עס איז פאַר אים קיין ברעקל נפקא מינה, צו וועלכן פאָלק ער אַליין באַלאַנגט אָדער

צו וועלכן פאָלק עס באַלאַנגען זיינע חברים אַרבעטער. ער לייקנט נישט, אַז עס זענען דאָ נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן, — קיין בר דעת קאָן זיי נישט אָפּלייקענען, — אָבער ער איז צו זיי אינדיפערענט. דער פאַקט, וואָס ער אַליין איז אַ דייטש אָדער אַ פראַנצויז און וואָס די אַנדערע פון זיין קלאַס זענען דייטשן, פראַנצויזן אָדער טאָטערן, רירט אים נישט אַ סך מער, איידער יענער אומשטאַנד, וואָס ער אַליין האָט בלאָנדע האָר און בלאָע אויגן, בעת אַנדערע האָבן שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגן.

די נאַציאָנאַלע פאַרשיידנקייטן באַשאַפן פאַר אים גישט קיין באַזונדערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, וואָס זאָלן פאַראייניקן אַלע בלאָנד-האָריקע און בלאָ-אויגיקע מענטשן אויף איין זייט אַנטקעגן די שוואַרץ-האָריקע און שוואַרץ-אויגיקע מענטשן אויף דער אַנדער זייט.

אָט דער „אני-מאמין" וועגן דער פּראָלעטאַרישער פּסי-כאָלאָגיע, וועגן דעם אַרבעטערס „קאָסמאָפּאָליטיזם", וועגן זיין אַבסאָלוטער גלייכגילטיקייט צו נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען איז שוין לאַנג אָפּגעפרעגט געוואָרן אין דער סאָציאַליסטישער וויסנשאַפט ביי די אומות העולם. טעאָרעטישע אונטערזוכונגען און אָפיציעלע דערקלערונגען פון די סאָציאַליסטישע גדולים אויף די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן האָבן אין די לעצטע צוואַנציק יאָר פּראָטעסטירט אַנטקעגן אַזאַ פאַלשער אויסטייטשונג פון דעם אַרבעטערס פּסיכאָלאָגיע. אָבער אויף דעם יידישן סאָציאַליזם, — דערהויפּט דאָ אין לאַנד, — האָט דאָס כמעט ווי נישט געמאַכט קיין ברעקל רושם.

אויס עם-הארצות, אָדער אויס פאַרעקשנטער טעאָרעטישער פאַרבלענדעניש, האָט דער יידיש-אַמעריקאַנישער סאָציאַליסט זיך בשום אופן נישט געוואָלט שיידן מיט זיין קאָסמאָפּאָליטיזם און האָט נישט אויפגעהערט צו טענהן, אַז דעם אַרבעטער ק אָ נ ע ן נישט זיין טייער די אינטערעסן פון דער אייגענער נאַציע, און אַז אַלע טעאָרעטישע אונטערזוכונגען, ווי איבער-צייגנדיק זיי זאָלן נישט זיין, און אַלע אָפיציעלע דערקלערונ-גען פון סאָציאַליסטישע גדולים, ווי קלאָר עס זאָל נישט זיין

זייער מיין, אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ צייטווייליקער שגעון פון יחידים, וואָס האָט נישט צו טאָן מיט דער אינע־ווייניקסטער נאַטור פון דעם אַרבעטער און וועט דעריבער אייביק בלייבן פרעמד דער נשמה פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

עס איז אויסגעבראָכן דער קריג. ער האָט אויפגערודערט אַלע שיכטן פון יעדן פאָלק, וואָס איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין אים. די מאַסן פון די אַרבעטער האָבן באַקומען די מעג־לעכקייט אַרויסצוווייזן די פאַרבאָרגנסטע סודות פון זייער נשמה, און — ווי זעט איצטער אויס יענער „אני־מאמין" אין דעם ליכט פון דער ניי־געשאַפענער ווירקלעכקייט?

איז דעם אַרבעטער באמת קיין נפקא מינה נישט, צו וועלכן פאָלק ער באַלאַנג, אָדער אין דעם אַרבעטערס ברוסט לעבט נישט דאָסזעלביקע געפיל צו זיין פאָלק, ווי אין דער ברוסט פון יעדן געוויינלעכן בשר ודם?

נאָר דער, ועמעס קאָפּ איז געדיכט אַרומגעוואַקסן מיט דעם שפּינוועבס פון דער אַלטער טעאָריע, קאָן נאָך האָבן דעם מוט, בלייבן טריי צו דעם אַלטן בליק אויף דעם ענין. אָבער יעדער איינער, וואָס שרעקט זיך נישט אַראָפּצורייסן דעם פאַר־שטויבטן שפּינוועבס פון די אויגן, וואָס האָט דעם קוראַזש אַריינצוקוקן דעם אמת אויג־אין־אויג, מוז צוגעבן, אַז דער קאָסמאָפּאָליטיזם פון דעם אַרבעטער איז געווען אַ נישט־גע־שטויגענע, נישט־געפלויגענע בבא־מעשה.

עס קאָן זיין, אַז אין די צייטן פון פרידן האָט זיך דער אַרבעטער, — און אויך דאָס נישט יעדערער, — געקאָנט פאַר־גינען דעם לוקסוס צו טעאָרעטיזירן און אפשר אויך צו פאַנ־טאַזירן וועגן אַ צוקונפטיקער מענטשהייט, אין וועלכער עס וועלן זיין אָפּגעמעקט אַלע פאַרשיידנקייטן צווישן פאָלק און פאָלק. אָבער קוים איז זיין פאָלק אָוועקגעשטעלט געוואָרן אין סכּנה, אַזוי האָט דער אַרבעטער פּלוצלונג אַראָפּגעטרייסלט פון זיך דעם קאָסמאָפּאָליטישן קאָשמאַר און האָט זיך ווי אַ צערייצטער לייב אַ וואָרף געטאָן פאַר דער עקזיסטענץ, דער זיכערקייט און דער פרייהייט פון זיין פאָלק.

זאָגט נישט: „ער איז געפאַלן אונטער די שמיץ פון

דער רעגירונגס-בייטש״. די באַריכטן פון די קריגס-לענדער האָבן אָנגעזאַמלט אַן אומגעהייער מאַטעריאַל, וואָס לאָזט נישט איבער קיין ברעקל ספק אין דער פרייוויליקייט, דער ערנסט-קייט און דער טיף פון דעם אַרבעטערס פּאַטריאָטיזם.

דער שענסטער ביישפּיל איז אפשר דער פאַל מיט די אַנאַרכאָ-סינדיקאַליסטן אין פראַנקרייך. אַ סך אַזעלכע אַנאַרכאָ-סינדיקאַליסטן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון מיליטער-דינסט, האָבן זיך תיכף ביי דעם אויסברוך פון דער מלחמה אומגעקערט צו זייער פליכט.

באַקלערט זיך נאָר גוט! אַנאַרכיסטן, פאַרברענטע אַנטי-מיליטאַריסטן, וואָס האָבן זיך אַרומגעטריבן אומלעגאַל, ווייל זיי האָבן פּרינציפּיעל אָפּגעלייקנט יעדן קריג און האָבן מחמת דעם טעם נישט געוואָלט גיין דינען, האָבן פלוצלונג פאַרוואָרפן אַלע זייערע טעאָריעס און זענען פ ר ײ װ י ל י ק צוגעשטאַנען צו דעם קעמפנדיקן פאָלק, ווי נאָר דאָס פאָלק האָט אַרויסגעלאָזן זיין רוף אין געפאַר.

דאַרף מען אַ בעסערן באַווייז, ווי אויבערפלעכלעך עס זענען געלעגן אויף דעם פּראָלעטאַריערס נשמה די קאָסמאָפּאָ-ליטישע פראַזן, ווי טיף עס זענען אין איר געווען איינגע-וואָרצלט די אינטערעסן פון דעם אייגענעם פאָלק?

און זאָגט נישט: „דער קריגס-מאָמענט האָט איבערגעביטן דעם אַרבעטערס טבע״. קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, אַז אַ טבע פון אַ קלאַס זאָל זיך איבערבייטן איבער נאַכט? קאָנט איר צולאָזן דעם געדאַנק, אַז אַ רעגירונגס-אויפרוף האָט גובר געווען אַלע יענע עקאָנאָמישע, סאָציאָלאָגישע און היסטאָרישע געזעצן, וואָס באַשטימען די טבע פון אַ קלאַס?

דער קריג האָט נישט איבערגעאַנדערשט די נשמה פון דעם אַרבעטער. ער האָט נאָר אַרויסגערופן אויף דער אויבער-פלאַך דאָס, וואָס איז געווען פאַרבאָרגן אין דער טיף. אַפילו ביי דעם אַרבעטער, דעם קאָסמאָפּאָליט, איז אויף דעם גרונט פון דער נשמה געלעגן די ליבע צו זיין פאָלק. צונויפגעדרייט אין דרייען איז געלעגן אָט דער טיפסטער אמת פון זיין

האַרצן. און אַז עס איז געקומען דער נויטיקער מאָמענט, האָט ער זיך פּלוצלונג אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער הויך.

דער, וואָס האָט נישט מורא צו פאָרמולירן דעם אמת, אַזוי ווי ער איז, וועט, שטודירנדיק די ראָלע פון דער אַרבעטערשאַפט אין דעם איצטיקן קריג, מוזן אַרויסברענגען אַן אורטייל, וואָס פּאַטשט אין פּנים דעם אַלטן „אני-מאמין", און וואָס זאָגט:

— אין די צייטן פון אַ פאָלקס-געפאַר איז דעם אַרבעטערס טבע אַזאַ, ווי די טבע פון יעדן געזונטן, נאָרמאַלן מענטשן. עס ברויזט אין אים אויף די אינסטינקטיווע ליבשאַפט צו זיין פאָלק, ער פאַרגעסט אויף זיך, אויף זיין ווייב און קינד, אויף טויזנטער געליבטע אָדער איינגעשמועסטע זאַכן, און לויפט, ווי אַ צערייצטער לייב, צו באַשיצן די עקזיסטענץ פון זיין פאָלק, די זיכערקייט פון זיין פאָלק, די פרייהייט פון זיין פאָלק.

13-טער אויגוסט, 1915.

# דער יידישער קאָנגרעס און די אַרבעטער.

די אומגעהייערע שרעקן פון דעם איצטיקן וועלט-קריג פאַלן אויף קיין טייל פון דעם פאָלק נישט אַזוי שווער, ווי אייף דער אַרבעטערשאַפט און אויף יענע שיכטן, וואָס שטייען נאָנט צו איר אין זייער עקאָנאָמישן מעמד.

נאָך שווערער דריקט די לאַסט פון דעם קריג אויף דער יידישער אַרבעטערשאַפט און די יידישע אָרעמע מאַסן, ווייל קיין פאָלק ליידט נישט פון אים אַזויפיל, ווי אונזער יידיש פאָלק.

קיין פאָלק פון די, וואָס געפינען זיך אין די קריגס-לענדער, דאַרף נישט אויסשטיין אַזעלכע ביטערע ליידן, אַזאַ אומפאַרדינטע שפיכת-דמים, ווי דאָס יידישע. די רוסישע רעגירונג, וואָס האָט זיך אָװעקגעשטעלט פאַר אַ ציל אויסצו-וואָרצלען אונז פון רוסלאַנד, האָט ענדלעך אויסגעפונען אונ-זער שוואַכסטן פונקט, וווהין זי קאָן אומבאַשטראָפט צילן אירע גיפטיקע פיילן: דעם אומבאַשיצטן יידישן נאָמען.

פריער מיט דעם אומגעלומפערטן בלוט-בלבול אין דעם ביילים-פּראָצעס און איצטער מיט דעם נאָך שרעקלעכערן שקר-בלבול, אַז מיר זענען אַ פאָלק פון שפּיאָנען, האָט זי נאָר איין ציל אין זין: פאַרמיאוסן אונז אין די אויגן פון אַלע אַנדערע פעלקער, שטאַרקער מאַכן דעם האַס און די פאַראַכ-טונג, וואָס עקזיסטירט אַנטקעגן אונז, און אויף אַזאַ אופן פאַרענטפערן אַלע רדיפות, וואָס זי ווענדעט אַנטקעגן אונז אָן, און נישט נאָר געפינען קיין ערנסטן פּראָטעסט אַנטקעגן דעם, נאָר אויך זיין זיכער, אַז די גרויסע מאַסן פון די רוסלענדישע פעלקער וועלן דערפאַר סימפּאַטיזירן מיט איר.

אין אַזאַ לאַגע איז פאַר אונז קיין אַנדער אויסוועג

נישטאָ, ווי נאָר זען אָנצווענדן אַלע מיטלען, כּדי צו ראַטעװ אונזער ערע און אונזער נאָמען.

אָט דער ציל קאָן דערגרייכט ווערן נאָר דעמאָלט, ווען מיר וועלן אַלע ווי איין מאַן אַרויסטרעטן אָפן, ווי אַ פֿאָלק, און פֿאָדערן, וואָס אונז קומט ווי אַ פֿאָלק, און קעמפֿן מיט דער גאַנצער אָנשטרענגונג פֿון אונזער קראַפֿט פֿאַר אונזער באַפֿרייאונג פֿון יענער נאַציאָנאַלער קנעכטשאַפֿט, אין וועלכער מיר געפֿינען זיך איצט, פֿון יענער נאַציאָנאַלער קנעכטשאַפֿט, וואָס איז די אורזאַך פֿון אַלע אונזערע ליידן, פֿון אונזער נידעריקן מעמד צווישן די פֿעלקער און פֿון אונזער שפּל גע- וואָרענעם נאָמען.

צוויי פֿאָדערונגען דאַרפֿן מיר אַרויסשטעלן, כּדי אויסצו- גלייכן אונזער נאַציאָנאַלע לאַגע מיט דער נאַציאָנאַלער לאַגע פֿון אַלע אַנדערע פֿעלקער, און כּדי דורכדעם אויפֿהויבן אונ- זער פּרעסטיזש אין די אויגן פֿון דער וועלט, אומקערן אונז אונזער פֿאַרלאָרענע חשיבות און אויף אייביק פּטור ווערן פֿון אַלע רדיפֿות און באַליידיקונגען, וואָס פֿאַלן אויס אויף אונ- זער גורל.

די ערשטע פֿאָדערונג איז: נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטי- קונג אין אַלע לענדער, וווּ מיר געפֿינען זיך, ווי אַ מינאָרי- טעט, די צווייטע פֿאָדערונג איז — אַ פֿרייע אייגענע שטאַאַט.

גראָד אין דעם איצטיקן היסטאָרישן מאָמענט איז גע- בוירן געוואָרן די מעגלעכקייט, אַז די ביידע פֿאָדערונגען זאָלן פֿאַרווירקלעכט ווערן: פֿון אַלע זייטן דערגייען צו אונז ידיעות, אַז די קריגס-פֿירנדיקע פֿעלקער זענען נישט אָפּגע- נייגט אָנצוערקענען אונזער ארץ ישראל. דורכדעם גופֿא באַשטע- טיקן זיי, אַז מיר זענען אַ באַזונדער פֿאָלק און באַרעכטיקן אונזער קאַמף פֿאַר דער אויסגלייכונג פֿון אונזער נאַציאָנאַלער לאַגע.

פֿון אַלע שיכטן פֿון דעם יידישן פֿאָלק דאַרף די יידישע אַרבעטערשאַפֿט זיין מער פֿאַר אַלעמען פֿאַראינטערעסירט אין יענע צוויי פֿאָדערונגען.

די באַדייטונג פֿון דער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג

שטייט שוין קלאָר פאַר די אויגן פון דאָס רוב יידישע אַרבעטער און זי איז שוין אַרויפגענומען געוואָרן אויף דעם פּראָגראַם פון יענער אַרבעטער-קאָנפערענץ, וועלכע דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער-קאָמיטעט רופט צונויף.

אָבער נאָך גאָרנישט קלאָר איז פאַר דעם יידישן אַרבעטער די וויכטיקייט פון דער צווייטער פאָדערונג: פון אַן אייגענעם יידישן שטאַאַט. דער אַרבעטער זעט נאָך נישט איין, אַז אַן אייגענער שטאַאַט וועט ברענגען נישט נאָר די פאַרענטפערונג פון דער יידישער פראַגע, אין וועלכער ער דאַרף זיין אינטערעסירט, ווי אַ טייל פון דעם יידישן פאָלק, נאָר אויך, אַז דער יידישער שטאַאַט וועט ערשט געבן די מעגלעכקייט דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס פריי צו אַנטוויקלען זיינע סאָציאַלע קלאַסן-כחות.

כל זמן יידן וועלן נישט האָבן קיין אייגענעם שטאַאַט, וועלן אַלע קלאַסן פון דעם יידישן פאָלק, ווי שטאַרק עס זאָל נישט זיין דער אַנטאַגאָניזם צווישן זיי, צוגעשמידט זיין איינער צום אַנדערן.

אפילו אין אַמעריקע, וווּ דער דרוק פון אונזער נאַציאָנאַלער קנעכטשאַפט פילט זיך נישט אַזוי שטאַרק, האָט אויך נישט געקאָנט פאַנאַנדערגעריסן ווערן די קייט, וואָס האָט צוגעשמידט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט צו דער יידישער בורזשואַזיע. אויף שריט און טריט מוז דער יידישער אַרבעטער אָנקומען צו דער הילף פון דער יידישער בורזשואַזיע, און די הילף ווערט אים געגעבן אין דער פאָרם פון צדקה און טובות, וואָס דערנידעריקט דעם געבער און דעם נעמער.

אמת, אויך אין אַן אייגענעם שטאַאַט פאַלן אויס ציַיטן, ווען דער אַרבעטער ווערט צונויפגעשמידט אינאיינעם מיט דער בורזשואַזיע, אָבער דאָס זענען נאָר די זעלטענע ציַיטן פון אַן אַלגעמיינער געפאַר פאַר דאָס גאַנצע פאָלק, ווי צ. ב. אין דעם איצטיקן קריג. אין די פרידלעכע ציַיטן קאָן זיך דער פּראָלעטאַריאַט פריי באַוועגן, לויט די אינעווייניקסטע טענדענצן פון זיין קלאַס און לויט דער מדרגה פון זיין סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין. די הילף, וואָס ער באַקומט אין דער פאָרם פון

אַ סאָציאַלער געזעצגעבונג, האָט ער דאָרטן צו פאַרדאַנקען נישט דער גוטהאַרציקייט פון דעם בורזשואַזן בעל־טובה, נאָר זיין אייגענער אָרגאַניזירטער פּאָליטישער טעטיקייט.

אין די גלות-לענדער איז אָבער דאָס נאַציאָנאַלע לעבן אַלעמאָל אין געפאַר און דעריבער קאָן דער אַרבעטער זיך קיינמאָל נישט באַפרייען פון יענער קייט, וואָס שמידט צונויף די בורזשואַזיע מיט דער אַרבעטערשאַפט. דאָס פאַרטונקלט דאָס קלאַסן-באַוווסטזיין פון דעם יידישן אַרבעטער און שוואַכט אָפּ זיין ענערגיע אין דעם קלאַסן-קאַמף.

עס זענען דאָ נאָך אַ סך אַנדערע וויכטיקע מאָמענטן, וואָס ברענגען דערצו, אַז די ענערגיע פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך נישט קאָנען פריי אַנטוויקלען אין די גלות-לענדער. זיי אַלע שטייען נאָך נישט קלאָר פאַר די אויגן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. אַ דאַנק איר אָפּגעשטאַנענקייט פון דער אַלגעמיינער פּראָלעטאַרישער אַנטוויקלונג, הערשן נאָך ביי איר אָנשויאונגען, וואָס שטאַמען פון די קינדער-יאָרן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און וואָס רופן אַרויס אין איר אַ קעגנערשאַפט צו דער טעריטאָריאַליסטישער פאַרענטפערונג פון דער יידישער פראַגע בכלל און צו ארץ ישראל בפרט.

אין דער איצטיקער צייט איז אָבער אַבסאָלוט-נויטווענדיק פאַר דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס, סיי ווי אַ טייל פון דעם יידישן פאָלק, סיי ווי אַ באַשטימטן סאָציאַלן קלאַס, ער זאָל נישט בלייבן הינטער דער בורזשואַזיע און נאָכשלעפּן זיך נאָך איר, נאָר אַז ער זאָל אַרויסטרעטן אין פראָנט און נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו פון דער יידישער באַפרייאונג. ווי דער פּראָגרעסיווסטער קלאַס פון אונזער פאָלק, דאַרף דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אָנטרייבן די איבעריקע קלאַסן, אַז זיי זאָלן אין זייערע פאָדערונגען נישט אַראָפּפאַלן נידעריקער, איידער דאָס, וואָס מיר זענען שולדיק אונזער אייגענער ערע, ווי אַ פאָלק; אַז זיי זאָלן נישט פאַרשמירן און נישט פאַרוואַסערן די פאָדערונגען, וואָס דאַרפן אונז ברענגען די פולע און גאַנצע באַפרייאונג.

עס איז פאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אַבסאָלוט-נויטיק, אַז ער זאָל זיך באַטייליקן אין דעם אַלגעמיין-נאַציאָנאַלן יידישן קאָנגרעס נישט נאָר, כּדי דער אויסדערוויילטער פאַרשטאַנד פון דעם קאָנגרעס זאָל קאָנען רעדן אין דעם נאָמען פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק, נאָר אויך כּדי דער יידישער פּראָלעטאַריאַט זאָל פאַרוואַנדלען די האַלב-קלאָרע רייד פון דער בורזשואַזיע אין קלאָרע און באַשטימטע פּאָליטישע לאָזונגען; אַז אָנשטאָט „פולע" רעכט, וועגן וועלכע זי רעדט איצטער, זאָל קלאָר אַרויסגעזאָגט ווערן: „נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג" און אַז אָנשטאָט די מטושטשע ווערטער פון אַן אייגענער „היים" אין ארץ ישראל, זאָל שאַרף אַרויסגערעדט ווערן:

א שטאַאַט אין ארץ ישראל, ווו דאָס יידישע פאָלק זאָל קאָנען ווערן די מאַיאָריטעט, — אַ שטאַאַט, וואָס זאָל זיין געגרינדעט אויף די פּראָגרעסיווסטע יסודות פון דער דעמאָקראַטיע און דער פולער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר אַלע פעלקער און שפּראַך-גרופּן, וואָס וועלן לעבן אין אים.

17-טן יולי, 1915.

# דאס פראָגראַם פון דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער-קאָמיטעט.

די יידישע אַרבעטער קאָנען זיך נישט באַנוגענען מיט דעם שריט, וועלכן זיי גייען איצטער טאָן, — מיט דער קאָנווענשאָן, וואָס ווערט צונויפגערופן פון דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער-קאָמיטעט.

דער שריט איז אַ צו קליינער, איך וואָלט זאָגן, אַ צו ציטעריק-באַלעבאַטישער, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט זאָל קאָנען זען אין אים דעם גאַנצן אויסדרוק פון זיין ווילן אין דער איצטיקער צייט.

די יידישע אַרבעטער דאַרפן זיין די ראַדיקאַלסטע פּאַרטיי פון דעם יידישן פאָלק. דאָס דאַרפן זיי אַלעמאָל זיין, און בפרט איצטער, ווען אויף דער טאָג-אָרדענונג פון דעם פּאָליטישן לעבן איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער געשיכטלעכער גורל פון אַ סך אונטערדריקטע פעלקער און צווישן זיי אויך דער גורל פון אונזער אייגענער נאַציע. די ראַדיקאַלע אַרבעטערשאַפט מוז זען אָנווענדן אַלע אירע כחות, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל ענדלעך אַרויסגיין פון יענעם פּאָליטישן הינערפּלעט, אין וועלכן עס איז געלעגן ביזאַהער; אַז דאָס זאָל פאַרלאָזן זיינע ביז-אַהעריקע פּאָליטישע גאַנגען פון קריכערישער שתדלנות און קבצנישער צופרידנקייט מיט יענע פּאָר ביינדלעך, וואָס מען וועט אים צוּוואַרפן.

די אַרבעטער דאַרפן זען, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל אַרויסטרעטן אויף דער היסטאָרישער אַרענע, ווי אַ פאָלק; עס זאָל נישט בעטן, נאָר פאָדערן און קעמפן; און עס זאָל פאָדערן אַלץ, אין וואָס עס נויטיקט זיך, ווי אַ פאָלק, כדי די יידישע פראַגע זאָל פאַרענטפערט ווערן ר אַ ד י ק אַ ל.

וואָס דען אַנדערש הייסט ראַדיקאַל, אויב נישט דער

פרינציפ, אז יעדע געזעלשאפטלעכע קראנקהייט דארף געהיילט ווערן פון גרונט-אויס, דארף אויסגעריסן ווערן מיט די ווארצלען? אין וואס דען אנדערש שיידט זיך אפ דער ראדיקאלער פראלעטאריאט פון די ליבעראלע באלעבאטישע קלאסן, אויב נישט אין דעם, וואס יענע ווילן היילן די קרענק מיט פאליאטיווע מיטלען, מיט פלעסטערלעך און ווערסערלעך, בעת מיר פאדערן, אז עס זאל באזייטיקט ווערן די אורזאך פון דער קרענק?

די לאגע פון דעם יידישן פאלק איז א קראנקע, זי פארסמט נישט נאר אונזער אייגן לעבן, נאר אויך דאס לעבן פון יענע פעלקער, צווישן וועלכע מיר וווינען. דער אנטיסע-מיטיזם איז א לעבנס-געפאר פאר אונז און א געפאר פאר דער פראגרעסיווער אנטוויקלונג פאר זיי. מיר קאנען נישט ווארטן, ביז די סאציאלע רעוואלוציע וועט אפשאפן די עקא-נאמישע קאנקורענץ און דערמיט פארשטאפן איינעם פון די וויכטיקסטע קוואלן, פון וועלכן עס פליסט דער פעלקער-האס.

מיר קאנען נישט ווארטן, ביז וואנען די הומאנע גע-דאנקען און געפילן וועלן פון די נישט-יידישע הערצער פאר-טרייבן דעם האס צו אונז, וואס האט זיך דארטן אנגעזאמלט פון דורות. איך רעד שוין נישט דערפון, וואס ביז עס וועט קומען די נחמה, קאן ארויס די נשמה. עס איז דא נאך אן ערגערע זאך. עס איז אין דער לעצטער צייט דערוויזן גע-ווארן אזוי קלאר ווי דער טאג, אז די פסיכאלאגישע מאטיוון פון דעם אנטיסעמיטיזם ווערן טאג-אויס, טאג-איין געשפייזט פון דער פאראכטונג, וועלכע אלע קלאסן, אפילו די געבילדעטסטע, — האבן צו אונז, ווי צו א פאלק. און פון אט דער פאראכטונג וועלן מיר קיינמאל נישט פטור ווערן, כל זמן מיר וועלן נישט אנהויבן צו פירן אן אקוראט אזא נאר-מאל נאציאנאל לעבן, ווי אלע פעלקער פון דער וועלט.

עס איז פאר אונז נישטא קיין אנדער אויסוועג. מיר מוזן אויסגלייכן די נאציאנאלע לאגע פון דעם יידישן פאלק מיט דער נאציאנאלער לאגע פון אלע אנדערע פעלקער, און

די יידישע אַרבעטערשאַפט, די ראַדיקאַלסטע פּאַרטיי פון אונזער פאָלק, מוז נעמען אויף זיך אָט די וויכטיקסטע אויפגאַבע.

דער יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער-קאָמיטעט האָט אָבער די אַלע זאַכן נישט געהאַט אין זין. ער האָט אָנגעצייכנט אַ דירעקטיווע פאַר די יידישע אַרבעטער, וואָס שטייט נידעריקער פון זייער ווירדע, נידעריקער פון זייער לעבנסנויט, נידעריקער פון זייערע כחות.

דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער-קאָמיטעט וויל, אַז די יידישע אַרבעטער זאָלן, נ י ש ט ווי אַ טייל פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק, נאָר ווי אַ טייל פון די אַמעריקאַנער בירגער און ווי אַ טייל פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, זיך ווענדן צו דער אַמעריקאַנער רעגירונג און צו דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל מיט דער פ אָ ד ע ר ו נ ג פון נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר נישט-אַמעריקאַנער יידן.

קאָנען מיר דאָס ביי דער אַמעריקאַנער רעגירונג פ אָ ד ע ר ן? פ אָ ד ע ר ן קאָן מען נאָר ביי דעם, וואָס איז אונז עפּעס שולדיק. איז די אַמעריקאַנער רעגירונג שולדיק נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג די נישט-אַמעריקאַנער יידן?

עס איז גענוג אַוועקצושטעלן די פראַגע אין איר ריכטיקער געשטאַלט, כדי תיכף איינצוזען, אַז מיר קאָנען נישט קומען צו דער אַמעריקאַנער רעגירונג מיט פ אָ ד ע ר ו נ ג ע ן וועגן נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג פון די נישט-אַמעריקאַנער יידן. פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג קאָנען מיר, ווי אַמעריקאַנער, פאָדערן נאָר איין זאַך: זי זאָל נישט האָבן קיין פּאָליטישע און קאָמערציעלע באַציאונגען צו קיין איין לאַנד, וווּ יידן האָבן נאָך נישט קיין גלייכע פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט. נאָר בנוגע צו פּאָליטישע און בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג קאָנען מיר עפּעס ביי איר פאָדערן. בנוגע אָבער צו נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס איז נאָך נישט דורכגעפירט אַפילו אין אַמעריקע, קאָנען מיר צו דער אַמעריקאַנער רעגירונג נישט שטעלן קיין פאָדערונגען: דאָ דאַרפן מיר זי ב ע ט ן, בעטן ביי איר אַ ט ו ב ה, זי זאָל זיך מ ש ת ד ל זיין ביי אַנדערע, אַז י ע נ ע זאָלן באַצאָלן

דעם חוב, וואָס עס קומט זייערע יידן, מיט וועלכע מיר, אַ טייל פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער, סימפּאַטיזירן, ווער ווייס פאַר וואָס.

דאָס איז אַזאַ ריינע און קלאָרע שתדלנות־פּאָלי־טיק, וואָס קאָן נישט פאַרמאַסקירט ווערן מיט קיין הויכע רעוואָלוציאָנערע פראַזן. מיר ווילן פּאָדערן און קלייבן דערצו אויס אַ וועג, וואָס קאָן אין בעסטן פאַל צולאָזן אַ פריינטלעכע בקשה.

גאַנץ אַנדערש איז עס, פאַרשטייט זיך, מיט דעם צווייטן טייל פון דעם קאָמיטעטס פּראָגראַם, מיט דעם ווענדן זיך צו דעם אינטערנאַציאָנאַל. דאָ האָבן מיר באמת אַ רעכט צו פּאָדערן. דער אינטערנאַציאָנאַל האָט נישט איינמאָל עפנט־לעך דערקלערט, אַז ער האַלט פאַר זיין חוב אָנצונעמען זיך פאַר אַלע אונטערדריקטע פעלקער, צו אונטערשטיצן זיי אין זייער קאַמף פאַר זייער פולער און גאַנצער באַפרייאונג. מיר, יידישע אַרבעטער, זענען אַ טייל פונם אינטערנאַציאָנאַל, די יידן פון „יענע מקומות” זענען אַן אונטערדריקט פאָלק: פּאָדערן מיר, אַז דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל זאָל טאָן זיין חוב, אונזער חוב.

דאָס איז אַ לאָגישער שריט פון דעם יידישן פּראָלע־טאַריאַט אין אַמעריקע. אָבער ווי איז, אַז דער אינטערנאַציאָ־נאַל וועט אונז ענטפערן בזה הלשון:

— ס'איז אמת, מיר דאַרפן אונטערשטיצן דאָס יידישע פאָלק אין זיין קאַמף פאַר זיין פולער און גאַנצער באַפריי־אונג. און מיר וועלן דאָס טאָן. אָבער וואָס רעכנט איר אַליין צו טאָן אין דעם ענין? אָדער מיינט איר אפשר, אַז אַ נאַציאָנאַלער קאַמף קאָן געפירט ווערן פער פּאָלמאַכט: „מיר, די אונטערגעצייכנטע יידישע אַרבעטער פון אַמעריקע, באַפולמעכטיקן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט אויסצו־קעמפן פאַר אונזער פאָלק נאַציאָנאַלע גלייכבארעכטיקונג”. גלויבט איר נישט, אַז איר באַליידיקט מיט דעם אייער פאָלק? זאָגט אונז, וואָס וויל אייער פאָלק אַליין טאָן אין דער אָנגע־

לעגנהייט. זאָגט אונז, וואָס גייט א י ר טאָן אין איר, און מיר וועלן אייך געבן אונזער ברידערלעכסטע שטיצע און הילף.

אַזוי וועט צו אונז רעדן דער אינטערנאַציאָנאַל. און אויב ער וועט דאָס נישט זאָגן אָפן, וועט זיין נאָך ערגער, ווייל טראַכטן דאָס וועט ער מוזן. און אין אָט דעם טראַכטן וועט ליגן די ערנסטע באַליידיקונג פאַר אונז, די פאַראַכטונג צו אַ פאָלק, וואָס שיקט אַנדערע, זיי זאָלן קעמפן פאַר אים.

אין אַזאַ לעכערלעכער לאַגע בנוגע צו דער אַמעריקאַנער רעגירונג (גיין פאָדערן פון איר אַ ט ו ב ה !), אין אַזאַ אַנטווירדיקנדיק ר לאַגע בנוגע צו דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל פאַרזעצט אונז דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער-קאָמיטעט דערפאַר, ווייל ער האָט נישט דעם מוט צו קוקן דעם אמת אויג אין אויג.

דער אמת איז, אַז דער יידישער אַרבעטער קאָן דאָ נישט אַרויסטרעטן, ווי אַ טייל פון אַמעריקאַנער בירגער; אַז ער קאָן דאָ נישט אַרויסטרעטן בלויז, ווי אַ טייל פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט; אַז ער מוז דאָ אָפן אַרויסגיין, ווי אַ ט י י ל פ ו ן ד ע ם י י ד י ש ן פ אָ ל ק, וואָס דאַרף איצטער אויפהויבן דעם קאַמף פאַר זיין פולער און גאַנצער באַפרייאונג; ווי אַ טייל פון אַ פאָלק, וואָס דאַרף, אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע טיילן זיינע, נעמען אויף זיך די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע.

דאָס פילט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט. דאָס פילט אויך דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער-קאָמיטעט, וואָס לאָזט דורכבליקן, אַז ער איז געצייגט צו גיין האַנט אין האַנט מיט אַלע אַנדערע יידן צוליב דעם געמיינזאַמען נאַציאָנאַלן ציל.

ער איז געצייגט דאָס צו טאָן, ווען אפילו ער ווייס, אָדער מ ו ז וויסן, אַז דאָס איז די ריינסטע „כל-ישראל״-פּאָליטיק. די יידישע אַרבעטער זענען שוין איצטער געצוווּנגען אויפצונעמען די אַנטשיידנסטע „כל-ישראל״-פּאָליטיק, און נאָר פּאָליטישע אלף-בית-יינגלעך וועלן זיך דערשרעקן פאַר אַזאַ פּערספּעקטיוו. אין קיין סאָציאַליסטישן שלחן-ערוך איז נישטאָ אַזאַ דין, וואָס זאָל פאַרווערן „כל-ישראל״-פּאָליטיק, ד. ה.,

אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע אַקציע. און אויב עס וואָלט ערגעץ ווי געווען אַזאַ שלחן-ערוך, וואָלט אים דער אַרבעטער געדאַרפט פאַרברענען און דעם אַש צעשפּרייטן איבער אַלע ימען, ווייל ער פאַטשט אין פּנים דער לעבעדיקערווירקלעכקייט און גייט להיפּך צו דער נאַטור פון דעם אַרבעטער.

יעדע אַרבעטערשאַפט איז אַ טייל פון אַ באַשטימטן פאָלק. די יידישע אַרבעטערשאַפט איז פלייש פון פלייש און ביין פון ביין פון אונזער יידישן פאָלק. דעם פאָלקס ליידן זענען אירע ליידן. דעם פאָלקס באַפרייאונג וועט זיין איר באַפרייאונג. אויף איר ליגט דער חוב אָנצוהויבן דעם באַפרייאונגס-קאַמף און אַריינציען אין אים דאָס גאַנצע פאָלק.

אָן „כל-ישראל"-פּאָליטיק קאָן זיך דער אַרבעטער נישט באַגיין אין זיין באַפרייאונגס-קאַמף. דאָס פילט דער יידישער אַרבעטער און ער וועט נישט קוקן אויף קיין שלחן-ערוכס, ווען אַפילו זיי וואָלטן דאָס אים פאַרווערט, און ער וועט נישט פאָלגן זיינע געוויאָנדלטע דרדקי-מלמדים, וואָס קאָנען קיין איין שריט נישט מאַכן אין דעם לעבעדיקן לעבן, ווו זיי וועלן נישט געפינען קיין הכשר דערויף אין אַ וועלכן עס איז טויטן ספר.

דער אַרבעטער פילט און הויבט שוין אָן קלאָר צו פאַרשטיין, אַז זיין קאָנוועגשאָן איז נישט מער, ווי אַ ן ע ר ש ט ע ר ש ר י ט ; אַז אויף יענער קאָנווענשאָן וועט ער מוזן באַשטימען דעם צווייטן וויכטיקסטן שריט: די פאַראייניקונג מיט אַנדערע טיילן פון דעם יידישן פאָלק, צוליב אַ געמיינזאַמער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

און עס וואַקסן פאַר אים אויס פראַגן:

מיט וועמען זיך פאַראייניקן? אין וואָס פאַר אַ פאָרם? צוליב וועלכע צילן?

17-טער אויגוסט, 1915.

# „קאנפערענץ" אדער „קאנגרעס"?

— מיט וועמען זיך פאַראייניקן? אין וואָס פאַר אַ פאָרם? צוליב וועלכע אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע צילן?

אָט דאָס זענען די פראַגן, וואָס באַשעפטיקן איצטער דעם געדאַנק פון דעם יידישן אַרבעטער, האַרבע שאלות, אויף וועלכע די אַרבעטער-קאָנווענשאָן דאַרף געבן אַן ענטפער.

פון איין זייט רופט אים צו אַ „קאָנפערענץ" אַ גרופּע מענטשן, צו וועלכער ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין איבעריקן צוטרוי, וועלכע ער האָט אַלעמאָל געהאַסט, ווי זיינע סאָציאַלע קעגנער, אָבער צו וועמען ער האָט אַלעמאָל אין דער טיף פון דעם האַרצן געהאַט, אפשר אומבאַוווסט, אַ געפיל פון רעספּעקט צוליב זייער רייכטום און מאַכט.

דער אַרבעטער מוז אָבער פאַרזאָגן פון זיך אַפילו דעם שאָטן פון אַ געדאַנק, אַז ער קאָן גיין אַ-נאַיינעם מיט יענע העכסט-פּראַקטישע און זייער איינפלוסרייכע לייט.

עס איז אים נאָר גענוג, זיך צו דערמאָנען, פאַרוואָס זיי ווילן דוקא אַ „קאָנפערענץ" און נישט קיין פאָלקס-קאָנגרעס, און וויפל מי עס האָט געקאָסט, ביז זיי האָבן געגעבן זייער הסכמה צו אַ קאָנפערענץ.

פון יענער זייט ים האָבן געגומען באַשטורמען אונז ידיעות, איינע שרעקלעכער פאַר דער אַנדערער. אין דעם געפילדער פון דעם וועלט-קריג האָט די רוסישע רעגירונג גראָד געפונען די פּאַסנדסטע צייט, צו דערווערגן דאָס יידישע פאָלק. און נישט נאָר צו דערווערגן עס — באַדעקן זיין נאָמען מיט אַן אייביקן שמאַך.

און אַז מיר האָבן זיך דאָ דערוווסט דערפון, האָבן מיר געוואָלט אַרויסשרייען פאַר דער גאַנצער וועלט אונזער צאָרן און אונזער פּראָטעסט. דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זיך צונויפקומען

אינאייגעם, — האָט געפאָדערט יעדער איינער פון אונז. זאָל דאָס גאַנצע פאָלק, ווי איין מאַן, געבן אַן ענטפער אונזער בלוטיקן פיינט. זאָל די גאַנצע וועלט אויפגערודערט ווערן! מיר קאָנען שוין מער נישט דערלאָזן, מען זאָל אונזער פאָלק באַהאַנדלען, ווי אַ געפגרטע נבילה, וואָס מען האַקט זי אויף שטיקער און מען וואַרפט דאָס פאַר די הינט.

אָט דעם אויסגעשריי אונזערן צו דערשטיקן, האָט גענו־מען אויף זיך יענע גרופּע פון העכסט־פּראַקטישע און זייער איינפלוסרייכע מענטשן, וואָס רופן צונויף די קאָנפערענץ.

קאָן דער יידישער אַרבעטער, זאָל זיין אויף אַ מינוט, אַ טראַכט טאָן, אַז ער זאָל גיין האַנט אין האַנט מיט זיי? דאָס איז אַבסאָלוט אויסגעשלאָסן.

דער יידישער אַרבעטער וועט אויף זיין קאָנווענשאָן זיי שיין באַדאַנקען פאַר זייער פּראַקטישקייט און גאַנץ העפלעך זיך אָפּזאָגן פון זייער איינפלוס.

פון דער אַנדער זייט רופן דעם יידישן אַרבעטער די מיטעלערע באַלעבאַטישע קלאַסן צו אַן אַלגעמיין־יידישן דע־מאָקראַטישן קאָנגרעס.

און אויך דעם קאָנגרעס האָט דאָס רוב איצטיקע פירער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט באַגעגנט מיט חשד און אָפּטמאָל מיט פּראָטעסט.

די הויפּט־אורזאַך דערפון איז געווען דער פאַקט, וואָס די ערשטע אָרגאַניזאַציעס און פּערזאָנען, וועלכע האָבן אויפ־געהויבן די אידעע פון אַ דעמאָקראַטישן קאָנגרעס, האָבן אַרויס־געשטעלט די פאָדערונגען, אַז נאָר דער זאָל האָבן אַ רעכט צו שיקן אַ פאַרטרעטער אין דעם קאָנגרעס, וואָס גלויבט אין דער נויטווענדיקייט צו קעמפן פאַר „פולער גלייכבאַרעכטיקונג אין די גלות־לענדער און אַ געזיכערטע היים אין ארץ־ישראל".

איך וואָלט געקאָנט באַווייזן, אַז אַפילו ווען די קאָנגרעס־באַרופער וואָלטן געבליבן ביי זייער אַלטער פאָדערונג פון אַ בינדנדיקן פּראָגראַם מיט די אויבן־דערמאָנטע בינדנדיקע פּרינציפּן, וואָלטן די יידישע אַרבעטער אויך דעמאָלט געדאַרפט נעמען דעם ענערגישסטן אַנטייל אין דעם קאָנגרעס, ווייל פאַק־

טיש איז אין יענעם פּראָגראַם, אַביסל מטושטש און אָפּגע־שוואַכט, אַרויסגעזאָגט געוואָרן דאָס, וואָס עס מוז איצטער זײַן די פֿאָדערונג פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. אָבער צוגעבן וואָלטן מיר דעמאָלט געמוזט, אַז דאָס וואָלט נישט געווען קיין דעמאָקראַטישער, אַ ל ג ע מ יי ן - נאַציאָנאַלער קאָנגרעס, ווייל פֿון אים וואָלטן לכתחילה געווען אויסגעשלאָסן אַלע יענע נאַ־ציאָנאַלע ריכטונגען, וואָס זענען קעגן דער פֿאָדערונג פֿון ארץ ישראל.

איצטער אָבער האָט די גאַנצע פֿראַגע פֿאַרלאָרן אַ ר פּראַקטישע באַדייטונג. דער קאָנגרעס ווערט צונויפגערופן אויף אַן אָפֿענער פּלאַטפֿאָרם, פֿון וועלכער קיין ריכטונג פֿון דעם יידישן געדאַנק ווערט נישט אויסגעשלאָסן.

דער קאָנגרעס וועט זײַן אַ פֿ אָ ל ק ס - קאָנגרעס, און נישט אַ פּאַרטיי־קאָנגרעס. אויף אים וועט זיך אויסקריסטאַלי־זירן דער ווילן פֿון דעם פֿאָלקס מאַיאָריטעט, און קיין מאַכט קאָן קיינעם נישט פֿאַרווערן צו פֿאַרטיידיקן פֿאַר די פֿאַרטרע־טער פֿון דעם גאַנצן פֿאָלק יענץ פּראָגראַם, וואָס ער רעכנט, אַז דאָס זאָל ווערן דער ווילן פֿון דעם גאַנצן פֿאָלק.

וואָס פֿאַר אַן אויסרייד קאָן מען איצטער האָבן אויף נישט צו באַטייליקן זיך אין דעם קאָנגרעס?

על־פּי־שכל איז נישטאָ קיין איין־איינציקער טעם, פֿאַר־וואָס די אַרבעטערשאַפֿט — די פּראָגרעסיווסטע, ראַדיקאַלסטע פּאַרטיי פֿון איר פֿאָלק — זאָל ווערן אומטריי צו איר חוב, און איבערלאָזן די אַנטשיידונג איבער די וויכטיקסטע פּראָב־לעמען פֿון אונזער לעבן אין די הענט פֿון די נישט־פּראָלע־טאַרישע ריכטונגען און קלאַסן. און פֿונדעסטוועגן הערן די קאָנגרעס־קעגנער פֿון צווישן אייניקע אַרבעטער־פֿירער נישט אויף צו קעמפֿן אַנטקעגן אים און צו דיסקרעדיטירן אים אין די אויגן פֿון די אַרבעטער.

איינער אַן אויסרייד זייערער איז, אַז דער קאָנגרעס וועט זײַן אַ „מאַסן־מיטינג" און נישט קיין געשעפֿטסמעסיק־אַר־בעטנדיקע קערפּערשאַפֿט.

אסור, אויב מען קאָן פֿאַרשטיין, וואָס זיי ווילן דערמיט

זאָגן. אַ מאַסן-מיטינג איז אַ פאַרזאַמלונג, צונויפגערופן פון איין-איינציקער ריכטונג, ווו אַלע רעדנער רעדן, אָדער דאַרפן רעדן, אין איין און דעמזעלביקן גייסט, ווו די צוהערער האָבן נאָר צוצוהערן און דערנאָך אָפּשטימען איבער אַ פאַרטיקער רעזאָלוציע. דיסקוסיעס, מיינונגס-פאַרשיידנהייטן און פּאַרטיי-קאַמף ווערן אויף אַ מאַסן-מיטינג נישט צוגעלאָזן.

אין אַזאַ מאַסן-מיטינג וואָלט זיך די פאָלקס-פאַרטרעטונג פאַרוואַנדלט, ווען זי וואָלט לכתחילה צונויפגערופן געוואָרן אויף אַ פּראָגראַם, וואָס פאַראייניקט אַלע פּאַרטייען, לאָמיר זאָגן, אויף דעם פּונקט פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע יידן אין די מלחמה-לענדער.

די זיצונגען וואָלטן זיך אָפּגעשפּילט זייער רואיק און זייער געשעפטסמעסיק, אָבער גראָד אַזעלכע זיצונגען וואָלטן געטראָגן דעם אמתן כאַראַקטער פון אַ מאַסן-מיטינג. אויסגע-הערט, באַגייסטערט געוואָרן פון די רעדעס, אָנגענומען די רעזאָלוציעס און זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

ניין. וואָס מיר ווילן און דאַרפן איז אַ פ אָ ל ק ס-ק אָ נ ג ר ע ס, וואָס דאַרף אויסאַרבעטן און פאָרמולירן דעם ווילן פון דעם איצטיקן מאָמענט. דער ווילן פון דעם פאָלק, — דאָס איז דער ווילן פון דער מאַיאָריטעט: קיין אַנדער אויס-טייטש קאָן נישט זיין אין אונזער איצטיקער דעמאָקראַטישער צייט. און דער ווילן פון דער מאַיאָריטעט קאָן זיך נישט באַנוגענען מיט אַ פּונקט. אויף וועלכן אַלע יידן זאָלן זיך פאַראייניקן.

דאָס פאַרשטייען גאַנץ גוט די אַרבעטער-פירער אַליין. זיי וועלן גאָרנישט האָבן אַנטקעגן דעם, אַז אויף דעם קאָנ-גרעס זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן די פראַגע פון נ אַ צ י אָ-נ אַ ל ע ר גלייכבאַרעכטיקונג, כאָטש עס קאָן דאָך פאַר זיי קיין ספק נישט זיין, אַז נישט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איז פאַר-אייניקט אויף דער פאָדערונג. זיי האָפן אָבער, אַז פאַר דער פאָדערונג וועט זיך אַרויסזאָגן די מ אַ י אָ ר י ט ע ט, און דאָס איז פאַר זיי גענוג.

דער צווייטער אויסרייד איז, אַז אַן אַלגעמיין-נאַציאָנאַ-

לער דעמאָקראַטישער קאָנגרעס קאָן נישט זיין קיין אַלגעמיין-נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטישער קאָנגרעס, ווי באַלד אויף זיין טאָג-אָרדענונג ווערט אַוועקגעשטעלט אַ פּראָגראַם-פּונקט, אין וועלכן עס איז פּאַראינטערעסירט אַ געוויסע פּאַרטיי. דאָס וועט פּאַרוואַנדלען, זאָגן זיי, דעם קאָנגרעס אין אַ „פּאַרטיי-קלייזל".

קיין גרעסערער אומזין און קיין גרעסערע פּאָליטישע עם-הארצות איז נאָך קיינמאָל נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן, ווי אָט דער אויסרייד. נאָר פּאָליטישע אַלף-בית-יינגלעך קאָנען מיינען, אַז אַ פּאַרטיי-זאַך איז אַ פּ ר י וו אַ ט ע ז אַ ך. אַ פּאָליטישע פּאַרטיי איז נישט קיין פּריוואַטער פּאַראיין, וואָס טוט זיך זיין אַרבעט אין די אינטערעסן פון זיינע מיטגלי-דער. אַ פּאַרטיי-זאַך איז אַ פּאָלקס-זאַך. י ע ד ע פּאַרטיי איז מחויב צו זען, אַז דאָס גאַנצע פּאָלק (ד. ה. מאַיאָריטעט) זאָל אָננעמען איר פּראָגראַם, ווייל איר פּראָגראַם איז באַשאַפן געוואָרן נישט פאַר דער פּאַרטיי, נאָר פאַר דעם פּאָלק.

דאָס פּאָלק דאַרף באַשטימען זיין ווילן, אָננעמען אַ באַ-שטימטן ענטפער אויף די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון זיין לעבן, מוז עס אויסקלייבן צווישן די פאַרשיידענע פּאַרטייען. און וואָס פאַר אַן ענטפער דאָס פּאָלק זאָל נישט אָננעמען, וועט דאָס זיין אַן ענטפער פון אַ באַשטימטער פּאַרטיי.

זאָל די מאַיאָריטעט פון דעם קאָנגרעס באַשליסן, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָלקס-פאַרטרעטער זאָלן פאָדערן נ אָ ר בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג און נישט נאַציאָנאַלע, וועט דאָס זיין אַ טריאומף פון אַ „פּאַרטיי-קלייזל", אַ נצחון פון דער אַסימילאַטאָרישער ריכטונג. און זאָל די מאַיאָריטעט אָננעמען נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג, אָדער בפירוש נישט אַן אייגן לאַנד, וועט דאָס ווידער זיין אַ טריאומף פון אַ באַשטימטן „פּאַרטיי-קלייזל", — פון די גלות-נאַציאָנאַליסטן און די בונ-דיסטן. נישט שוין זעט מען דאָס נישט איין ? און פונדעסט-וועגן האָט מען די העזה צו רעדן וועגן „פּאַרטיי-קלייזלעך".

אָבער ווי וועט זיין, ווען נישט דאָס ג אַ נ צ ע פּאָלק וועט אָננעמען די פאָדערונג פון דעם בונדיסטישן „פּאַרטיי-קלייזל" און די אַסימילאַטאָרישע מאַיאָריטעט וועט זיך אָפּ-

שטעלן? האָבן די בונדיסטן אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם? זענען זיי פאַרציטערט געוואָרן פון דעם געדאַנק?

איך גלויב נישט, אַז די אויסזיכט זאָל האָבן אַריינגע-יאָגט אַ שרעק אין זייערע ביינער. אויב די אַסימילאַטאָרישע מינאָריטעט וועט אַוועקגיין פון קאָנגרעס, וועט זי אַוועקגיין, מער גאָרנישט. דער ווילן פון פאָלק וועט זיין אויסגעדריקט אין דעם זין פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג און די אויס-דערווײלטע פון דעם פאָלק וועלן וויסן, וואָס זיי האָבן צו טאָן.

און דאָס אייגענע וועט, פאַרשטייט זיך, זיין מיט דער פאָדערונג פון ארץ ישראל. אויב די בונדיסטן און גלות-נאַ-ציאָנאַליסטן ציטערן, טאָמער וועט דער ווילן פון פאָלק זיך אַרויסזאָגן פאַר ארץ ישראל, איז דאָס קיין גרונט נישט, פאַר-וואָס דאָס פאָלק זאָל זיך נישט צונויפקומען אַרויסזאָגן זיין ווילן.

אויב זיי ציטערן אַזוי פאַר דעם פאָלקס-ווילן, טאָרן זיי, ווי דעמאָקראַטן, נישט קעמפן אַנטקעגן אַ דעמאָקראַטישן קאָנ-גרעס, נישט קעמפן אַנטקעגן דעם, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך אַרויסזאָגן וועגן די וויכטיקסטע פראָבלעמען פון דעם פאָלקס-לעבן. ווי סאָציאַליסטן און דעמאָקראַטן, דאַרפן זיי גיין צו די אַרבעטער-מאַסן און זען, אַז די מאַסן זאָלן שיקן פאַרטרע-טער, וואָס וועלן שטימען אַנטקעגן ארץ ישראל.

און מיר וועלן אויך גיין צו די אַרבעטער-מאַסן און דערציילן זיי, פאַרוואָס מען מוז דוקא שטימען **פ אַ ר** ארץ ישראל.

די וואַלן וועלן באַווייזן, ווער פון אונז איז געווען גע-רעכט אין די אויגן פון די אַרבעטער, און דער קאָנגרעס וועט באַווייזן, וואָס איז דער ווילן פון דעם גאַנצן פאָלק.

עס איז אַ סקאַנדאַל, אַז מען דאַרף נאָך רעדן וועגן אַזעלכע אלף-בית-אמתן און האַמפּערן זיך וועגן זיי — מיט וועמען? — מיט סאָציאַל-דעמאָקראַטן!

27-טן אויגוסט, 1915.

# אַ פאַנטאַסטישער חלום.

„דער מזל", האָט איינער אײנמאָל ערגעץ-ווו געזאָגט, „איז גוט און לייטזעליק צו אַלעמען גלייך. דער אומגליקלע־כער איז אָבער אומגליקלעך דערפאַר, וואָס ווען דער מזל קלאַפּט אים אָן אין דער טיר, דערקענט ער אים נישט און לאָזט אים נישט אַריין".

עס איז אַ שטיק אמת אין דעם, סיי אין דעם לעבן פון דעם איינצלנעם, סיי אין דעם לעבן פון די פעלקער. ווער ווייס, וויפל געלעגנהייטן עס האָבן זיך געמאַכט אין אונזער געשיכטע, פּטור צו ווערן פון אונזערע צרות, און מיר האָבן זיי דורכגעלאָזן, ווייל מיר זענען — „שלומיאלס", ד. ה., מענטשן, ווען דער מזל קלאַפּט אין טיר און זיי דערקענען אים נישט.

עס קאָן גרייכעך זיין, אַז אויך איצטער לעבט אונזער פאָלק דורך אַזאַ פאַל. עס קאָן גרייכעך זיין, אַז קיינמאָל האָט דער מזל נישט געקלאַפּט אַזוי העפטיק אין אונזער טיר, ווי גראָד איצטער, און עס קאָן זייער געמאָלט זיין, אַז מיר ווען — שוין אַ מזל אַזאַ! — אים נישט דערקענען און אים נישט עפענען.

דער לייענער שטויסט זיך געוויס אָן, וועגן וואָס מיר רעדן: אַלץ טאַקע וועגן ארץ ישראל.

עס קאָן דאָך ביי קיין בר-דעת קיין ברעקל ספק נישט זיין, אַז אויב מיר וואָלטן איצטער באַקומען אַ פּאָליטיש־זעלבשטענדיקע היים אין ארץ ישראל, וואָלט דאָס געווען אַזאַ גליק, וואָס וועגן דעם האָט דאָס יידישע פאָלק... איך האָב שיער נישט געזאָגט: „קיינמאָל נישט געטרוימט". דעם אמת איז, אַז וועגן דעם גליק האָט דאָס יידישע פאָלק קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו טרוימען.

...האָבן מיר א פּאָליטיש-זעלבשטענדיקע היים, איז דעמאָלט אונזער טראַגישע נאַציאָנאַלע פראַגע פאַרענטפערט. עס ווערט דערמיט אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט צו דעם פולקאָמענעם אויסגלייך פון אונזער נאַציאָנאַלער לאַגע מיט דער נאַציאָנאַלער לאַגע פון אַלע אַנדערע פעלקער.

אָבער נישט נאָר ווערט דערמיט געזיכערט דער פולער ענטפער אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע, דער נאָרמאַלער בוי פון אונזער צוקונפט. אויך ברענענדיקע נויטן פון דער איצטיקער שווערער צייט קאָנען דעמאָלט באַפרידיקט ווערן אויף א נאַטירלעכן אופן.

מיר ריכטן זיך אַלע אויף א גרויסער עמיגראַציע פון רוסלאַנד און גאַליציע. ווהין זאָלן זיך די מאַסן אַ לאָז טאָן? ווידער קיין אַמעריקע? ווו די טויערן פון אַריינפאָר ווערן אַלץ ענגער און ענגער? ווו מען הויבט שוין אָן אויף אונז צו קוקן מיט קרומע אויגן?

האָבן מיר אָן אייגענע יידישע רעגירונג אין אונזער אייגענעם יידישן לאַנד, קאָן זי שוין איצטער, אויפן שטעל, באַשאַפן די מעגלעכקייט פאַר אַ מאַסן-עמיגראַציע קיין ארץ ישראל.

קלאָר און צווינגנדיק האָט דעם געדאַנק אַנטוויקלט יצחק אייזיק הורוויטש אין זיין רעדע אין קופּער יוניאָן.

נאָר אַ רעגירונג קאָן דאָס טאָן, נישט קיין פּאַרטיי, נישט קיין פּריוואַט-קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט. אַ רעגירונג קאָן מאַכן אַ הלואה פון הונדערטער מיליאָנען, וואָס זאָל זיך אויסצאָלן אין דורות און דורות; זי קאָן אויף איר אייגענעם חשבון אויפנעמען די גראַנדיעזסטע עפנטלעכע אַרבעטן, וועלכע זאָלן שוין אויפן שטעל געבן באַשעפטיקונג פאַר צענדליקער טויזנטער און אפשר פאַר הונדערטער טויזנטער אַרבעטער: בויען אייזנבאַנען, שאָסעען און וועגן; קאָריגירן דעם לויף פון דעם ירדן; מאַכן נוצבאַר פאַר דער אינדוסטריע זיין אומגעהייערע וואַסער-קראַפט; דורכפירן די איריגאַציע פון דעם לאַנד; אויסטריקענען די זומפּן; פלאַנצן וועלדער; עקספּלאָאַטירן די נאַטירלעכע רייכטימער פון דעם

ים המלח און אפשר אויך פון די בערג (אויב זיי זענען רייך אין מעטאלן).

קאן אזא אויסזיכט שוין, אט איצטער, פארווירקלעכט ווערן, אדער איז דאס נאר א פאנטאסטישער חלום? — דאס איז די צענטראל-פראגע, ארום וועלכער עס דארף זיך דרייען די דיסקוסיע וועגן ארץ ישראל.

אויב דאס האט אפילו נאר א הונדערטל שאנס אויף אריינצוטרעטן אין לעבן, איז דעמאלט מוזן אלע, סיי ציוניסטן, סיי נישט-ציוניסטן, — איינפרעסן זיך מיט ציין און נעגל אין דעם הונדערטל טייל פון א שאנס און נישט ארויסלאזן אים, ביז ער וועט נישט מקוים ווערן, אדער פארשווינדן. ווייל, א חוץ אלעמען, האנדלט עס זיך דא וועגן פארזארגן מיט ברויט און מיט רו און מיט א געזיכערטער היים א פאר מיליאן יידן, וואס האבן זיך גוט אנגעליטן אין דער לעצטער צייט.

אויב אבער דער אויסזיכט אויף אן אייגענער, געזיכער-טער היים אין ארץ ישראל און אויף אן אייגענער יידישער רעגירונג, וואס זאל לכל הפחות זיין אויטאנאם און עפנטלעך-רעכטלעך געשיצט אין די אינעווייניקסטע אנגעלעגנהייטן פון אויפבויען דאס לאנד, — אויב אזא אויסזיכט, זאג איך, איז נישט מער, ווי א וויסטער חלום, דעמאלט בלייבט די ארץ ישראל-פראגע שטיין, ווו זי איז געווען ביז אהער און פאר-שיידענע פארטייען מעגן האבן וועגן איר פארשיידענע מיינונגען.

ווער זאל פארענטפערן דידאזיקע שאלה וועגן דער מעגלעכקייט אדער דער אוממעגלעכקייט פון ארץ ישראל פאר יידן אין דעם זין, ווי מיר האבן דאס נאר וואס אנטוויקלט?

עס זענען דא ביי אונז, פובליציסטן, וואס זענען ארויס-געטרעטן מיט דער ברייטקייט פון אן אומפעלבארער אויטא-ריטעט און האבן קאטעגאריש פארענטפערט די שאלה: „דאס איז לחלוטין אוממעגלעך! דאס איז א וויסטער חלום!"

פון וואנען נעמט זיך ביי זיי דידאזיקע ברייטקייט? אלץ, וואס זיי האבן געקאנט אונז זאגן ביז אהער, זענען ארגומענטן פון דעם „שכל הישר", פון דעמזעלביקן באלעבא-טישן „שכל הישר", וואס הייסט אונז קוקן מיט אפענע אויגן,

כּדי מיר זאָלן תּיכּף איינזען, אַז די ערד איז פלאַך, אַז זי שטייט אויף איין אָרט, אַז די זון דרייט זיך אַרום איר, און אַז אַלץ, וואָס די אַסטראָנאָמען זאָגן וועגן דעם ענין, זענען נישט מער ווי ווּיסטע פאַנטאַזיעס און דמיונות.

אין אַסטראָנאָמישע פראַגן דאַרף מען זיך צוהערן צו דעם, וואָס עס זאָגט דער אַסטראָנאָם. אין פראַגן פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק זענען מיר אַלע, אָן אַן אויסנאַם, עם־הארצים גמורים, און מיר טאָרן זיך נישט פאַרלאָזן אויף דעם שכל הישר פון דעם כּתריאלאָווקער באַלעבאָס מיט זיינע חשבונות וועגן וואָס עס איז מעגלעך און אוממעגלעך אין דער איצטיקער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. דאָ דאַרף מען זיך גוט איינהערן אין דעם, וואָס עס זאָגט דער שטאַאַטסמאַן און דער פּאָליטיקער פון באַרוף. ע ר איז די אויטאָריטעט און מיר דאַרפן פאַרבויגן דעם „שכל הישר“, וועלכן מען קאָן קערעווען אַהער, אַהין.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער איצטיקער לאַגע, אַז וויכטיקע שטאַאַטסלייט האָבן געלאָזט דורכבליקן די מעגלעכקייט פון ארץ ישראל פאַר יידן. דאָס איז דער נייער פאַקט, וואָס צווינגט אונז איבערצוקוקן אַלע אַנדערע חשבונות ביז אַהער. ווען שטאַאַטסלייט אין וואַשינגטאָן, ווי דאָס האָט מיטגעטיילט די יידישע פּרעסע, באַטראַכטן די איצטיקע לאַגע פאַר גינסטיק צו אונז אין דעם פּרט, איז דעמאָלט דאַרף דער „שכל הישר“ מיט אַלע זיינע לאָגישע אַרגומענטן זיך באַהאַלטן הינטערן אויוון, און אויב ער וויל דאָס נישט, האָט ער נאָר איין אויפגאַבע: אַ פּרווו טאָן צו פאַרשטיין מיט זיינע היימישע כּוחות, ווי אַזוי איז דאָס פאַרט מעגלעך.

און אויב ער וועט אַ פּרווו טאָן, וועט ער אפשר איינזען, אַז ער האָט וועגן דער איצטיקער דיפּלאָמאַטיע, דער דיפּלאָמאַטיע פון דער גרויסער צייט, אין וועלכער מיר לעבן, אַ פאַלשע און איינזייטיקע השגה. עס קאָן אים אפשר ווערן קלאָר, אַז אַזוי גוט, ווי דער קריג האָט נישט געקאָנט געפירט ווערן אָן דעם ענטוזיאַזם פון די גרויסע פאָלקס־מאַסן, אַזוי וועט אויך די נייע אָרדענונג נישט קאָנען אַריינגעפירט ווערן

אין לעבן אָן דער צושטימונג פון דער עפנטלעכער מיינונג; אַז די עפנטלעכע מיינונג איז גראָד איצטער געוואָרן אפשר דער הויפּט-פאַקטאָר אין דער אינטער-נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און אַז די עפנטלעכע מיינונג קאָן זיך אַרויסזאָגן צו אונזער גונסטן, ווייל דאָס, וואָס מיר פאָ-דערן, נעמט ביי קיינעם גאָרנישט און גיט צו דער גאַנצער מענטשהייט אַזוי פיל: מיר ווילן פאַרוואַנדלען מדבריות אין אַ מענטשלעכן, קולטורעלן ישוב, מיר ווילן, אַז מיליאָנען עק-זיסטענצן, רואינירט דורך דער קריג, זאָלן קאָנען אָנהויבן פירן אַ מענטשלעך, קולטורעל לעבן.

פאַר וואָס זאָל דער „שכל הישר" דווקא אָננעמען, אַז די עפנטלעכע מיינונג וועט זיין קעגן דעם? אַז די דיפּלאָמאַטיע וועט זיך נישט רעכענען מיט איר?

אויף יעדן טעם, פאַרוואָס „נישט", קאָן מען ברענגען אַ טעם, פאַרוואָס „יאָ".

דער „שכל הישר" האָט אָבער זיך געמעגט פאַרטראַכטן וועגן נאָך אַ נייעם פאַקט פון אַן אומגעהייערער באַדייטונג און וויכטיקייט פאַר אונזער ענין, וואָס איז באַקאַנט געוואָרן גאָר אין דער לעצטער צייט. איך האָב דאָ אין זין דעם פאַקט, וואָס דער געוועזענער פּרעמיער-מיניסטער פון איטאַליע לואי-דזשי לוצאַטי איז צוגעשטאַנען צו דער איטאַליענישער ארץ ישראל-באַוועגונג, ווי אַ פאָרקעמפער און פירער.

און ווען מיר דערוויסן זיך, אַז אין דעם אָנהויב פון דעם קריג האָט לוצאַטי נישט געוואָלט הערן פון אַ יידישן פּראָבלעם, נישט געוואָלט וויסן פון נאַציאָנאַלע יידישע אויפ-גאַבן, און אַז ער איז ערשט, נאָך אַ לאַנגן טראַכטן און איבערטראַכטן צוגעשטאַנען צו דער זאַך, באַקומט זיין צוטריט די באַדייטונג פון אַ פאַקט, וואָס פאַרענטפערט די שאלה.

דאָס הייסט נישט, אַז ווען לוצאַטי האָט זיך גענומען פאַר דעם ענין, איז שוין ארץ ישראל געזיכערט פאַר דאָס יידישע פאָלק, אָ, נאָך לאַנג נישט. דאָס הייסט אָבער אַז וואָס:

ווען מיר שטייען פאַר דער פראַגע, צי איז די פאַר־ווירקלעכונג פון דער ארץ ישראל־פאָדערונג אַ מעגלעכע זאַך אין דער איצטיקער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, אָדער נישט, און עס גייט אַרויס פון איין זייט הער אַ. ליטוואַק מיט דער קאַטעגאָרישער פאַרזיכערונג: „אַבסאָלוט אוממעגלעך!" און הער אָלגין טרעט צו און זאָגט נביאות, אַז „דאָס וועט זיך ענדיקן מיט אַן אויסגעבלאָזענער איי" און הער מ. כּץ דער־קלערט מיטן שכל הישר, אַז דאָס איז אַ „פאַנטאַסטישער חלום", און פון דער אַנדערער זייט טרעט אַרויס איין־איינציקער אַלטער יידל, וועמעס נאָמען עס איז לואידזשי לוצאַ־טי און וואָס זאָגט, אַז עס איז מעגלעך, וועט אונטער אַזעלכע אומשטענדן פאַר קיינעם נישט זיין שווער צו אַנטשיידן, וועמען ער זאָל בעסער גלויבן...

איך וויל, איר זאָלט מיך ריכטיק פאַרשטיין. איך וועל דאָ נישט נתפּעל פון לוצאַטי, דעם גרויסן מאַן. עס קאָן זיין, אַז וואָס אַ הער ליטוואַק פאַרמאָגט אין זיין מינדסטן נאָגל, פאַרמאָגט דאָס נישט אַ לוצאַטי אין זיין מיניסטאָרישן קאָפּ. דער הער ליטוואַק אָבער, ווי אויך אַלע אויבן־דערמאָנטע זייער בכּבודיקע הערן, זענען נישט קיין בר סמכאָס אין דער אינ־טערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. זיי האָבן זיך מיט דעם ענין נישט באַשעפטיקט, און אויב באַשעפטיקט, איז נאָר טעאָרעטיש, ביי זיך אין שרייב־צימער. לוצאַטי אָבער האָט געלעבט אין יענער אַטמאָספער, אין וועלכער עס שפּילן זיך אָפּ די האַנדלונגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, ער איז באַקאַנט מיט די קרעפטן, וואָס רופן זיי אַרויס, און קאָן דעריבער וויסן אויף קלאָר, וואָס דאָרטן איז מעגלעך און וואָס נישט.

לוצאַטי מוז דערווייל פאַר אונז זיין די איינציקע אוי־טאָריטעט, און זיין ענטפער דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר דעם איינציק־זיכערן ענטפער אין דעם איצטיקן סטאַדיום פון דער פראַגע. נישט די ציוניסטן, נישט די בונדיסטן און נישט קיין אַנדער פּאַרטיי אין דער וועלט קאָנען איצטער יענעם ענטפער נישט אָפּלייקענען: — ארץ ישראל פאַר יידן איז, אַ דאַנק דער איצטיקער לאַגע, געוואָרן מעגלעך, און כּל זמן אַזאַ

לאגע וועט אָנהאלטן, טאָר מען נישט רעדן וועגן ארץ ישראל, ווי וועגן א „פאנטאסטישן חלום״.

מען קלאפט אין אונזער טיר. עס קאָן זיין, ס׳איז אונזער מזל. לאָמיר אויפהערן צו זיין שלומיאלס; לאָמיר לפחות ארויסגיין א קוק טאָן, ווער דאָס איז. *)

---

*) באריכות וועגן דעם רעד איך אין דער אויבן־ציטירטער בראָשור „ארץ ישראל און די יידישע ארבעטערשאפט״. זע דאָס קאפיטל: „די מעגלעכקייטס־פראגע״.

3־טער סעפטעמבער, 1915.

# אַלערליי טענות.

קיינער פון אונז האָט קיין רעכט נישט צו קומען צום פאָלק מיט דער אָפּטימיסטישער פאַרזיכערונג, אַז עס דאַרף זיך נאָר „אַ הויב טאָן" און עס וועט דערפילט ווערן זיין באַגער: נישט די, וואָס זענען פאַר נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג, נישט יענע, וואָס פאָדערן דערצו נאָך אַן אייגן יידיש לאַנד.

מיט קיינער פון אונזערע פאָדערונגען קאָנען מיר נישט זיין זיכער, אַז זי וועט אין דער איצטיקער צייט באַפרידיקט ווערן. קיין געבראָטענע טייבעלעך האָט מען פאַר אונז ערגעץ נישט אָנגעגרייט. פאַר יעדן באַגער אונזערן דאַרפן מיר אָנשטרענגען אונזערע כּוחות, און קיין גאַראַנטיע אויף דערפאָלג קאָן אונז קיינער נישט געבן.

פאַרביידע פאָדערונגען זענען נאָר דאָ שאַנסן, און עס איז שווער צו באַשטימען, וועלכע פון זיי האָט מער שאַנסן אויף איר זייט

די נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג איז פאַרבונדן מיט דעם אַריינמישן זיך אין די אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן פון מדינות, וואָס זענען פיינטלעך צו אונז. זיי קאָנען נישט דערוואַרטן קיין וועלכע עס איז פּאָזיטיווע טובות פאַר זיך, ווען זיי וועלן אונז באַפרייען פון אונזער נאַציאָנאַלן יאָך. עס איז דעריבער אַ גרויסע שאלה, צי די אַנטשיידנדיקע מאַכט-פאַקטאָרן, צו וועמעס יושר מיר דאַרפן אָנקומען, וועלן זיך שטעלן אויף אונזער צד אַנטקעגן דעם צד פון אונזערע קעגנער. ווען די רוסן און די פּאָלאַקן (אָדער אין זייער נאָמען, די עסטרייכער און די רומענער וועלן דערקלערן פור פלאַט, אַז יידישע נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג איז פאַר זיי אַן אוממעגלעכקייט, — איז דעמאָלט אַ גרויסע שאלה, צי די איבעריקע מאַכטן וועלן

דעריבער אָפּברעכן די פֿאַרהאַנדלונגען און וועלן גיין קעמפֿן פֿאַר אונזערע רעכט.

מיר ווערן אָבער דערפֿון נישט נתפּעל און מיר זאָלן דערפֿון נישט נתפּעל ווערן. מיר ווייסן לכתחילה גאַנץ גוט, אַז מיר גייען דאָ נישט אויף אַן אייזערנעם בריק. מיר בויען דאָ נישט אויף אונזער מאַכט. מיר האָבן נאָר שאַנסן. די שאַנסן באַשטייען אין דער האָפֿנונג, אַז די עפֿנטלעכע מיינונג וועט זיין פֿאַר אונז און אַז אונטער דעם דרוק פֿון דער עפֿנטלעכער מיינונג קאָנען די רעגירונגען גע־צוווּנגען זיין, זיך צוצוהערן צו דעם ווילן פֿון אונזער פֿאָלק.

נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג איז אַ מעגלעכקייט, און נאָר אַ מעגלעכקייט. און דאָס איז גענוג פֿאַר אונז. מיר זאָלן פֿילן אונזער חוב, נישט ארויסצולאָזן די מעגלעכקייט פֿון אונזערע הענט.

ווער עס זאָל נישט קומען צו אונז און זאָל נישט זאָגן, אַז די נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג איז שוין גאַראַנטירט, חי־באַלד מיר, יידן, וועלן זי פֿאָדערן, איז אַ פּאָליטישער שאַר־לאַטאַן, ווייל נאָר אַ שאַרלאַטאַן קאָן צוזאָגן מער, איידער ער האָט.

דאָסזעלבע איז מיט דער פֿאָדערונג פֿון אַן אייגענעם לאַנד. זי איז פֿאַרבונדן מיט דעם באַדינג, אַז אַ באַשטימטע מדינה זאָל אונז אַוועקגעבן אַ באַשטימטע פּראָווינץ. עס איז אַ גרויסע שאלה, צי די אַנטשיידנדיקע פֿאַקטאָרן וועלן זיך שטאַרק דערהיצן פֿאַר אונזער פֿאָדערונג, אויב יענע מדינה וועט אַ זאָג טאָן קאַטעגאָריש: „לא מיט אַן אלף!"

אָבער מיר האָבן שאַנסן. מיר האָבן שאַנסן צו באַ־ווייזן יענער מדינה, אַז זי האָט דערביי גאָרנישט וואָס צו פֿאַרלירן און אַ סך צו געווינען. עס קאָן געפֿונען ווערן אַן אויסוועג, וואָס זאָל גאַראַנטירן יענער מדינה, אַז אַלע פּאָלי־טישע און פֿינאַנציעלע פֿאָרטיילן, אויף וועלכע זי האָט אַ רעכט צו רעכענען פֿון יענער פּראָווינץ, זאָלן איר, דורך גע־וויסע אָפּמאַכן און התחיבותן פֿון אונזער זייט, צוגעזיכערט

ווערן אויך דעמאָלט, ווען די פאַרוואַלטונג וועט איבערגיין אין אונזערע הענט.

מיר האָבן אַ שאַנס ביי דער ע פ נ ט ל ע כ ע ר מ יי נ ו נ ג, וואָס וועט אונטער אַזעלכע באַדינגונגען אפשר שטאַרק אונטערשטיצן אונזער פאָדערונג. אונטער דעם דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג, וועט דער ווילן פון יענער מדינה און פון אַלע אַנדערע אַנטשיידנדיקע פאַקטאָרן זיך אַרויסזאָגן צו אונזער גונסטן.

אויב עס איז אַזוי, זענען די שאַנסן פאַר אַן אייגן יידיש לאַנד נאָך שטאַרקער, איידער די שאַנסן אויף נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג: ביי דער באַשאַפונג פון אַ יידישן לאַנד קאָנען פּראָפּיטירן אַלע צדדים. ביי דער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג וועלן פיל צדדים זיך אפשר געפינען פאַרגעוואַלטיקט.

און פונדעסטוועגן זענען דאָס נישט מער ווי ש אַ נ ס ן. דאָס באַקומען פון אַן אייגענעם לאַנד איז נישט מער ווי אַ מעגלעכקייט. אָבער, ווייל דאָס איז שוין אַ מעגלעכקייט, איז דאָס גענוג פאַר אונז, מיר זאָלן, ווי ביי דער נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג, פילן אונזער חוב, נישט אַרויסצולאָזן די מעגלעכקייט פון אונזערע הענט, כּדי קיינער פון אונז זאָל נאָכדעם נישט דאַרפן מאַכן זיך אַליין דעם פאָרוואורף: „עס וואָלט געקאָנט זיין! אָבער עס איז גאָרנישט געוואָרן דערפון, ווייל מיר האָבן נישט געהאָלפן, נישט געטאָן אַלץ, וואָס מען באַדאַרף, אָדער נאָך ערגער: אין אונזער בלינדער עקשנות געשטערט".

אָט פאַרוואָס איך זאָג: די צענטראַל-פראַגע וועגן ארץ ישראל איז איצטער נישט די פראַגע וועגן אַ גאַראַנטירטער זיכערקייט, נאָר וועגן אַ גרעסערער אָדער קלענערער מעגלעכקייט. און אָט פאַרוואָס עס איז נאָך עד היום נויטיק זיך אַבסאָלוט קלאָר צו מאַכן, אַז אַלע ארגומענטן אַנטקעגן יענער מעגלעכקייט האַלטן נישט אויס קיין ברעקל קריטיק.

איך האָב גענוי פאַרפאָלגט די פּאָלעמיק וועגן דעם ענין, און איך מוז קאָנסטאַטירן, אַז, אַ חוץ נערוועאישע מיסשטימונג,

איז נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן קיין איין-איינציקער ערנסטער אַרגומענט, פאַרוואָס מיר זאָלן קאָנען זיין זיכער, אַז „דאָס איז אוממעגלעך", און ממילא זיך קאָנען באַפרייען פון יענעם חוב, וואָס ליגט אויף אונז.

הער אַ. ליטוואַק האָט אַרויסגעשטעלט פיר טעמים, פאַרוואָס אין ארץ ישראל איז אוממעגלעך אַ יידיש לאַנד. ערשטנס, איז דאָס לאַנד וויסט; צווייטנס, איז עס באַזעצט (פון די אַראַבער); דריטנס, וועלן יידן נישט פאָרן אַהינצו, ווייל זיי זענען פּראָלעטאַריער און זיי זוכן אַ גינסטיקן מאַרק פאַר זייער אַרבעטס-קראַפט; און פערטנס, וועלן די שטאַאַטן נישט צושטימען צו אַ יידיש לאַנד.

דאָס לאַנד איז וויסט. דאָס איז אמת. אָבער דערויף בויען מיר אונזער פאָדערונג. וואָלט זי געווען באַזעצט און באַבויט, ווי איטאַליע אָדער שווייצאַריע, וואָלט דאָרטן נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר אונז.

דאָס לאַנד איז וויסט. אָבער די דייטשישע קאָלאָניזאַציע און שפּעטער די יידישע האָבן באַוויזן אַזוי קלאָר, ווי די זון, אַז מען קאָן דאָרטן וויסטע לענדער פאַרוואַנדלען אין אַ מענטשלעכן ישוב. דערצו דאַרף מען נאָר האָבן קאַפּיטאַל, אַרבעט, וויסנשאַפט און דעם גוטן ווילן. קאַפּיטאַל, אַרבעט און וויסנשאַפט קאָנען מיר האָבן נישט ווייניקער איידער אַלע אַנדערע פעלקער. אַ יידישע פאַרוואַלטונג, וואָס וועט איבערנעמען אויף זיך די אויפגאַבע צו קולטיווירן די וויסטע לענדערייען, וועט נישט זיין אין פאַרלעגנהייט, ווו צו נעפינען קאַפּיטאַל, אַרבעט און וויסנשאַפטס-לייט. און קיין שטאַרקערן ווילן דערצו קאָן קיינער נישט האָבן, ווי דאָס יידישע פאָלק. אַנדערע פעלקער וואָלטן אפשר געטריבן געוואָרן אַהינצו נאָר דורך אַן עקאָנאָמישער נויט און אונזער פאָלק דאַרף דורך אַן עקאָנאָמישער נויט און אונזער פאָלק דאַרף דורך אַן אייגן לאַנד באַפרידיקן די אָנגעווייטיקטע באַדערפעניש פון זיין לעבן, די נאַציאָנאַלע נויט. וואָס עס וואָלט זיך עקאָנאָמיש אפשר נישט געלוינט פאַר דעם יחיד, — דעם יידישן אָדער נישט-יידישן, — וועט זיך לוינען און באַצאָלן דעם יידישן פאָלק, ווי אַ כלל.

אויב עס איז איצטער דאָ אויף דער וועלט אַ וועל[illegible]

עס איז פאָלק, וואָס זאָל זיין פאראינטערעסירט און זאָל האָבן די מיטלען צו קולטיווירן די וויסטע לענדערייען פון ארץ ישראל, זענען דאָס נאָר מיר, יידן. און דערפאַר ווענדן מיר זיך מיט דערדאָזיקער פאָדערונג צו די פעלקער, און דערפאַר קאָנען מיר האָפן, אַז זיי וועלן אונזער פאָדערונג אָננעמען.

און ווייל דאָס לאַנד איז וויסט, איז עס נישט באַזעצט. די אַראַבער האָבן לפי ערך אַ קליינעם טייל לענדערייען, וואָס קאָנען באַארבעט ווערן מיט דער הילף פון די פרימיטיווסטע מעטאָדן. מיט דעם אַריינפיר פון אַן אינטענסיווער קולטור אין דעם לאַנד (די אַראַבער אַליין קאָנען דאָס נישט טאָן, מיר דאַרפן דאָס טאָן), וועט אויפגעהויבן ווערן דער ווערט און די פרוכפערקייט פון די אַראַבישע לענדערייען. עס וועט זיי לוינען צו פאַרקויפן אונז מינימום אַ העלפט פון זייער באַזיץ, כדי מיט דעם געלט צו פאַרפירפאַכן די פראָדוקטיוויטעט פון זייער אייגענעם באָדן.

און אויב זיי וועלן נישט וועלן, זאָלן זיי בלייבן ביי זייערס. אַן „עפנטלעך-רעכטלעך געזיכערטע יידישע פאַרוואַלטונג" (זעט, ווי פאָליטיש-פאָרזיכטיק איך הויב מיך שוין אָן אויסצודריקן. איך האָב אייגנטלעך געוואָלט זאָגן: „אַ זעלבשטענדיקע יידישע רעגירונג", אָבער די ווערטער זענען געפערלעך עפנטלעך צו געברויכן), אַן „עפנטלעך-רעכטלעך געזיכערטע יידישע פאַרוואַלטונג" וועט ביי קיינעם גאָרנישט צונעמען מיט געוואַלט: קיינער וועט דאָס נישט דערלאָזן. אָבער זי וועט קאָנען, אַחוץ די וויסטע לענדערייען פאַר אַגראַר-קאָלאָניזאַציע, נאָך אויסנוצן די שטעט פאַר מלאכה און אינדוסטריע, — אַן אונטערנעמונג, וואָס קיין פאַרטיי און קיין פריוואַט-געזעלשאַפט וואָלט אָן איר הילף נישט געקאָנט דורכפירן. און אויף דעם פעלד פון אינדוסטריע האָט דער אַראַבער אודאי קיין רעכט נישט אַריינצורעדן אין אונזערע עסקים.

דער יידישער עמיגראַנט איז אַ פּראָלעטאַריער, וואָס וועט פאָרן אַהין, ווו ער וועט האָבן בעסערע אַרבעטס-באַדינגונגען. גאַנץ זיכער, און דעריבער וועט ער פאָרן קיין ארץ ישראל אַ סך וויליקער איידער קיין אַמעריקע, צ. ב., ווייל, ערשטנס

קאָסט פון אָדעס קיין יפו נישט מער ווי דרייצן רובל און, צווייטנס, וועט ער, ביי די אַרבעטן, וואָס אַן „עפּנטלעך און זאָ ווייטער געזיכערטע" וועט אונטערנעמען און ביי דעם ניוואָ פון אַרבעטס-באַדינגונגען, וועלכע זי וועט באַשאַפן, האָבן לפי ערך אַזעלכע אַרבעטס-באַדינגונגען און אַזעלכע שכירות, פון וועלכע אַ קנעפּל-נייער פון ניו-יאָרק טאָר נאָך דערווייל גאָר נישט חלומען.

איך זעט: די אַלע טענות פון דעם הערן אַ. ליטוואַק זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון דעם אַלטן אַרסענאַל פון די אַלטע אַרגומענטן אַנטקעגן דעם אַלטן ציוניזם, וואָס בויט זיינע האָפענונגען אויף דער לאַנגזאַמער קליין-קאָלאָניזאַציע. זיי פאַרלירן אָבער יעדן זין אין דעם ליכט פון יענער פאָ-דערונג, וועלכע דאָס יידישע פאָלק דאַרף אַרויסשטעלן איצטער.

בלייבן די שטאַאַטן. וואָס זיי דענקען וועגן דעם וועלן מיר זיך דערוויסן, ווען מיר וועלן שיקן אונזערע אָפיציעלע פאַרטרעטער, זיך דורכרעדן מיט זיי. קיין אַנדער וועג דערצו איז נישטאָ.

6-טער סעפּטעמבער, 1915.

# דער אינטערנאַציאָנאַל נאָכן קריג.

פאַר דער יידישער אַרבעטערשאַפט איז אַ דאַנק דעם קריג אויסגעוואַקסן אַ נייַ פראָבלעם: ווענדן זיך צו דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער-וועלט און פאַרלאַנגען פון איר, אַז זי זאָל פאַרטיידיקן די רעכט פון דעם יידישן פאָלק, אומעטום ווו זיי ווערן געטראָטן מיט די פיס. די יידישע פראַגע וועט מוזן אַרויפגעבראַכט ווערן אויף דעם סדר-היום פון יענעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס וועט צונויפגערופן ווערן אויף מאָרגן נאָך דער פאַרענדיקונג פון דעם קריג.

עס איז פאַר אונז ביז דערווײַלע קיין נפקא מינה נישט, אין וואָס פאַר אַ פ אָ ר ם דאָס וועט געשען: אין דער פאָרם פון אַן אייגענער יידישער פאַרטרעטערשאַפט, אָדער אויף אַ וועלכער עס איז אַנדער אָרט. ווי וויכטיק די פראַגע זאָל נישט זיין, לאָזן מיר זי דאָ אָן אַ זייט. עס איז אונז איצטער נאָך וויכטיקער צו געווינען אַ קלאָרן בליק אויף דער באַדייטונג פונם צוקונפטיקן אינטערנאַציאָנאַל און אויף יענער פאָליטישער וואָג, וואָס מוז באַלד נאָכן קריג אויספאַלן אויף זיין גורל.

דער אינעווייניקסטער קאַמף פאַר דער אָדער יענער פאָרם, אין וועלכער דער ווילן פון דעם יידישן פראָלעטאַריאַט זאָל מיטגעטיילט ווערן דעם אינטערנאַציאָנאַל, — אַזאַ קאַמף ווערט געפירט צווישן די פאַרשיידענע יידיש-סאָציאַליסטישע ריכטונגען, — וועט אין זיין האַפטיקייט מוזן אָפּהענגען פון דעם, ווי הויך מיר וועלן אָפּשאַצן יענע באַדייטונג און וואָג, וואָס דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל קאָן האָבן אויף דעם גאַנג פון דער אַלוועלטלעכער פּאָליטיק.

אויב דער אינטערנאַציאָנאַל וועט האָבן נישט מער מאַכט, איידער ער האָט געהאַט פריער, אָדער אויב ער זאָל אַרויס-

מיט נאָך אַ קלענערן פּרעסטיזש און איינפלוס אויף דער פּאָ־ליטישער וועלט, ווי ער האָט געהאַט, איז דעמאָלט לחלוטין נישטאָ זיך וואָס צו היצן אַזוי שטאַרק דווקא איצטער וועגן די פאָרמען פון דער יידישער פאַרטרעטערשאַפט אין אים.

גאַנץ אַנדערש אָבער, ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל וועט זיך צוריקקערן צו זיין אַרבעט נישט נאָר אָפּגעשוואַכט אין זיין פּאָליטישער מאַכט, נאָר אין אַ גרויסער מאָס פאַרשטאַרקט, דעמאָלט קאָן דער ווילן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, אויב ער זאָל געמאַכט ווערן צו דעם ווילן פון דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, דירעקט אַריינגרייפן אין דעם גאַנג פון די פּאַסירונגען און ביז צו אַ געוויסן גראַד שוין איצטער באַשטימען די פאַרבעסערונג פון אונזער לאַגע.

די פראַגע וועגן דער יידישער פאַרטרעטערשאַפט, וועגן דער פּאַסנדיקער פאָרם, ווי אַזוי זי זאָל לאָזן וויסן די נויטן און דעם ווילן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, געווינט אין אַזאַ פאַל אַן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע באַדייטונג און אַ דרינגנ־דיקע. דערצו, ווייל מען וועט דאַרפן שמידן דעם אייזן, כל זמן ער איז הייס, און דורכפירן פאָדערונגען אין לעבן, כל זמן די יסודות פון דעם נייעם פּאָליטישן זיין וועלן נאָך נישט פאַרגליווערט ווערן אין באַשטימטע פאָרמען. דער קאַמף פאַר דער אָדער יענער אַרט יידישער פאַרטרעטונג וועט אין אַזאַ פאַל מוזן געפירט ווערן מיט אַ באַזונדערס שטאַרקן אימפּעט.

בכן: וואָס האָבן מיר צו דענקען וועגן דער פּאָליטישער באַדייטונג און וואָג פון דעם ווידערבאַלעבטן אינטערנאַציאָנאַל?

וועגן דער פראַגע זענען שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ סך מיינונגען, וואָס זענען סותר איינע די אַנדערע. פּעסימיסטן און אָפּטימיסטן גלייכן דאָ אויס די וואָג: דער אינטערנאַציאָ־נאַל איז טויט; דער אינטערנאַציאָנאַל איז אומשטערבלעך. עס וועט געדויערן יאָרן, ביז ער וועט קומען צוריק; ער וועט זיך צונויפקלייבן אויף מאָרגן נאָך דער מלחמה. ער וועט קומען אַ צעשלאָגענער, אַן אָנמעכטיקער; ער וועט קומען מיט אַ באַנייטער גבורה און קראַפט.

מילא וועגן די, וואָס האָבן שוין אָפּגעזאָגט קדיש דרבנן נאָך דעם וועלט-פּאַרלאַמענט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, האָבן מיר דאָ נישט קיין סך וואָס צו רעדן. זיי האָבן זיך מסתמא פאָרגעשטעלט, אז די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פלעגן זיך צונויפפאָרן, כדי צו דערקלערן זיך אין ליבע איינער צו דעם אַנדערן און כדי אויסצוגעפינען מיטלען, ווי אַזוי די פעלקער פון דער וועלט זאָלן זיך אין קאָסמאָפּאָליטישער דביקות צונויפגיסן „לבשר אחד", אין איין גוף און איין נשמה. און היות ווי די פּראָלעטאַריאַטן פון די וויכטיקסטע פעלקער האָבן אַזוי מיאוס צעבלוטיקט איינער דעם אַנדערן אין דעם איצטיקן קריג, וועלן זיי שוין מער גאָרנישט וועלן אָנקוקן איינער דעם אַנדערן.

א קינדישע, נאַרישע פאָרשטעלונג. דער אינטערנאַציאָנאַליזם, — די סאָלידאַרישע אַרויסטרעטונגען און געמיינשאַפטלעכע אַרבעטן פון די פאַרשיידענע פעלקער, — איז צו דעם סוף פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט געוואָרן דער לעבנס-אָטעם פון מענטשלעכן פּראָגרעס. דער קריג האָט נאָך אויף א ווײַלע פאַרכאַפּט דעם אָטעם, און ווי נאָר ער וועט זיך ענדיקן, אַזוי וועלן דיזעלביקע לעבנס-נויטן, וואָס האָבן, איידער דעם קריג, באַשאַפן די אַלע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס נישט נאָר ביי דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר כמעט אויף אַלע פעלדער פון דער מענטשלעכער קולטור, ווידער אָפּפרישן זייער לעבנס-קראַפט און מאַכן העפטיקער שלאָגן זייער פּולס.

נישט צוליב ליבעס-דערקלערונגען פלעגט זיך צונויפפאָרן דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט. ער פלעגט דאָס טאָן, געטריבן פון לעבנס-וויכטיקע נויטן אויף אַלע פעלדער פון זיין עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף, געצוויגן פון יענע פּרינציפּן, וואָס ליגן אין דעם יסוד פון זיין געשיכטלעכער באַוועגונג. נאָך דעם קריג וועלן נויטן זיך לאָזן פילן נאָך שטאַרקער, זיין קאַמף וועט מוזן ווערן אינטענסיווער, און נאָך בולטער וועט מוזן אַרויסטרעטן פאַר אים די געשיכטלעכע ראָלע פון זיין באַוועגונג. ער וועט זיך מ ו ז ן נעמען פאַר זיין אינטערנאַ-

ציאָנאַלער אַרבעט, אַן אָנגעלערנטער, אַ באַרייכערטער מיט ביטערע דערפאַרונגען.

ווער ער קומען אַן אָפּגעשוואַכטער, אָדער אַ פאַרשטאַרקטער?

אויף וויפל מען קאָן איבערהויפּט וואָס עס איז פאָראויס־זען אין אַ פאַרפלאָנטערטן היסטאָרישן פּראָצעס, רעכן איך, אַז מיר האָבן אַ רעכט צו גלויבן, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל וועט זיך אומקערן צו זיין אַרבעט אָפּגעשוואַכט אין איין פּרט, פאַרשטאַרקט אין אַן אַנדערן.

ווי אַ רעוואָלוציאָנערע קראַפט, וואָס דאַרף סאָלידאַריזירן און האַרמאָניזירן דעם אויפשטאַנד פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַנטקעגן אַלע יסודות פון דער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע, ווי אַ בויער פון דעם צוקונפטיקן לעבן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, האָט דער אינטערנאַציאָנאַל שוין פון לאַנג אָן גענומען פאַרלירן זיין שאַרפקייט, אויסגעהאַלטנקייט און זיין אָנגעשטרענגטע ענערגיע. דער פּרינציפּיעלער רעוואָלוציאָנאַריזם פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, ווי פון דער גאַנצער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג אין אייראָפּע, האָט געהאַלטן אין איין פאַלן, און אין דעם פּרט זע איך נישט איין, ווי אַזוי די לאַגע נאָך דעם קריג קאָן דאָ אויפהאַלטן איר ווייטערדיקן וווקס.

אדרבה! דער איצטיקער קריג האָט באַשאַפן אַזאַ לאַגע, פון וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט מוז אַרויסגיין פּאָליטיש געשטאַרקט, מיט אַ סך אַ גרעסערער וואָג אין דעם פּאָליטישן לעבן, איידער ער האָט ווען עס איז פריער געקאָנט האָבן.

— לאָזט מיך גלייך דערקלערן, פאַרוואָס איך רעכן אַזוי.

וואַרפט איר אַ בליק אויף דער פּאָליטישער געשיכטע פון אייראָפּע זינט דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַזוי באַמערקט איר, אַז די פּאָליטישע מאַכט פון אַ וועלכן עס איז געזעלשאַפטלעכן קלאַס איז נישט נאָר אַ פּראָדוקט פון זיין עקאָנאָמישער קראַפט, פון זיין ראָלע אין דעם עקאָ־נאָמישן לעבן פון זיין לאַנד, נאָר אויך אַ פועל־יוצא פון זיין נאַציאָנאַלער ראָלע, פון זיינע פאַרדינסטן אין דער באַפרידיקונג פון די נאַציאָנאַלע נויטן פון זיין פאָלק

און לאַנד, — אַלץ איינס, צי יענע נויטן ווערן פון אים פאַרשטאַנען ריכטיק אָדער פאַלש.

די אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט אין דייטשלאַנד אַזוי גוט ווי אין פראַנקרייך, כמעט גלייך אויסגעשפּילט איר עקאָנאָמישע ראָלע, האָט אָבער אין ביידע לענדער אַ גאַנץ פאַרשיידענע פּאָליטישע באַדייטונג. אין פראַנקרייך, ווו די בורזשואַזיע האָט אָנגענומען אַלע נאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון דער אַריסטאָקראַטיע און איז געוואָרן נאָך מער שאָוויניסטיש, איידער די לעצטע איז געווען, האָט די אַריסטאָקראַטיע כמעט אינגאַנצן פאַרלאָרן איר פּאָליטישע באַדייטונג.

אין דייטשלאַנד אָבער, ווו די בורזשואַזיע האָט אין אָנהויב נאָר מיט גרויס ווידערווילן געשטיצט די נאַציאָנאַלע אויפגאַבן פון דער אַריסטאָקראַטיע, איז די לעצטערע כמעט אומעטום געבליבן די היטערין פון די נאַציאָנאַל-היסטאָרישע טראַדיציעס, די קעמפערין פון דער אימאַפּהענגיקייט פון דעם לאַנד און ממילא אויך דער אויבערהערשנדיקער פאַקטאָר אין דעם פּאָליטישן לעבן. די פּאָליטישע דערפאָלגן פון דער דייטשישער בורזשואַזיע הויבן אָן וואַקסן אין דערזועלביקער מאָס, אין וועלכער זי ווערט אַליין דורך און דורך נאַציאָנאַל.

פאַר דעם, וואָס איז פאַרטרויט מיט די גרונט-קרעפטן, וואָס טרייבן אָן דעם מענטשלעכן פּראָגרעס, זענען אַזעלכע ביישפּילן, וואָס קאָנען פאַרמערט ווערן און אילוסטרירט ווערן מיט הונדערטער איינצלנע פּרטים, גאָר אַ ברעקל נישט קיין חדוש. ער ווייס, אַז נאַציעס זענען אייגנאַרטיקע אָ ר ג אַ נ י ז מ ע ן, וואָס קעמפן פאַר זייער קיום מיט דער אָנשטרענגונג פון אַלע זייערע קרעפטן. אַזאַ אָרגאַניזם קאָן פּאָליטיש זיך לאָזן פירן נאָר פון אַזעלכע עלעמענטן זיינע, אויף וועלכע ער קאָן זיך פאַרלאָזן, אַז זיי וועלן בשום אופן נישט פאַרקויפן די אינטערעסן פון דעם נאַציאָנאַלן קיום און די צייטן פון געפאַר.

דער פּראָלעטאַריאַט האָט ביז אַהער נישט געהערט צו אַזעלכע עלעמענטן פון דעם פאָלקס-אָרגאַניזם. אדרבה, אין זיין יוגנט האָט ער קאָקעטירט מיט זיין גלייכגילטיקייט צו

אַלע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און נישט נאָר מיט זיין גלייכגילטיקייט, נאָר אויך מיט זיין דירעקטער פיינטלעכער שטעלונג צו אַלץ, וואָס האָט געשמעקט מיט נאַציאָנאַליזם. דאָס פאָלק, ווי אַ גאַנצעס, האָט דעריבער נישט געקאָנט האָבן קיין פולן צוטרוי צו אים. עס האָט אים אָפּט געשענקט זיינע שטימען אין די צייטן פון פרידן און געשטיצט אים אין די אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן פון דעם לאַנד.

אָבער עס פלעגט באַלד אַרויסווייזן זיין טיפן מיסטרויען צו אים, ווי נאָר אויף דעם האָריזאָנט פלעגט זיך באַווייזן אַ גרויסע בּרענענדיקע, נאַציאָנאַלע לעבנס-פראַגע.

דער איצטיקער קריג האָט טאָטאַל איבערגעביטן די לאַגע און די שטעלונג פון פאָלק צו דעם פּראָלעטאַריאַט. ווער עס זאָל נישט האָבן אַרויסגערופן דעם קריג, ווי גערעכט אָדער אומגערעכט ער זאָל נישט זיין, דער פראָלעטאַריאַט פון די אייראָפּעאישע קריגס-פירנדיקע לענדער האָט זיך מיט מסירת-נפש אַ וואָרף געטאָן אויפן שלאַכטפעלד, כדי מיט זיין גוט און בלוט צו באַשיצן זיין פאָלק פון אַ נידערלאַגע.

דאָס איז אַרויסגעקומען אינסטינקטיוו, אומערוואַרטעט, להיפּך צו אַלע טעאָריעס און אָפּמאַכונגען, בלינד און כמעט אומבאַוווסט, ווי אַלע גרויסע היסטאָרישע באַוועגונגען, ווען די מאַסן טרייסלען אַראָפּ פון זיך דאָס אויסגעלערנטע, אויסגע-מוחטעטע און אַנטפּלעקן פאַר אונז זייער אינעווייניקסטן תּוך.

דער פּראָלעטאַריאַט איז אומעטום געוואָרן נישט נאָר נאַ-ציאָנאַל: דאָס איז ער געוואָרן שוין פון לאַנג אָן, נאָר אויך דער היטער און קעמפער פאַר דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. ער איז דער גרעסטער און וויכטיקסטער טייל פון יענער קראַפט, אין וועלכן דער פאָלקס-אָרגאַניזם נויטיקט זיך אין אויף וועלכער ער קאָן זיך פאַרלאָזן.

זיין פּאָליטישע וואָג אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן וועט דעריבער מוזן אויסוואַקסן אין דערזעלביקער מאָס, אין וועלכער עס האָט געמוזט אויסוואַקסן דער אינסטינקטיווער צו-

דר. ח. זשיטלאָווסקי

פרוי פון דעם פאָלקס-אָרגאַניזם צו זיין ראָלע אין דעם נאַ-ציאָנאַלן לעבן.

און אָט מיט דער אָנגעוואַקסענער פּאָליטישער וואָג וועלן די פּראָלעטאַריאַטן פון די קריגפירנדיקע מערב-אייראָפּעאישע לענדער קומען צו זייער אינטערנאַציאָנאַלן פּאַרלאַמענט און וועלן באַשאַפן פון אים אַ נייעם מעכטיקן פאַקטאָר אין דעם פּאָליטישן לעבן פון אייראָפּע.

30-טער אפריל, 1915.

# אונזער ווענדונג צו דעם אינטערנאציאנאל.

אין דער רעזאָלוציע, וועלכע די אַרבעטער-קאָנווענשאָן האָט אָנגענומען, זענען אויסגערעכנט יענע שריט, וועלכע די אַלגעמיינע אַרויסטרעטונג פון דעם יידישן כאָ ק דאַרף איצטער אָננעמען אין דעם קאַמף פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, און צו דער צאָל פון יענע שריט געהער אויך די ווענדונג צו דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

עס איז אין דער רעזאָלוציע נישט אויסדריקלעך געזאָגט געוואָרן, אַז אויך דער שריט דאַרף געמאַכט ווערן פון דעם אַלגעמיין-יידישן קאָנגרעס. אָבער דער איינדרוק, וועלכן די רעזאָלוציע לאָזט איבער, איז גאַנץ באַשטימט אַזאַ, אַז דער פונקט ווערט אויך אַריינגערעכנט אין דער צאָל פון יענע מיטלען, וואָס די פאַראייניקטע כוחות פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק אין אַמעריקע דאַרפן אָנווענדן, כדי צו דערגרייכן דעם בשותפותדיקן ציל.

איך ווייס לחלוטין נישט, וואָס מען וואָלט געקאָנט איינווענדן אַנטקעגן אַזאַ שריט.

עס מעג דעם גאַנצן יידישן פאָלק אָנשטיין פאָרצולייגן זיינע קריוודעס אויך פאַר דעם טריבונאַל פון דעם אַלוועלטלעכן פראָלעטאַריאַט.

דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל וועט נאָך דער מלחמה גאַנץ זיכער שפּילן די ראָלע פון אַ וויכטיקן מאַכטפאַקטאָר אין דער וועלט-פּאָליטיק. זיין באַדייטונג וועט בלי ספק זיין אַ גאַנץ אַנדערע, איידער די, וועלכע ער האָט געהאַט ביז פאַרן קריג. פריער איז ער אין אַלע פרטים געשטאַנען, אַזוי צו זאָגן, „מחוץ למחנה”. די גאַנצע נישט סאָציאַליסטישע, באַלעבאַטישע וועלט האָט ער באַטראַכט, ווי אַ פיינטלעכע פעסטונג, וועלכע ער באַלאַגערט און וועלכע ער וויל אַראָפּ-

שלעפּן פון דער ערד: און נאָך מער האָט די באָלעבאַטישע וועלט געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ פיינטלעכער אַרמיי, וואָס האָט אויפגעהויבּן איר „פאַרברעכערישע" האַנט אויף אַלע היי־ליקע יסודות פון דער איצטיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג און אויף אַלע „הייליקסטע גיטער" פון די נאַציעס. די באַ־לעבאַטישע וועלט האָט נישט איינמאָל פאַרגעוואָרפן דער סאָ־ציאַליסטישער, אַז זי באַשטייט פון „פאַטערלאַנדסלאָזע געזעלן", וואָס ווילן אונטערגראָבּן די עקזיסטענץ גופא פון די איינצלנע פעלקער.

אין דערדאָזיקער באַשולדיקונג איז, לאָמיר זאָגן, נישט אַלץ געווען ריכטיק. אפילו אין דעם פרט פון דעם סאָציאַלן קאַמף האָט מען שוין לאַנג פאַרלאָרן דאָס רעכט צו פאַרגלייכן די סאָציאַליסטישע פאַרטייען מיט אַן אַרמיי, וואָס שטייט דרויסן פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט און באַלאַגערט זי, ווי אַ פיינטלעכע פעסטונג. דער פאַרגלייך קאָן נאָך אפשר האָבּן אַ זין, ווען מען רעדט וועגן דער טעאָרעטישער וועלט־אָנשויאונג פון דעם סאָציאַליזם און די יסודות פון זיין ריין־פרינציפּיעלער פּראָפּאַגאַנדע. אין דער פּראַקטישער אַרבעט, אין דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט, האָט ער זיך שוין לאַנג אַריינגעריסן אין יענער פעסטונג, איז שוין לאַנג געוואָרן אַ גלייכבאַרעכטיקטער תּושב אירער מיט אַלע אַנדערע פאַרטייען, וואָס קעמפן דעם אינעווייניקסטן קאַמף פאַר „דעם וואָהל און בעסטען" פון אַלע איינוווינער. אין דעם פּראָג־ראַם־מינימום פון יענע סאָציאַלע און פּאָליטישע רעפאָרמען וועלכע די אַרבעטערשאַפט פאָדערט פון דער איצטיקער גע־זעלשאַפט, גייט זי זיך כמעט אין אַ האָר נישט פאַנאַנדער מיט דעם פּראָגראַם־מאַקסימום פון יענע ראַדיקאַלע פאַרטייען, וואָס זענען קיינמאָל „מחוץ למחנה" נישט געשטאַנען.

אָבער — ווי די מעשה זאָל נישט זיין אין דעם ענין פאַר סאָציאַלע און פּאָליטישע רעפאָרמען, — בנוגע צו די נאַ־ציאָנאַלע פּראָבּלעמען האָט די אַלטע וועלט אודאי קיין רעכט נישט געהאַט חושד צו זיין דעם אינטערנאַציאָנאַל, אַז ער

באַשטייט פון „פּאַטערלאַנדסלאָזע געזעלען". פון מענטשן, וואָס ווילן אונטערגראָבן די עקזיסטענץ פון נאַציעס.

רעכנט מען אַראָפּ פון חשבון אייניקע קאָסמאָפּאָליטישע פּאַראַטיקער, וואָס האָבן זיך שוין איצטער, אגב, אַלע אָפּגעזאָגט פון דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, און באַטראַכט מען די פּאַרטייען, וואָס גייען אַריין אין דעם אינטערנאַציאָנאַל, און אַלע זייַנע אָפיציעלע אַרויסטרעטונגען, מוז מען קומען צו דעם שלוס, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל פלעגט ביי יעדער געלעגנהייט ווידער אַמאָל און אָבער אַמאָל דערקלערן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז די עקזיסטענץ פון די פעלקער מיט זייערע פאַרשיידענע קולטורן איז אים טייער און אַז עס איז ז יי ן עיקר, איינע פון זיינע וויכטיקסטע אויפגאַבן, צו זען, אַז זיי זאָלן אַלע זיין גלייך, אַלע זיין פריי, אַלע זיין זעלבשטענדיק.

די אייניציקע אויסנאַם פון דעם כּלל האָבן אפשר פאַרגעשטעלט מיט זיך די יידישע אַרבעטער, ביי וועלכע די אידעאַלן פון דעם אַלטן, בורזשואַזן וועלט-בירגערטום, האָבן זיך געהאַלטן לפי ערך לענגער איידער אומעטום, אָבער אויך דאָ קאָנען מיר באַמערקן דעם כאַראַקטעריסטישן פאַקט, אַז אויף וויפל די יידישע אַרבעטערשאַפט איז פאַרטראָטן אין דעם אינטערנאַציאָנאַל, איז זי בשום אופן נישט געווען קאָסמאָפּאָליטיש און אפילו נישט „פּאַטערלאַנדסלאָז".

די יידישע פאַרטרעטונג אין דעם אינטערנאַציאָנאַל איז ביז אַהער באַשטאַנען פון דעם „בונד" און דעם „סערפּ".

דער „בונד" איז דורך און דורך י י ד י ש און אין דערזעלבער צייט דורך און דורך „פּאַטערלענדיש" („רוסלענדיש"), אויף אַזוי פיל „רוסלענדיש", אַז ער האָט געקעמפט אַנטקעגן דעם, מען זאָל צולאָזן צו דעם אינטערנאַציאָנאַל (צו דער רוסישער סעקציע) די סאָציאַליסטן-טעריטאָריאַליסטן און דעם „סערפּ", מחמת זיי ביידע זענען נישט גענוג „רוסלענדיש", „שטייען נאָר מיט איין פוס אין רוסלאַנד".

נאָר אויב וועגן דעם כאַראַקטער פון דעם „בונד" קאָנען נאָך זיין ספקות און זיין „רוסלענדישקייט" קאָן אויסגעטייטשט ווערן אין אַ וויניקער „פּאַטערלענדישן" זין, איז וועגן דעם

נאַציאָנאַל-יידישן און „פּאַטערלענדיסטישן“ כאַראַקטער פון דעם „סערפ“ דאָך אודאי נישטאָ וואָס צו רעדן: ער וויל, אַז אַ טייל יידן, אויב דאָס איז אוממעגלעך פאַר דעם גאַנצן פאָלק, זאָל האָבן אַן אייגן פאַטערלאַנד.

דער אינטערנאַציאָנאַל האָט קיינמאָל נישט געקעמפט אַנטקעגן דעם נאַציאָנאַליזם בכלל, ד. ה., אַנטקעגן דעם באַשטרעבן פון יעדן פאָלק צו זיין פריי און זעלבשטענדיק און פירן אַן אייגן נאַציאָנאַל לעבן. אין דעם פּרט איז ער, אדרבא, אַלע מאָל געשטאַנען אויף דעם פעסטן באָדן פון נאַציאָנאַליזם.

געקעמפט האָט ער נאָר אַנטקעגן דעם רעאַקציאָנערן, דעם שאָוויניסטישן נאַציאָנאַליזם, וואָס וויל נישט וויסן פון אַ פעלקער-בונד, פון פעלקער-ברודערשאַפט און פעלקער-גלייכהייט און וואָס מיינט, אַז איין פאָלק האָט אַ רעכט צו געוועלטיקן איבער אַן אַנדער פאָלק.

אָט דעם קאַמף זיינעם אַנטקעגן שאָוויניזם און רעאַקציאָנערן נאַציאָנאַליזם, — אַ קאַמף, וועלכן דער אינטערנאַציאָנאַל וועט, לויט זיין אינעווייניקסטער טבע, אייביק מוזן פירן, — האָט די אַלטע וועלט געזוכט אויסצוטייטשן, ווי אַ קאַמף אַנטקעגן דעם נאַציאָנאַליזם בכלל. דאָס איז געווען אַן אַבסאָלוטער ממזר-בלבול, און דער איצטיקער וועלט-קריג האָט געמאַכט פון אים אַ תל. די גאַנצע וועלט זעט איצטער איין, אַז דער קאָסמאָפּאָליטיזם איז ביי דעם אינטערנאַציאָנאַל נישט מער, ווי אַן אונטערגעוואָרפענער ממזר, צו וועלכן ער האָט קיין ברעקל מגע ומשא נישט.

און ווייל דאָס איז אַזוי, האָט איצטער קיין פּאַרטיי קיין רעכט נישט צו זאָגן, אַז די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון איר פאָלק זענען איר טייערער, איידער דער אַרבעטערשאַפט. דאָס פאַרשטאַרקט אומגעהייער די באַדייטונג פון דער אַרבעטער-פּאַרטיי אין דעם אינעווייניקסטן לעבן פון אַ פאָלק און ממילא מאַכט דאָס אויך שווערער די פּאָליטישע וואָג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס דאַרף האַרמאָניזירן און קאָנטראָלירן די אינעווייניקסטע פּאָליטיק פון אַלע אַרבעטער-פּאַרטייען. צו זיין

שטים װעלן די מאַכט-האָבער זיך איצטער מוזן צוהערן גאָר מיט אַן אַנדער אויפמערקזאַמקייט.

פון דעם געזאָגטן איז קלאָר, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל איז גראָד יענע אינסטאַנץ, צו װעלכער דאָס יידישע פאָלק מעג זיך װענדן אין זיין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט, װייל עס ליגט אין די אויפגאַבן פון דעם אינטערנאַציאָנאַל צו באַשיצן די נאַציאָנאַלע רעכט פון אַלע פעלקער.

און עס װערט אויך קלאָר, אַז עס לוינט זיך דעם יידישן פאָלק פאָרצובריינגען זיין ענין אויך פאַר דעם אַלװעלטלעכן פראָלעטאַריאַט, װייל דאָס איז אַ מאַכט, מיט װעלכער אַלע אַנדערע פאַקטאָרן װעלן זיך מוזן רעכענען.

עס פאַרשטייט זיך, אַז צווינגען אונזערע באַלעבאַטישע פאַרטייען, זיי זאָלן אויפנעמען די װענדונג צו דעם אינטערנאַציאָנאַל, װי איינעם פון יענע שריט, װעלכע אויך זיי דאַרפן מאַכן אינאיינעם מיט דער יידישער אַרבעטער-פּאַרטיי, קאָן מען נישט. אָבער עס איז אונזער חוב צו פּראָפּאַגאַנדירן פאַר זיי דעם דאָזיקן שריט און צו באַװייזן, װי נויטיק ער איז אין די אינטערעסן פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

און אויך דאָס דאַרף מען נישט דערקלערן באַזונדערס, אַז די װענדונג צו דעם אינטערנאַציאָנאַל אין דעם נאָמען פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק באַפרייט נישט די יידישע אַרבעטער-שאַפט פון איר חוב, זי זאָל זיך אַליין און אומאָפּהענגיק פון אַלעמען זיך װענדן צו אים, װי אַ טייל פון דעם אַלװעלטלעכן פּראָלעטאַריאַט.

14-טן סעפּטעמבער, 1915.

# אַ יידישע סעקציע אינם אינטערנאַציאָנאַל

אין דעם פאַריקן אַרטיקל („אונזער ווענדונג צו דעם אינטערנאַציאָנאַל") האָב איך געפּרוּווט באַווייזן, אַז עס וואָלט זיך דעם יידישן פאָלק געלוינט, זיך צו ווענדן, ווי אַ פאָלק, צו דעם אַלוועלטלעכן אַרבעטער־קאָנגרעס, דעם „אינטערנאַציאָנאַל", כּדי צו דערמאָנען אים אָן זיין חוב, וואָס ער איז שולדיק דעם יידישן פאָלק.

אויב אונזער יידישער קאָנגרעס אין אַמעריקע וועט פּרינציפּיעל גוט הייסן אַזאַ שריט, איז דעמאָלט נישטאָ וואָס צו מפלפל זיין זיך וועגן די פאָרמען, אין וועלכע די שריט זאָל געמאַכט ווערן. דאָס קאָן געשען אָדער אין דער פאָרם פון אַ מעמאָראַנדום, וועלכן דער קאָנגרעס זאָל צושטעלן דעם אינטערנאַציאָנאַל, אָדער אויך אין דער פאָרם פון אַ קאָמיטעט, עקסטראַ געשיקט צו אים, וואָס זאָל זיך מינדלעך ווענדן צו דעם פּלענום און אונטערשטיצן די טעזן פון דער צוגעשטעלטער שריפט. אָפּגעזאָגט זיינס, וועט דער קאָמיטעט פאַרלאָזן דעם זאַל און איבערלאָזן דעם גורל פון זיין אָנגעלעגנהייט אין די הענט פון דעם אינטערנאַציאָנאַל.

מיר האָבן שוין אָבער אויך באַמערקט, אַז דאָס קאָן נישט באַפרייען די יידישע אַרבעטערשאַפט פון דעם חוב, וואָס עס ליגט אויף איר אַליין אַרויסצוטרעטן פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל נישט נאָר ווי אַ טייל פון דעם יידישן פאָלק, נאָר ווי אַ טייל פון דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַ מעמאָראַנדום און מיט אַ קאָמיטעט, וואָס דרשנט אָפּ זיין דרשה און גייט אַראָפּ פון בימה, קאָן זיך די יידישע אַרבעטערשאַפט דערביי נישט באַנוגענען. זי האָט אַ רעכט, ווי אַ טייל פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, זיך אַריינצומישן אין די דעבאַטן וועגן דער „יידישער

פראגע און נעמען אן אנטייל אין דער אפשטימונג, ד. ה., צו זיין פארטראטן אין דעם אינטערנאציאנאל צוגלייך מיט אלע אנדערע פעלקער, וואס דארפן ארויסטראגן זייער גזר-דין וועגן אונזער קאמף פאר גלייכע רעכט.

אויב ווען עס איז פאר דער יידישער ארבעטערשאפט געווען א בלוטיקע נויט, צו האבן אן אייגענע פארטרעטערשאפט אין אן אלוועלטלעכן ארבעטער-קאנגרעס איז דאס גראד איצטער, גראד ביי דער ערשטער זיצונג פון דעם באנייטן אינטערנאציאנאל. די יידישע ארבעטערשאפט וועט דארטן מוזן פירן א ה א ר ט ן ק א מ ף אנטקעגן יענע לענדער און פעלקער, וואס זענען פאר יידישער בירגערלעכער גלייכבארעכטיקונג, אבער קאנען נאך עד-היום בשום אופן נישט מסכים זיין אויף יידישע נאציאנאלע אינסטיטוציעס, וואס זאלן אויך דעם יידישן פאלק גאראנטירן די מעגלעכקייט פון אן אומגעשטערטער, נאציאנאלער אנטוויקלונג.

אין ערשטער ליניע וועט מען דא באגעגענען דעם העפטיקן ווידערשטאנד פון פוילן און רומעניע, אבער אויך מיט דער דייטש-עסטרייכישער סעקציע איז מען נישט זיכער, און — ווייסט איר? אפילו מיט רוסלאנד שטייט דאס נאך אויך נישט אזוי גלאט. אמת, די סאציאל-רעוואלוציאנערע סעקציע וועט גאנץ באשטימט וואטירן פ א ר יידישער נאציאנאלער גלייכבארעכטיקונג, די צרה איז אבער מיט דער סאציאל-דעמאקראטישער סעקציע, וואס האט געקעמפט אנטקעגן דעם „בונד" גראד דערפאר, וואס ער, דער „בונד", האט געהאט די העזה צו פאדערן נישט נאר בירגערלעכע, נאך אויך נאציאנאלע רעכט פאר דאס יידישע פאלק.

די יידישע פארטרעטערשאפט וועט דארפן אויסשטיין א שווערע באטאליע, איידער זי וועט אריבערציען אויף איר זייט די מאיאריטעט פון די שטימען. אבער אין דער פארם, אין וועלכער זי געפינט זיך איצטער, קאן זי ווערן באראויבט אפילו פון דער מעגלעכקייט ארויסצוטרעטן פאר דעם פלענום אין איר אייגענער אנגעלעגנהייט.

די יידישע ארבעטער זענען דערווייל אפיציעל פארטראטן

נאָר אין דער רוסישער סעקציע: דער „בונד״ אין דער סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטיע און דער „סערפ״ ביי די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. מען מעג אַפשר אָננעמען, אַז ביידע סעקציעס וועלן זיין אַזוי איידל און וועלן באַשליסן, אַז אין דער קאָמיסיע וועגן דער יידישער פראַגע (אויב אַזאַ קאָמיסיע וועט באַשטעלט ווערן) זאָלן דעלעגירט ווערן אויך פון די חברים פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס. אַ רעכט אָבער צו פאָדערן דאָס פון זיי האָבן מיר נישט און אויב עס וועט זיי ביידן, אָדער איינער פון זיי לוינען, אַז די יידישע שטים זאָל נישט געהערט ווערן, וועלן זיי ביידע אָדער איינע פון זיי שוין נישט קוקן אויף איידלקייט. אַזוי איז ליידער דער מנהג אין פּאָליטיק און אפילו סאָציאַליסטן זענען אין דעם ענין נישט קיין גרע-סערע צדיקים, איידער די טריפהנע בורזשואַזע וועלט.

אַ חוץ דעם איז דאָ דער קאַמף פון גלייכבאַרעכטיקונג נישט נאָר אַן אינעווייניקסטע רוסלענדישע אָנגעלעגנהייט, און עס איז קיין יושר נישט, אַז די אינטערעסן פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק, וואָס דאַרפן אויסגעקעמפט ווערן פון דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס, זאָלן איבערגעענטפערט ווערן אין די הענט נאָר פון צוויי רוסיש-יידישע פּאַרטייען, וואָס האָבן געהאַט דעם מזל אריינצוכאַפּן זיך אין דעם אינטערנאַציאָנאַל, ווייל זיי האָבן געהאַט „אַ יד״ ביי זייערע פריצים.

אין דער פאַרטיידיקונג פון די יידישע רעכט וועלן די יידישע אַרבעטער פון אַלע לענדער און אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דאַרפן אַרויסטרעטן, ווי אַ געאייניקטע מאַכט, און דאָס איז מעגלעך נאָר דעמאָלט, ווען די דעלעגאַטן פון אַלע יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס וועלן לכתחילה בילדן אַן אייגענע יידישע סעקציע.

וועט דער אינטערנאַציאָנאַל אַזאַ סעקציע צולאָזן?

גאָר קיין ספק נישט, אַז יאָ. און דאָס איז נישט נאָר מחמת איצטער איז פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון אונזער פאָלק און זיין רעכט אויף אַ פּאַרטרעטערשאַפט, ווי אַלע אַנדערע פעלקער. אויף וויפל איך בין פערזענלעך באַקאַנט מיט די פירנדיקע פּאַקטאָרן אין

דעם אינטערנאַציאָנאַל, קאָן איך פאַרזיכערן. אז דאָס יידישע פאָלק וואָלט שוין לאנג געהאט אן אייגענע סעקציע אין אים, אויב דער „בונד" וואָלט נישט געארבעט אנטקעגן. און אין דערין ליגט איצטער די גאנצע שוועריקייט פון דעם ענין, ווייל עס איז מיטאמאָל געוואָרן א פרינציפּ-פראגע פאר דעם „בונד", נישט צו דערלאָזן צו א יידישער סעקציע.

איך וועל נאָך רעדן וועגן דעם. דערווייל לאָזט מיר אייך מיטטיילן דעם פאקט, אז אין דעם יאָר 1904 (אויף דעם אמסטערדאמער קאָנגרעס) האָט געהאלטן זייער נאָנט צו דער גרינדונג פון אן אייגענער יידישער סעקציע: דער „בונד" האָט נאָר געדארפט אויסשטרעקן די האנט נאָך איר.

די לאגע איז אָבער דעמאָלט געווען אזא, אז דעם „בונד" האָט זיך דוקא פאַרוואָלט פירן קאָנטרעס מיט דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן און זען אוועקרויבן ביי איר יענעם פּלאַץ אין דעם אינטערנאַציאָנאַל-ביוראָ, וואָס האָט על פּי שכל און על פּי יושר געדארפט געהערן צו איר. איך וועל ווען עס איז אן אנדערש מאָל דערציילן באריכות די אינטע-רעסאנטע געשיכטע פון יענעם קאמף, וועלכן דער יידישער „בונד" האָט געהאלטן פאר זיין חוב צו פירן אנטקעגן דער רוסישער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּארטיי און דעמאָלט וועט זיך בעסער פּאסן איבערצוגעבן די פּרטים פון דעם עפּיזאָד, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דעם אמסטערדאמער קאָנגרעס, און וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אזא קלעגלעכן און נארישן פיאסקאָ פאר דעם „בונד".

דאָ וויל איך נאָר דערציילן, אז איך האָב מיך דעמאָלט געווענדעט צו די פּארטרעטער פון דעם „בונד" מיט דעם פּאָר-שלאג, זיי זאָלן פאַרלאנגען אן אייגענע יידישע סעקציע, און האָב אויפגעוויזן אויף די זייער גינסטיקע שאנסן, וואָס זענען גראָד דעמאָלט געווען אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן ביוראָ פאר אזא שריט. און איך מוז קאָנסטאטירן, אז מיין פּאָרשלאג איז אויפגענומען געוואָרן נישט חלילה, ווי א שרעקלעכע אפּיקורסות, נאָר אדרבה, ווי זייער און זייער א וווילע זאך, וועגן וועלכער מען דארף זיך נאָר מיישב זיין.

ליידער האָט זיך דער ישוב הדעת געענדיקט מיט דעם, וואָס דער „בונד" האָט זיך אָפּגעזאָגט. פאַרוואָס? „לאָזן פריער די אַרמעניער באַקומען אַ סעקציע", האָבן מיר זיינע פאַרטרע־טער געזאָגט, „און דערנאָך וועלן מיר אַרויס מיט אונזער פאָדערונג".

די אַרמעניער האָבן שוין לאַנג באַקומען אַן אייגענע סעקציע. נאָר דער „בונד" האָט נאָך אַלץ געזוימט אַרויסצו־שטעלן דיזעלבע פאָדערונג. און נישט נאָר האָט ער זיך נישט געאיילט אַרויסצופירן די „נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג פון דעם יידישן פאָלק" אינם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר ער איז פלוצ־לונג געוואָרן אַ העפטיקער קעגנער פון אַזאַ נאַציאָנאַלער אויסגלייכונג.

וואָס מיט אים איז פלוצלונג אַזוינס געשען, וועט אפשר דער קינפטיקער היסטאָריקער קאָנען דערציילן אין אַלע פּרטים. דער פאַקט איז אָבער, אַז זינט ביי דעם יידישן פאָלק האָבן זיך באַוויזן די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע ריכטונגען און פאַר־טייען, — די פועלי-ציון, די ס. ס. און די „סיימאָוויצעס" („דער סערפּ"), און זינט דער „בונד" האָט אויפגעהערט צו זיין „דער בן-יחיד אויף דער יידישער גאַס", האָט ער תיכף געמאַכט די אַנטדעקונג, אַז אַן אייגענע יידישע סעקציע אינם אינטערנאַציאָנאַל גייט להיפּך צו זיינע פּרינציפּן.

און אויך דאָ נישט לאַנג אין אַמעריקע, אויף דער ערשטער באַראַטונג פון די סאָציאַליסטישע כלל-טוערס, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון הער קאַפּלאַנסקי — פון איר, אגב, שטאַמט דאָס דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער-קאָמיטעט, — האָבן די פאַרטרעטער פון דער יידי־שער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע דערקלערט, אַז אויף אַן אייגענער יידישער סעקציע אינם אינטערנאַציאָנאַל קאָנען זיי בשום אופן נישט איינגיין. דאָס גייט להיפּך צו זייערע פּאַרטיי־פּרינציפּן.

מילא, איר קאָנט געוויס קיינעם נישט צווינגען, ער זאָל ווערן אומטריי צו זיינע פּרינציפּן, אָבער אין דער איצטיקער צייט האָט די אַרבעטערשאַפט אַ רעכט צו פאַרלאַנגען פון יעדער

פּאַרטיי, אַז זי זאָל עפנטלעך געבן צו פאַרשטיין דעם טעם פון אירע פּרינציפּיעלע באַשלוסן.

אַ יידישע סעקציע איז, דוכט זיך, אַזוי נויטווענדיק פאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דעם קאַמף פאַר זיינע נאַציאָ-נאַלע אינטערעסן, אַז דער „בונד" און די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט זיין גייסט, האָבן געדאַרפט זיין די ערשטע צו פאָדערן זי און דורכצופירן זי אין לעבן. לסוף זענען זיי גאָר קעגן דעם. פאַרוואָס?

באַגרינדן זיי דאָס מיט די אינטערעסן פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט? אָדער מיט וועלכע עס איז טעאָריע וועגן דעם מהות פונם סאָציאַליזם? אָדער מיט אַ וועלכער עס איז אויסרעכענונג וועגן דעם גאַנג פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג?

די אַלע טעמים דאַרפן אויפגעקלערט ווערן, כּדי די אַרבעטערשאַפט זאָל קאָנען אָפּשאַצן זייער ווערט און זען, אויף וויפל זי איז באמת מחויב זיך צו רעכענען מיט זיי.

16-טער סעפּטעמבער, 1915.

# מײַנע „אויסגעמישטע פּראָגראַמען".

„דר. זשיטלאָווסקי האָט שטענדיק געהאַט אַ שוואַכקײט צו פאַראײניקונגס-פּראָגראַמען. די כּונה זײַנע איז דערבײַ שטענדיק געװען זײער אַ גוטע: צו װאָס זאָלן זיך ײדן קריגן? — די מיטלען זײַנע זענען אָבער נישט געװען אַזעלכע גוטע. אָנשטאָט צו פאַראײניקן די געזעלשאַפטלעכע פּאַרטײען אין לעבן, פלעגט ער זײ פאַראײניקן בלויז בײַ זיך אין קאָפּ; אָנשטאָט צו פאַראײניקן זײ אַרום פּראַקטישע טאַטן, פלעגט ער שאַפן אויסגעמישטע פּראָגראַמען".

מיט דער כאַראַקטעריסטיק פון מײַן געזעלשאַפטלעכער טעטיקײט הויבט ער, הער מ. כּץ, אָן זײַן פּאָלעמיק אַנטקעגן מײַן אַרטיקל „ציוניזם און ארץ ישראל".

די פראַגע װעגן דעם גרונט-שטריך פון מײַן פּאָליטישער אַרבעט איז פאַר מיר זײער אַן אינטערעסאַנטע בכלל און טאָפּלט אינטערעסאַנט גראָד אין דער איצטיקער צײַט.

איך מוז מיך פרעגן: „איז דאָס אמת, אַז איך זוך אַלעמאָל צו פאַראײניקן זאַכן, װאָס זענען לחלוטין פײַנטלעך אײנע צו די אַנדערע? און אויב אָט דער פעלער („די שװאַכ-קײט") שטעקט מיר אין די גלידער, איז אפשר טאַקע גלײַכער, איך זאָל זײַן מער אָפּגעהיט אין דעם פּרט און צוהערן זיך צו די מײנונגען פון שאַרפערע דענקער, אײדער איך, װען זײ לאָזן אַרויס זײער גזר-דין װעגן אַ װעלכן עס איז ענין און פסקנען אָפּ, אַז „ד אָ ס, ברודערל, קאָן נישט פאַראײניקט װערן".

און איך לאָז פאַרבײַציִען אין מײַן זכּרון מײַן עפנטלעכע טעטיקײט און פּרוװ אויסגעפינען, אויף װיפל שטאַרק איז אין מיר יענע „שװאַכקײט", װעגן װעלכער עס רעדט הער מ. כּץ, און װאָס זענען די רעזולטאַטן, צו װעלכע זי האָט געפירט.

און איך געפֿין, אַז ס'איז אמת. אַזאַ „שיואַכקײט צו פּאַראײניקונגס-פּראָגראַמען" איז אין מיר דאָ. די װיכטיקסטע עטאַפּן אין מײן געזעלשאַפֿטלעכער און פּאָליטישער טעטיקײט זענען פֿאַרבונדן מיט אַזעלכע פֿאַראײניקונגס-באַשטרעבונגען. דאָס ערשטע פֿאַראײניקונגס-פּראָגראַם, װאָס ליגט אויף טעאָרע-טישן געװיסן, איז די צונויפֿשמעלצונג פֿון אַזעלכע צװײ „פֿײנטלעכע" באַגריפֿן, װי „סאָציאַליזם" און „נאַציאָנאַליזם". „דער, װאָס איז אַ סאָציאַליסט, קאָן נישט ז'ין קײן נאַציאָנאַ-ליסט און דער, װאָס איז אַ נאַציאָנאַליסט, קאָן נישט זײן קײן סאָציאַליסט". אַזוי האָט געגלױבט כמעט די גאַנצע װעלט אין יענער צײט, װען איך בין, נאָך אַ גאַנץ יונגער מאַן, אַרױס אויף דעם פֿעלד פֿון עפֿנטלעכער פּאָליטישער אַרבעט.

איך האָב מיך דעמאָלט געפֿרעגט: איז דאָס אמת, װאָס די װעלט זאָגט? מוז איך אויסקלײבן נאָר אײנס פֿון די בײדע: אָ ד ע ר סאָציאַליסט, אָ ד ע ר נאַציאָנאַליסט? װי איז, אַז איך פֿ י ל, אַז איך בין בײדע זאַכן מיטאַמאָל? מיט װאָס פֿאַר אַ רעכט װיל די װעלט פֿאַנאַנדערדרײסן מײן האַרץ אויף צװײען?

און איך האָב גענומען אַ ביסל קריטישער צוקוקן זיך צו דעם, אין װאָס די װעלט גלױבט, און בין געקומען צו דעם רעזולטאַט, אַז די װעלט גײט אויף אַ טאָטאַל פֿאַלשן װעג. זי שמעלצט צונויף זאַכן, װאָס האָבן לחלוטין אײנע מיט דער אַנדערער נישט װאָס צו טאָן, און גראָבט אויס תּהומען צװישן זאַכן, װאָס קאָנען אײנער אָן דער אַנדערער נישט עקזיסטירן.

„מען דאַרף איבערמאַכן די װעלט", האָב איך מיר גע-זאָגט, „לכל הפּחות, די געדאַנקען פֿון דער װעלט. מען דאַרף פֿאַנאַנדערדרײסן דאָס, װאָס איז מיט אומרעכט צונויפֿגעבונדן, און צונויפֿבינדן דאָס, װאָס איז מיט אומרעכט פֿאַנאַנדערגעריסן געװאָרן".

און אַזוי איז באַשאַפֿן געװאָרן מײן ערשטעס „אויסגע-מישט פּראָגראַם": דער סאָציאַליסטישער נאַציאָנאַליזם.

אָבער שוין אין יענעם פּעריאָד פֿון מײן טעטיקײט האָט זיך אַרױסגעװיזן נאָך אַן אַנדער „שװאַכקײט" מײנע: פֿאַנאַ-

דערצווריסן צוויפגעוואַקסענע זאַכן. מיין „סינטעז" פון סאָציאַ-ליזם און נאַציאָנאַליזם איז געווען פאַרבונדן מיט דעם פּאַנאַנ-דעררייסן פון יענער אידעען-פאַרבינדונג, וואָס האָט אין אַ משך פון דורות צוזויפגעשמאָלצן אינאיינעם די באַגריפן: „יידישע נאַציע" און „יידישע רעליגיע".

אויב הער מ. כץ איז, לאָז זיין אַ ביסל, באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דעם יידישן סאָציאַליזם, מיט דער גייסטי-קער אַטמאָספערע, אין וועלכער דער נייער סינטעז האָט גע-דאַרפט קעמפן, מיט זי מאָטיוון, וואָס האָבן אים אַרויסגערופן אין לעבן, וועט ער אפשר פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ געוואַלטיק-רעוואָלוציאָנערע נייעס יענץ „אויסגעמישט פּראָגראַם" איז געווען, בפרט ווען מען דערמאָנט זיך, אַז די פּאָרלויפער פון יענעם סינטעז, — משה העס און די טעאָרעטיקער פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, — האָבן נישט געקאָנט זיין באַקאַנט יענעם סאָציאַליסטישן דור אין רוסלאַנד, צו וועלכן איך האָב געהערט.

אמת, אַז איך האָב דעמאָלט נישט פאַראייניקט די גע-זעלשאַפטלעכע פּאַרטייען אין לעבן, — די דעמאָלטיקע „חובבי-ציון" מיט די יידישע „נאַראָדאָוואָלצעס". איך האָב מיך גאָר נישט געיאָגט נאָך דעם, זיי זאָלן זיך פאַראייניקן, ווייל אין דער אמתן אַרט מיר נישט, וואָס „יידן קריגן זיך", און זאָג מיך אליין אויך נישט אָפּ פון פּאַרטיי-פּאָלעמיק און פּאַרטיי-קאַמף, אויב איך געפין, אַז דער יושר איז אויף מיין זייט. אַ „רודף-שלום" צוליב שלום בין איך קיינמאָל נישט געווען.

אויך דאָס איז אמת: דער סינטעז איז געווען „בלויז ביי מיר אין קאָפּ". אָבער אַ פּרווו צו באַשאַפן אַן אייגענע פּאַרטיי, וואָס זאָל שטיין אויף דעם באָדן פון יענעם „אויס-געמישטן" פּראָגראַם, איז שוין געמאַכט געוואָרן אין 1885.

דער זומער 1915 ווערט גראָד 30 יאָר, זינט עס איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יידישע נ אַ צ י אָ נ אַ ל-רעוואָ-לוציאָנערע גרופּע „תשועת ישראל". וואָס דער גרונט-געדאַנק פון יענער גרופּע, — די פאַראייניקונג פון „סאָציאַליזם" און „נאַציאָנאַליזם" האָט אין דעם משך פון די 30 יאָר אויפגעטאָן

פֿאַר דער סאָציאַליסטישער וועלט בכלל און פֿאַר דער יידישער בפרט, — ליגט אָפּן פֿאַר יעדן, וואָס וויל זיך אינטערעסירן מיט דעם ענין. איך קאָן דעריבער פֿאַר יעדן איינעם איבער-לאָזן, ער זאָל ענטפערן פֿאַר מיר, צי איך האָב מיך מיט וואָס צו שעמען מיט מיין ערשטן „אויסגעמישטן פּראָגראַם".

אַ צווייטעס פֿאַרברעכן, וואָס באַווייזט די זעלביקע „שוואַכ-קייט" מיינע צו „אויסגעמישטע פּראָגראַמען", בין איך באַגאַנ-גען אַ צען יאָר שפּעטער, אין 1894, מיט דעם אויסאַרבעטן פֿון יענעם „אויסגעמישטן פּראָגראַם", וואָס איז געוואָרן דער יסוד פֿון דער רוסישער „פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן".

אין צוויי פֿיינטלעכע ריכטונגען איז דעמאָלט געווען פֿאַ-נאַנדערגעשפּאָלטן דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער געדאַנק: אין דער ריכטונג פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וואָס איז אין יענער צייט דעגענערירט געוואָרן כמעט צו אַ ריינעם „באָמ-ביזם", און אין דע ריכטונג פֿון דער רוסישער יונגער סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס האָט שוין דעמאָלט גענומען זיך אויס-אַרבעטן אין אַ כמעט ריינעם „עקאָנאָמיזם", ווי ער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אין דער „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" און אין דער „ראַבאָטשאַיאַ מיסל".

בערג און בערג פֿון טעאָרעטישע פּלפּולים זענען געווען אָנגעוואָרפֿן אויף די צוויי פּראַקטישע פּראָגראַמען. און אין דעם צענטר פֿון אַלע יענע פּלפּולים איז געשטאַנען אַ זאַץ, אין וועלכן ביידע צדדים האָבן געגלויבט, אַז דער, וואָס איז אַ סאָציאַליסט, מוז זיין אַ מאַרקסיסט. מען האָט זיך נאָר געאַמפּערט וועגן דער שאלה: צו וועמען וואָלט איצטער גע-הערט קאַרל מאַרקס? צו די נאַראָדאָוואָלצעס, וועלכע ער האָט גענומען אין שוץ אין דער צייט פֿון זייער גלאַנץ, אָדער צו די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אויף די רואינען פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ"? דער, וואָס האָט זיך פּאַרטיפּט אין יענע פּלפּולים, האָט אַרויסגעטראָגן די זיכערסטע איבערצייגונג, אַז די צוויי פּראָגראַמען זענען צוויי היפּוכים, וואָס קאָנען קיינמאָל נישט צונויפּגעגאָסן ווערן אינאיינעם נישט אין דער טעאָריע, נישט אין דער פּראַקטיק.

פאַר מיר איז דאָס אָבער געווען אַ נייער באַווייז, אַז „די וועלט" דענקט קאַפּויר; אַז מען דאַרף פאַנאַנדערדרייסן דאָס, וואָס זי האָט צונויפגעבונדן, און צונויפבינדן דאָס, וואָס זי רייסט פאַנאַנדער. דער פּרינציפּ פון אַקטיוון פּאָליטישן קאַמף אַנטקעגן דער רעגירונג מוז ווערן איינער פון די יסודות פון אַ רוסישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ווי דאָס פאַרלאַנגען די נאַראָדאָוואָלצעס. און אַקוראַט אַזאַ וויכטיקער יסוד מוז זיין דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן-קאַמף, ווי דאָס פאָדערט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. אָבער די צונויפגיסונג פון די צוויי היפּוכים איז נישט גענוג. מען דאַרף צוגעבן נאָך אַ דריטן היפּך, וועגן וועלכן די רעוואָלוציאָנערן פון יענעם דור האָבן שוין פאַרגעסן צו טראַכטן, דעם גרונט-פּרינציפּ פון דער אָפּגעשטאָרבענער „זעמליאַ אי וואָליאַ". די אַרבעט צווישן די רוסישע פּויערים, פון וועלכע נישט די נאַראָדאָוואָלצעס, נישט די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן נישט געוואָלט עפּעס וויסן.

מיין ביכל: „סאָציאַליזם אי באָרבאַ זאַ פּאָליטיטשעווסקויו סוואָבאָדו" („דער סאָציאַליזם און דער קאַמף פאַר פּאָליטישע פרייהייט", אָפּגעדרוקט אין 1898 אונטער דעם פּסעוודאָנים „ס. גריגאָראָוויטש") האָט צום ערשטן מאָל פאָרמולירט יענץ „צעמישט פּראָגראַם" פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. אין אים איז שוין אָבער דורכגעפירט געוואָרן דער פאַנאַנדעררייס פון יענער צונויפגעוואַקסענער אידעע, אַז נאָר דער קאָן זיין אַן אמתער „וויסנשאַפטלעכער" סאָציאַליסט, ווער עס איז אַ מאַרקסיסט.

געוויס, איז אויך דער סינטעז אַ לאַנגע צייט געווען „נאָר ביי מיר אין קאָפּ", אָבער איך רעכן, אַז אויך* הער מ. כּץ וועט נישט וועלן אָפּלייקענען, אַז ער האָט געפירט צו „פּראַקטישע טאַטן" און צו גאַנץ ערנסטע „פּראַקטישע טאַטן".

ווי איר זאָלט נישט קוקן אויף דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, איינס וועט איר צוגעבן, אַז איר טעטיקייט, לויט דעם „צומישטן פּראָגראַם", איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

עס גייען אַריבער נאָך אַ יאָר צען. איך ווער נענטער צו דער יידישער אַרבעט אין אַמעריקע און — שוין אַ מזל אַזאַ! — עס ווערט פאַר מיר ווידער קלאָר, אַז די גייסטיקע וועלט, אין וועלכער איך באַוועג מיך איצטער, איז אָנגעפילט מיט פאַלשע היסטאָרישע אידעען-פאַרבינדונגען; אַז אויך דאָ מוז מען פילעס צערייסן, וואָס איז צונויפגעוואַקסן איינאיינעם, און פילעס צונויפבינדן, וואָס איז צעריסן אויף מעסערס.

עס ווערט מיר קלאָר, אַז דער יידישער סאָציאַליסט מוז זיך אַוועקשטעלן די אויפגאַבע אויסצוגלייכן די נאַציאָנאַלע לאַגע פון דעם יידישן פאָלק מיט דער נאַציאָנאַלער לאַגע פון אַלע פעלקער; אַז לויט די אומשטענדן, אין וועלכע מיר געפינען זיך איצטער, קאָנען מיר לעת-עתה אַפילו נישט חלומען וועגן אַ „קבוץ-גליות" פון אַלע יידן אין איין לאַנד; אַז די לעבנס-אינטערעסן פון דעם יידישן פאָלק פאָדערן, מיר זאָלן האָבן ערגעץ ווו אַ לאַנד מיט אַ פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט („ציוניזם"), מיר זאָלן האָבן ערגעץ ווו אַ פרייע טעריטאָריע פאַר דעם גרויסן יידישן עמיגראַציע-שטראָם, אפשר אויך עטלעכע אַזעלכע טעריטאָריעס („טעריטאָריאַליזם"), און אַז מיר זאָלן זיך אומעטום צושלאָגן צו נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג („גלות-נאַציאָנאַליזם").

מיר וועלן אפשר אויף לאַנג און לאַנג בלייבן צעזייט איבער דער גאַנצער וועלט, אָבער פאַראייניקט זאָלן מיר זיין אומעטום דורך דער איין-איינציקער קולטור אין דער איין-איינציקער יידישער שפּראַך, וואָס זאָל זיין די הערשנדיקע ביי אונז, סיי אין אונזער סוווערענעם שטאַאַט, סיי אין די יידישע טעריטאָריעס, סיי אין די גלות-לענדער, ווו מיר וועלן בלייבן לעבן, ווי אַ נאַציאָנאַלער מעוט („יידישיזם").

אַ נייע „צעמישט פּראָגראַם". אָבער דאָס מאָל האָב איך באמת געמאַכט אַ פעלער. אָנשטאָט אויסצופירן דאָס פּראָגראַם און זיינע טעאָרעטישע יסודות, אָנשטאָט אַרומצוטראָגן זיך מיט אים „ביי זיך אין קאָפּ" און דערנאָך זען גרינדן אַ נייע פּאַרטיי אויף זיין באַזיס, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז מען קאָן פאַראייניקן די אַלטע יידישע סאָציאַליסטישע

פאַרטייען ארום „פּראַקטישע טאַטן", וואָס זענען בשום אופן נישט קיין סתירה, איינע צו דער אַנדערער.

דאָס איז געווען אַ פעלער. איך האָב פאַרגעסן, אז מען גיסט נישט קיין ניי ווײַן אין אַלטע לאָגלען, אז יעדער פאַרזוך צו פאַראייניקן פאַרטייען מוז פירן צו קאָמפּראָמיסן, און אז קאָמפּראָמיסן זענען גוטוועגדיק נאָר אין צייטווייליקע קאָאַליציעס, אָבער אַבסאָלוט שעדלעך פאַר אַ נאָרמאַלן פאַרטיי-לעבן.

מיין לעצטעס „צעמישט פּראָגראַם", — דאָס פאַראייניקונגס-פּראָגראַם פון די פּועלי-ציון, — איז טאַקע באמת אַ „צעמישטעס", אָבער עס איז נישט מ ײ נ ס: עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין אַ ק אָ מ י ס י ע, וואָס איז באַשטאַנען פון פּועלי-ציון, סאָציאַליסטן-טעריטאָריאַליסטן און סערפּיסטן. אַלע דריי ריכטונגען טראָגן די שולד פאַר זיינע פעלערן, ווייל אַלע דריי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף דעם באַרג-אַראָפּ פון קאָמפּראָמיסן.

22-טער יולי, 1915.

# תעניתים און היסטעריק.

אַ קליינע דערינערונג פון מיין קינדער־צייט שווימט אַרויף אויפן זכרון.

שבת פאַרנאַכט. מיר זיצן צו „שלש סעודות" מיט אַ סך אורחים אַרום טיש. אַלץ אייגענע מענטשן: פעטערס, קרובים־מחותנים. עס איז שוין גאַנץ טונקל, שוין אָפּגעזוונגען דעם „בני־היכלא". נאָר די מאַנסבילן האַלטן נאָך אין אַ לעבעדיקן שמועס אַ פרייען, אין וועלכן עס זענען אויסגעמישט אי וועלט־זאַכן, אי תורה־ענינים.

די תורה פאַרשטיי איך נישט, ווען אַפילו גערעדט ווערט אין אַ שיינעם קלאָרן יידיש, הלואי אויף אונז געזאָגט גע־וואָרן. איך פאַרשטיי זי נישט, נישט קוקנדיק, וואָס איך בין שוין אַ גמרא־יינגל, ווייל גערעדט ווערט חסידישע תורה, מיט אַזאַ שווערער טערמינאָלאָגיע, מיט אַזעלכע אומדערוואַר־טעטע שפּרונגען פון איין ענין צו דעם אַנדערן, ביז מען קומט פּלוצלונג ווידער אַרויף אויף דעם ערשטן ענין.

און פונדעסטוועגן הער איך מיך אַזוי בייגעריק איין אין דעם שמועס. נישט ווייל מיך אינטערעסירט דער ענין, אָדער ווייל איך האָף, איך וועל פאַרט וואָס עס איז פאַרשטיין פון אים. איך וואַרט אויף די אינטערוואַלן, אויף די קליינע פּויזעס. איך ווייס, אַז נאָך יעדער פּויזע וועט עמעצער אָדער מאַכן אַ וויץ, אָדער אויסחוזקן די עם־הארצות פון די פּוילישע „גוטע יידן", אָדער מאַכן אַ באַמערקונג אין „מילין דעלמא", וואָס האָט אַ שייכות צו דעם פריערדיקן געשפּרעך און גיט שטאָף פאַר אַ נייעם געלערנטן שמועס, אָדער גאָר דערציילן עפּעס אַן אינטערעסאַנטע מעשהלע.

„בשעת נאַפּאָלעאָן איז אַריין אין רוסלאַנד, — הויבט איינער פּלוצלונג אָן דערציילן נאָך אַ קליינעם שטילשווייגן,—

בשעת נאַפּאָלעאָן א [illegible] אַריין אין רוסלאַנד, איז ער אַריין אין וואַרשע. א [illegible] ן דיקא תשעה באב. גייט ער אַזוי איבער די גאַסן, [illegible] ע [illegible] הערט, פון אַ סך הייזער טראָגן זיך קולות און יללות. גייט ער צו צו אַזאַ הויז, בליקט אַריין אין אַ פענסטער: זיצן יידן אין זאָקן אויף דער ערד און מען קלאָגט.

„האָט דאָס אים פאַרדראָסן. סטייטש, ביי אים איז אַזאַ שמחה, — אַ קלייניקייט? וואַרשע איז זיינע, — און דאָ טרויערט מען גאָר. הייסט ער תיכּף זיין גענעראַל, ער זאָל אַריין אינעווייניק און פרעגן, וואָס איז דער מער מיט זיי. קומט אַריין דער גענעראַל און פאַלט דאָס אָן מיט כּעס: „ווי דערוועגט איר זיך צו טרויערן אין אַזאַ יום טוב?!"

„דערציילן אים די יידן: „אַזוי און אַזוי, אין דעם טאָג איז ביי אונז חרוב געוואָרן ירושלים, מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות, וויינען מיר אויף אונזער בראָך".

„גיט דאָס איבער דעם גענעראַל נאַפּאָלעאָן: „אדוני קעניג, דאָס זענען יידן; זיי וויינען, ווייל זיי ווילן צוריק האָבן ירושלים".

„אַז ער לאַכט זיך דאָס נישט פאַנאַנדער אויפן קול, נאַפּאָלעאָן, כאַ-כאַ-כאַ-כאַ! זיי ווילן צוריק ירושלים — זעצן זיי זיך אויף דער ערד און וויינען! גיי, זאָג זיי, אַז זיי זענען שוטים. אויב זיי ווילן ירושלים, דאַרפן זיי נישט זיצן אויף דער ערד און קלאָגן. זאָלן זיי נעמען ביקסן אין די הענט און פירן מלחמה, ווי איך, — וועלן זיי האָבן ירושלים".

דער גאַנצער עולם אַרום טיש האָט זיך פריילעך פאַנאַנדערגעלאַכט. און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס לאַכט מען נישט מ י ט נאַפּאָלעאָנען פון די יידישע „טכסיסי מלחמה", נאָר אַז דאָס לאַכט מען פ ו ן נאַפּאָלעאָנען מיט זיין גויאישן שׂכל.

האָסט געהערט אַן איינפאַל פון אַ גוי? נעם אַ ביקסל און גיי, שיס! ער פאַרשטייט נישט, דער גוי, די טיפע סודות, וואָס ליגן אין דעם יידישן גלות, דער יידישער געדולד. דעם יידישן צער און דעם יידישן תענית. ער נעמט דאָס אַלץ אויף אויף זיינע גראָבע, גשמיותדיקע כּלים.

— אָט דאָס איז דאָך, וואָס איך זאָג, — רופט זיך אָפּ איינער ביים טיש: — אחור וקדם יצרתנו!

און עס פאַרפירט זיך ווידער אַ געלערנט געשפּרעך מיט די שווערע ווערטער פון חסידות און קבלה, און איך פאַר־שטיי עד היום נישט, וואָס פאַר אַ שייכות עס האָט געהאַט דער פּסוק: „אחור וקדם יצרתנו" צו דער מעשהלע מיט נאַפּאָלעאָנען.

---

די קליינע דערינערונג איז מיר אַרויפגעשוואומען אויפן זכּרון, בעת איך האָב איבערגעלייענט הער דר. ש. לעווינס אַרטיקל וועגן „גוזר־תענית־זיין" און דאָס לייט־אַרטיקל, וואָס אַ צייטונג האָט שוין אָנגעשריבן אין אַ צושטימענדיקן זין.

הייסט עס, גאַנץ אין ערנסט, גאָר אָן אַ ברעקל שפּאַס, מאַכט מען אונז דעם פאָרשלאַג, מיר זאָלן זיך אַוועקזעצן קלאָגן.

וואָלט אַזאַ געדאַנק אַרויסגעגאַנגען פון אַן אמת־פרומען יידן, ווי יענע יידן פון אַרום מיין פאָטערס טיש, וואָלט איך געהאַט דעם גרעסטן רעספּעקט צו אַזאַ פאָרשלאַג. איך וואָלט געוווסט, אַז פאַר דעם פרומען יידן איז אַ תענית־צבור אַ סך אַ וויכטיקערע און ממשותדיקערע קראַפט, איידער אַ גאַנצער חיל, אָנגעפירט פון אַ נאַפּאָלעאָן. און עס קאָן זיין, אַז איך וואָלט אַליין געגאַנגען אין שול אַריין הערן „ויחל", און איך וואָלט מיך געפילט גוט צווישן יענע פרומע יידן, ווייל איך וואָלט געוווסט, אַז דאָס זענען ערנסטע מענטשן, וואָס טוען אין אַן ערנסטער צייט אַן ערנסטע זאַך לויט זייער אייגענעם שכל און פאַרשטאַנד.

דר. לעווין אָבער...

איך האָב צופיל רעספּעקט צו הער דר. ש. לעווין, איך זאָל מיר דערלויבן צו זאָגן עפנטלעך אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעטראַכט, לייענענדיק זיין אַרטיקל. איך וויל נאָר באַמערקן, אַז איך זע אין יענעם אַרטיקל זיינעם אַ העכסט־באַדויערלעכע שוואַכקייט, אויב איר ווילט, אַ „צעלאָזנ־קייט", אַ ריין־יידישע „צעלאָזנקייט", וואָס וויל זיך גראָד

איצטער פאַרגינען דעם תּענוג געשמאַק זיך אויסצווויינען און דורכדעם ווייכער מאַכן דעם שטיין אויפן הארצן.

ממה נפשך! ליגט איצטער ביי איינעם אַ שטיין אויפן הארץ, איז — זאָל ער אים טראָגן, זאָל ער פילן זיין דרוק! זאָל ער זוכן צו באַפרייען זיך פון אים מיט ט אַ ט ן, מיט ערנסטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, לויט זיין אייגענעם שכל און פאַרשטאַנד.

אלא — ער פ י ל ט נאָר די גאַנצע שווערקייט פון אונזער לאַגע, איז — זאָלן מיר אים איינרעדן אַ שטיין אויפן הארץ? און דערנאָך איינלאַדן אים, ער זאָל עפנטלעך „מאַכן פּיסקעס" און זיך היסטעריש פאַנאַנדעריאַכמערן, כדי ער זאָל נאָכדעם קאָנען גיין שלאָפן אַ באַרואיקטער, אַ זיך גוט אויס־געוויינטער?

נישט צו היסטעריק דאַרפן מיר רופן אונזער פאָלק. מיר דאַרפן געדענקען די ווערטער פון דעם רוסישן דיכטער: „ניעקאָגדאַ פלאַקאַט! ניע ווּרעמיאַ סטאָנאַט! נאַדאָ אָשיבקי אָטצאָוו פּאָפּראַוואַליאַט!" („קיין צייט נישט צו וויינען, קיין צייט נישט צו קלאָגן: מיר דאַרפן פאַרריכטן די פעלערן פון דורות!").

און אויף דר. לעווינען ווונדערט מיך מער, איידער אויף אַלעמען. ער געהער צו די, שוין גאָרנישט ווייניקע, פון אונ־זער דור און אין אונזער לאַנד, וועלכע ווייסן, וו אָ ס מ ע ן ד אַ ר ף ט אָ ן. דער וועג, אין וועלכן מיר דאַרפן גיין, איז באַשטימט און קלאָר: מיר דאַרפן פאַרריכטן די פעלערן פון לאָזן זיך קריכן אויפן קאָפּ און דעם פעלער פון לייקענען די אייגענע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ.

וואָס עס זאָל אונז נישט קאָסטן, מוזן מיר איצטער אָר־גאַניזירן אונזער פאָלקס־ווילן און מוזן אַרויסטרעטן פאַר דער וועלט מיט אונזערע פאָלקס־פאָדערונגען.

נישט מיט זעק אויף די לענדן, נישט מיט אַש אויפן קאָפּ, נישט אין צעפלאָסענער אָנמאַכט, וואָס קאָן נאָר אַרויס־רופן אַ „צער־בעלי־חיים" צו אונז, — די גרעסטע באַליידיקונג אין דעם איצטיקן מאָמענט! נאָר מיט דעם האַרטן שטאָלענעם

ווילן צו מאַכן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ סוף צו אונזערע ליידן; מיט דער אייז-קאַלטער פאָדערונג, מען זאָל אונז געבן, וואָס אונז קומט. און קומען קומט אונז אַ סך: נישט ווייניקער ווי נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג אומעטום און אַ זעלבשטענדיק-פּאָליטישע היים אין ארץ ישראל. די מענטשהייט איז דאָס אונז שולדיק פאַר אַלע ליידן, וואָס מיר האָבן אַריבערגעטראָגן ביז אַהער, פאַר די אוממענטשלעכע יסורים, וואָס מיר טראָגן איצטער אַריבער.

די אָרגאַניזירטע, עפנטלעכע פאָדערונג פון דעם יידישן פאָלק, — דאָס איז דער איינציקער וועג, וואָס איז אונז איצטער געבליבן. די לאַגע איז אַזאַ, אַז מיט קליינע מיטלען און מיט צייטווייליקע הילף קאָן מען גאָרנישט אויפטאָן, און אַז מיט דעם אויפרוף צו אַזעלכע מיטלען און צו אַזאַ צייטווייליקער הילף קאָנען מיר גאָרנישט קומען צום פאָלק. דאָס געפינט נישט און וועט נישט געפינען קיין אָפּקלאַנג אין זיין ברוסט. ווייל עס ווייס, אַז מיט זיי קאָן מען איצטער גאָרנישט אויפטאָן. אינסטינקטיוו וואַרט דאָס פאָלק *אויף דאָס גרויסע*, אויף דאָס באַפרייענדיקע.

די קללה, וואָס ליגט אויף אונזער פאָלק, איז די נידערגעשלאָגנקייט, דער נישט-גלויבן אין די אייגענע כחות, אַ פּראָדוקט פון דעם נישט-גלויבן אין דעם אייגענעם ווערט.

מיר, די אַלע, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון יענער קללה, ווייל מיר האָבן זיך דערוווסט פון אונזער ווערט און עס איז אונז קלאָר געוואָרן אונזער כח, מיר טאָרן אויף אַ רגע נישט לאָזן הענגען אונזער קאָפּ און מיר דאַרפן באַפרייען פון יענער קללה דאָס גאַנצע פאָלק.

יעדע שורה, וואָס מיר שרייבן, דאַרף אָטעמען מיט דעמזעלביקן מוט, דעמזעלביקן שטאָלערנעם ווילן, דעמזעלביקן גרויסן, נישט צעשטערבאַרן גלויבן, וואָס לעבט אין אונזער ברוסט.

מיר טאָרן נישט ווערן היסטעריש!

---

ווען דער צוקונפטיקער היסטאָריקער וועט זיך גראָבן

די דאָקומענטן פון אונזער צייט און ער וועט געפינען באַריכט:

„אין 1915 האָט זיך אין ניו־יאָרק באַוויזן אַזאַ שטרע־מונג צו אָרגאַניזירן דעם פאָלקס־ווילן און אַרויסצוטרעטן עפנטלעך מיט דער פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג אומעטום און אַ זעלבשטענדיקער פאָליטישער היים אין ארץ ישראל, אָבער יענע שטרעמונג איז זיך פאַרפלאָסן אין זאַמד. די מאַסן זענען נישט צוגעשטאַנען צו איר. אַנשטאָט צו שיקן פאַרטרעטער אין דעם קאָנגרעס, האָבן די יידן, אין גרויסער פאַרצווייפלונג, געשלאָגן זיך קאָפּ אָן דער וואַנט, האָבן צעבראָכן זייערע מעבל, צעריסן די קליידער אויף זיך און אָפּגעשליסענע אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, אַרויסשטויסנדיק היסטערישע יללות"...

וואָלט דער היסטאָריקער געגלויבט. ער וואָלט דאָס פאַרשטאַנען. די לאַגע, וואָלט ער זיך געזאָגט, איז געווען אַזאַ, אַז אַ גאַנץ פאָלק האָט זיך גערירט פון זינען.

און ווען אין דעם באַריכט וואָלט געשטאַנען גאָר אַזוי:

„צו דער קאָנגרעס־באַוועגונג זענען די מאַסן נישט צו־געשטאַנען. קאַלט און גלייכגילטיק צו דעם גורל פון זיין אייגענעם פאָלק, האָט זיך יעדערער באַשעפטיקט מיט זיינע טאָג־טעגלעכע אינטערעסן".

וואָלט דאָס דער היסטאָריקער אויך געגלויבט. ער וואָלט דאָס פאַרשטאַנען. די לאַגע, וואָלט ער געזאָגט, האָט אַזוי דערשלאָגן אַ גאַנץ פאָלק, אַז זיין נאַציאָנאַל געפיל איז פאַרגליווערט געוואָרן. ווי אַ גולם, האָט יעדער ייד ווייטער געלעבט זיין פריערדיק לעבן, נישט וויסנדיק, אויף וואָסער וועלט ער איז, אויסער כח צו באַנעמען, וואָס מען וויל פון אים.

אָבער ווען דער היסטאָריקער וועט איבערלייענען אין דעם באַריכט:

„די קאָנגרעס־באַוועגונג האָט אַרויסגערופן העפטיקע קעג־נער צווישן אַ סך אינטעליגענטע, איידעלע און איבערגעגעבענע קינדער פון דעם יידישן פאָלק. אויסגעהערט, וואָס עס ווערט

פון זיי פארלאנגט, האָבן זיי מיט אַ סקעפּטישן שמייכל גע-
ענטפערט צוריק מיט אַ פרעג:

— „און ווי איז, כדומה למשל, אז טאָמער וועט אפשר
זיך, חלילה, נישט אויסלאָזן, ווי איר האָט, אַן ערך, אויסגע-
רעכנט?"

וועט דאָס דער היסטאָריקער נ י ש ט גלויבן.
ער וועט דאָס פשוט נישט פאַרשטיין.

6-טער אויגוסט, 1915.

# אוממעגלעכקייט.

בײ דזשעק לאָנדאָנען איז פאַראַן אַ קלײנע, טיפע און טרויעריקע דערציילונג פון דעם אינדיאַנער-לעבן: „נאַם-באָק, דער ליגנער".

נאַם-באָק, אַ יונגער אינדיאַנער פון אַ פישער-דאָרף אין דעם ווייטן צפון, פון אַ שבט, וואָס איז נאָך נישט געקומען אין באַריר מיט דער מאָדערנער מענטשלעכער קולטור, איז אמאָל אין אַ שיפל פאַרטראָגן געוואָרן מיט דעם ברעג-ווינט ווייט אויפן ים, ווו אַן אַמעריקאַנער שקונע האָט אים געראַטעט און האָט אים געבראַכט אין אַמעריקע.

פיל יאָרן האָט נאַם-באָק אָפּגעלעבט צווישן די ווייסע און האָט זיך לסוף פאַרבענקט נאָך דער אַלטער היים. עס האָט אים געצויגן צו זיין געבירט, צו די מענטשן פון זיין שבט, וועמען ער האָט געוואָלט דערציילן פון די פיל וואונדערס, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אין זיין לעבן.

אָבער נישט אויף פרייד איז ער געקומען צוריק צו זיין אייגענעם פאָלק. דאָס אַלטע לעבן, פון וועלכן ער האָט גע-טרוימט אין דער פרעמד, האָט אַרויסגערופן אַן עקל אין אים, ווען ער האָט עס נאָך אַ מאָל פאַרזוכט. זיינע דערציילונגען וועגן אַ נייעם לעבן, וועגן די וואונדער, וואָס האָבן אָנגעפילט זיין האַרץ מיט שטאָלץ, האָבן אים נאָך פרעמדער געמאַכט די קרובים און די פריינט. מען האָט אים נישט געוואָלט גלויבן, ווייל מען האָט אים נישט געקאָנט פאַרשטיין.

שוין זיין ערשטער טריט אין דער אַלטער היים, ווען ער איז אַרויסגעשפרונגען אויפן ברעג פון זיין שיפל, האָט אַרויסגערופן אַ טיפן חשד בײ זיינע אייגענע. עס האָט זיך זײ נישט געגלויבט, אַז אַ מענטש, וועמען דער ברעג-ווינט

האָט פאַרטריבן פון דער יבשה, זאָל קאָנען אַ לעבעדיקער קומען צוריק.

— דו ביסט געשטאָרבן, נאַם-באָק, — זאָגט אים אַפּי-קואַן. נאָר נאַם-באָק לאַכט: „איך בין פעט". אַפּי-קואַן מוז מודה זיין, אַז מתים זענען נישט פעט, אָבער גלויבן, אַז נאַם-באָק איז אַ לעבעדיקער, איז פאַר אים אוממעגלעך. די גלייכסטע סברא פאַר אים איז — אַז דאָס איז דער שאָטן פון דעם אַמאָליקן נאַם-באָק, ווייל שאָטנס קאָנען יאָ קומען צוריק. אַזוי גלויבט אַפּי-קואַן.

אומזיסט דערמאָנט אים נאַם-באָק, אַז יענעמס אייגענער זיידע איז אַמאָל פאַרפאַלן געוואָרן אויף לאַנג און האָט זיך דערנאָך ווידער אָפּגעפונען אַ לעבעדיקער. סאַ משל, — זאָגט אַפּי-קואַן: יענער האָט דאָך נישט געהאַט קיין עסקים מיטן ברעג-ווינט. „ער איז אַוועק טיף אין לאַנד, און עס איז אַ דרך הטבע, אַז אַ מענטש קאָן גיין אַלץ ווייטער און ווייטער איבער דער ערד".

ווען נישט זיין אַלטע מוטער, וואָס האָט געבענקט נאָך אים די גאַנצע צייט און האָט געגלויבט אין זיין קומען צוריק, וואָלט מען נאַם-באָקן נישט אַריינגעלאָזן אַ היים.

ער דערציילט פון דער שקונע, וואָס האָט אים געראַטעוועט אויפן ים, — אַ גרויסע שיף אָן רודערס, געטריבן פון ווינט. שוין דאָס אליין קלינגט אין די אויערן פון די אינדיאַנער נישט נאָר ווי אַ גוזמא, נאָר ווי אַ פורער ליגן.

„די שקונע האָט געהאַט אַזוינע פליגלען", פּרוּווט דערקלערן נאַם-באָק, און מיט גרויס מי גיט זיך אים איין מסביר צו זיין דעם אומגלויביקן עולם, ווי אַזוי אַ ווינט קאָן טרייבן האַסטיק אַ שיף. אָבער דער שכל מיט די זעגלען אין דעם ווינט האָט נאָך קלאָרער געמאַכט פאַר די אינדיאַנער, וואָס פאַר אַ געוואַלטיקער כזבן דער בחור דאַרף זיין. מענטשן זאָלן זיך פאַרלאָזן אויף דעם קאַפּריז פון דעם ווינט! די שיף, זאָגט ער, גייט אויך אַנטקעגן דעם ווינט! וואָס טרייבט דען די שיף אַנטקעגן דעם ווינט? אויך דער ווינט? ווינט, וואָס בלאָזט פון דרום קיין צפון, זאָל טרייבן די שיף

נישט קיין צפון, נאָר קיין דרום ! אָדער איין-און-דערזעלביקער ווינט בלאָזט אין איין-און-דערזעלביקער צייט אי אַהין, אי צוריק ? דאָס איז שוין אַ זאַך, וואָס גייט להיפּך צו דעם מענטשלעכן שכל. אַ קלאָרע, ריינע אוממעגלעכקייט !

און פון אַ דאַמף-שיף האָט ער דערציילט, וואָס איז געבויט פון הוילע אייזן ! איז דאָס נישט אַ פּאַטש אין פּנים אַלע געזעצן פון דער נאַטור ?

— „ניין, ניין, נאַם-באַק", טענהט מען צו אים, „ווי קאָן דאָס געמאָלט זיין ? אייזן גייט אַלעמאָל צו גרונט... עס איז אויף אַלץ דאָ אַ געזעץ. עס האָט נאָך קיינמאָל גאָרנישט פּאַסירט מחוץ פון דעם געזעץ. דאָס ווייסן מיר. און אַ חוץ דעם ווייסן מיר, אַז אַלע זאַכן פון איין מין געהאָרכן איין געזעץ. על כן, נאַם-באַק, אויב דו ווילסט מיר זאָלן האָבן אַ ברעקל רעספּעקט פאַר דיר, זאָג זיך אָפּ פון דיינע רייד.

— „ס'איז אָבער פּאָרט אַזוי", עקשנט זיך נאַם-באַק. „דער דאַמף-שיף איז דורכאויס פון אייזן און ער גייט נישט צו גרונט".

— „ניין, ניין : דאָס קאָן נישט זיין".

— „איך האָב דאָס געזען מיט מיינע אייגענע אויגן".

אַנדערע אוממעגלעכקייטן האָבן די אינדיאַנער זיך דער-קלערט דורך כּישוף. זעט איר, כּישוף איז גראָד אַ זאַך, וואָס לייגט זיך דעם ווילדן אויפן שכל. נאָר דעם לעצטן פּונקט גלויבן צו זיך האָט נאַם-באַק אויסגעלאָשן מיט דער דערציי-לונג װעגן „דעם גרויסן דאָרף" (מסתמא ניו-יאָרק), ווו עס שווימלט פון מענטשן גאָר אָן אַ שיעור. דאָס קאָן זיך שוין גאָרנישט לייגן אויף די מוחות פון די אינדיאַנער. ווי קאָנען אַזויפיל מענטשן זיין אויף דער וועלט, בפרט נאָך אין איין אָרט ? זייערע שיפלעך וואָלטן דאָך מוזן באַדעקן דעם גאַנצן ים, זיי וואָלטן דאָך געקאָנט אַלע טאָג אויסכאַפּן אַלע פיש פון וואַסער און פאָרט זיך נישט אָנעסן צו זאַט !

— „דאָס קאָן זיך אייגעם אויסדוכטן", ענטפערט נאַם-באַק צולעצט, „און פונדעסטוועגן איז דאָס פּאָרט אַזוי. מיט מיינע אייגענע אויגן האָב איך דאָס געזען".

לסוף איז בײ דעם עולם געבליבן, מען דאַרף נאָם-באָקן אָװעקשיקן צוריק, פֿון װאַנען ער איז געקומען. אויב די אַלע אוממעגלעכקייטן, װאָס ער דערציילט, זענען נישט אויסגעטראַכטע, איז נאָר דאָ איין דערקלערונג פֿאַר זײ: נאָם-באָק איז אַ געשטאָרבענער און קומט פֿון דער שאָטן-װעלט. די אַלע זאַכן, װאָס ער באַשרייבט, זענען שאָטנס פֿון זאַכן. אין דעם „גרויסן דאָרף" װױנען די שאָטנס פֿון די, װאָס זענען געשטאָרבן, װײל מתים זענען דאָך דאָ געװיס אַ סך מער, איידער לעבעדיקע...

און מען זעצט אים אַרײַן װידער אין זיין שיפל און מען פֿאַרטרייבט אים אויף אייביק פֿון דער היים...

„מיר שיקן דיך אַװעק צוריק", זאָגן זײ נאָם-באָקן, „כּדי אונזערע מוחות זאָלן בלייבן קלאָר און שטאַרק און נישט מטושטש װערן מיט אומדערקלערלעכע זאַכן"...

אָרעמער נאָם-באָק! אָדער, אפשר: אָרעמע אינדיאַנער?

דזשעק לאָנדאָן האָט געװיס נישט געװאָלט שרייבן קיין סאַטירע אויף די אינדיאַנער, װאָס פֿאַרשטייען נישט די געװײנלעכסטע זאַכן פֿון אונזער קולטור. דאָס, װאָס ער האָט אַזוי מייסטערהאַפֿט געשילדערט, איז נישט קיין כאַראַקטעריסטיק פֿון אַ באַשטימטער צייט, אָדער אַ געװיסן פֿאָלק. דאָס איז אַ שטיק טראַגעדיע פֿון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס.

אין יעדן דור האָט דער מענטש אַ באַשטימטן מאַסשטאַב פֿון „מעגלעך" און „נישט-מעגלעך", פֿון „רעאַל" און „פֿאַנטאַסטיש", פֿון געװיסע אייביקע געזעצן און אמתן, װאָס זענען אויפֿגעבויט אויף דער אָנגעזאַמלטער דערפֿאַרונג און אויף די הערשנדיקע אידעען. אַז מען האָט איינעם אַ פּירוש פֿון דעם זוניקן אינדיע דערציילט, װי קאַלט עס איז אין די צפֿון-לענדער, װוּ מענטשן גייען אום אין פֿוטערס און פֿון הימל פֿאַלן אַזעלכע קאַלטע פֿעדערן, װאָס באַדעקן די ערד קלאַפֿטער-הויך, האָט ער סקעפּטיש געשאָקלט מיטן קאָפּ. אָבער אַז מען האָט אים געזאָגט, דאָס װאַסער װערט דאָרטן אַזוי האַרט און פֿעסט, אַז עס קאָן אויסהאַלטן די משא פֿון אַן עלפֿאַנט, האָט

ער שוין ווייטער נישט געוואָלט הערן: וואָסער איז פאַר אים אַ צו באַקאַנטע זאַך, ער זאָל קאָנען גלויבן אין אַזאַ אומזין.

כדי אויפצוגעמען אַ דערפאַרונג, וואָס גייט „להיפך דעם שכל", דאַרף מען זי זען מיט די אייגענע אויגן, ווי נאָם־באָק. אָבער אַזוי ווי נישט אַלע קאָנען זי זען, וועט מען בעסער גלויבן, אַז נאָם־באָק איז אַ ליגנער אָדער אַ דיבוק, איידער צוגעבן, אַז אוממעגלעכקייטן קאָנען פאַסירן. אין בעסטן פאַל איז ער אַ משוגענער פאַנטאַסט...

נאָך ערגער, פאַרשטייט זיך, איז עס מיט אַ נייעם געדאַנק, וואָס מאַכט אַ תל פון אַן אַלטן אמת, און וועלכן קיינער קאָן נישט אָנטאַפּן מיט די הענט אָדער זען מיט די אויגן. דאָ האָט דער „שכל הישר" פון דער צייט אודאי אַ רעכט אָוועק־צושיקן אים צוריק אין זיין רו אַריין...

און פונדעסטוועגן האָט די מענטשהייט אַ מענטשלעכע קולטור און ציוויליזאַציע און אַ פּראָגרעס. און יעדער דור האָט פאַרווירקלעכט אין לעבן זאַכן, וואָס זענען געווען „אוממעגלעך" פאַר דעם פריערדיקן.

די גאַנצע געשיכטע פון דער מענטשהייט קאָן מען דע־פינירן ווי אַ פּראָצעס, אין וועלכן „אוממעגלעכקייטן" ווערן שטיקער רעאַליטעט, ווערן אַזוי האַרט און פעסט, אַז זיי קאָנען אויסהאַלטן די משא פון אַן עלפאַנט, בעת די אייביקע, „איינגעפּראָרענע" אמתן, פון דעם „שכל הישר", וואָס האָט געקעמפט אַנטקעגן די „וויסטע פאַנטאַזיעס", ווערן אַזוי פאַר־דאַמפט, ווי דער טוי אונטער די שטראַלן פון אַ ברענענדי־קער זון.

געוויס מוז נישט יעדע „אוממעגלעכקייט", וואָס באַצוי־בערט אייגעמס פאַנטאַסטישע אויג, ווען עס איז ווערן אַ שטיק ווירקלעכקייט. די אידעאַלן פון דער טעכניק, און דער מאָראַל, און דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן זענען ווי די קערנדלעך אין דער פלאַנצן־וועלט, וואָס וואַקסן אויס מיליאָנען־ווייז און פון וועלכע נאָר איינצלנע האָבן דעם מזל אויפצוגיין און איבערלאָזן יורשים נאָך זיך.

בעסער פאַר אַלעמען איז דאָ די אידעאַלן פון דער

טעכניק. אויב איינעם קומט ארויף אויפן שכל א טעכנישער געדאַנק, א בר קימא, ווער קאָן דאָ שטערן אויסצופירן אים אַ לעבן, אַוועקצושטעלן די וועלט פאַר אַ פאַרטיקן פאַקט, אַז מען קאָן צוגיין צו דער וואַנט, רעדן צו איר, און אייער קול זאָל זיך הערן פאַר טויזנטער מייל? די מענטשהייט וועט דעמאָלט זען דעם פאַקט, ווי נאָם־באָק, מיט אירע אייגענע אויגן, און דאָס רוב פון איר וועט זיך גאָרנישט פאַרטראַכטן וועגן דעם, ווי אַזוי איז אַזאַ באַשיינפערלעכע „אוממעגלעכקייט" געוואָרן אַ ווירקלעכקייט.

שווערער פאַר אַלץ איז אָבער דורכצופירן אַן „אוממעגלעכקייט" אינם פּאָליטישן און דעם סאָציאַלן לעבן. דאָ איז נישט געענוג, א י ר זאָלט פאַרשטיין, ווי וויכטיק עס איז און ווי מעגלעך עס איז דורכצופירן אייער אידעאַל. איר דאַרפט זען, אַז אויך די אַנדערע זאָלן דאָס וועלן, זאָלן זיין פאַראינטערעסירט אין דעם און זאָלן דאָס פאַרשטיין. און כּל זמן זיי טוען דאָס נישט, די אַנדערע, זייט איר אַ דאָן־קיכאָט, אַ פאַנטאַסט, וואָס וויל דאָס טעלערל פון הימל, וואָס יאָגט זיך נאָך „אוממעגלעכקייטן", ווייל איר אַליין קאָנט דאָס, פאַרשטייט זיך, נישט דורכפירן, און זיי ווידער האָבן זייער „שכל הישר", דעם איינגעפראָרענעם אמת פון דער צייט, מיט זיינע אייביקע געזעצן, וואָס לאָזן נישט צו, אייזן זאָל שווימען, אַ חינט זאָל טרייבן אַנטקעגן זיך גופא און אַן עלפאַנט זאָל שטיין אויפן וואַסער.

איר דאַרפט דעריבער אויך נישט זיין, איבעריקנס, פאַרחדושט, ווען מען „זעצט אייך אַריין" נישט דווקא אין אַ שיפל און מען טוט אייך אייער רעכט, „כּדי די מוחות זאָלן בלייבן קלאָר און שטאַרק און נישט מטושטש ווערן מיט אומדערקלערלעכע זאַכן".

אָט פאַרוואָס דער פּראָגרעס אין דעם סאָציאַלן און פּאָליטישן לעבן גייט אַזוי לאַנגזאַם, בעת די טעכניק אַנטוויקלט זיך אַזוי שנעל. אין דער טעכניק איז מען איצטער נישט אַזוי אָפּהענגיק פון אַפּי־קוינען, — דאָ קאָן די „אוממעגלעכקייט" אויפן שטעל באַווייזן איר רעאַלע קראַפט. אין דעם געזעל־

שאַפטלעכן לעבן איז אָבער אַפּי-קואָן דער באַלעבאָס, און ביז מען צופּלעט זיין „שכל הישר״ מוזן אַוועקגיין יאָרהונדערטער!

און וויבאַלד דער פּראָגרעס מוז אַזוי לאַנגזאַם ווירקן אין דעם סאָציאַלן לעבן, קאָן אויך נישט זיין קיין שנעלער מאָראַלישער פּראָגרעס, ווייל די מאָראַל איז אַזוי שטאַרק פאַרבונדן מיט אַלע יסודות און דערשיינונגען פון דעם געזעלשאַפטלעכן זיין.

אָבער איין טרייסט האָבן מיר דערפאַר. ווי לאַנג דאָס זאָל נישט דויערן, — „זי באַוועגט זיך דאָך״, די מענטשהייט, און ווי דער „שכל הישר״ פון היינט זאָל נישט דונערן אַנטקעגן אונז, אַז מיר יאָגן זיך נאָך „אוממעגלעכקייטן, וואָס גייען להיפך צו דעם „דרך הטבע״, האָבן מיר אַ רעכט, זיי אַלעמען אַ ביסעלע אָפּצוקיילן און צו זאָגן:

— ציט אויף אַ ווילע מיט אייערע „אוממעגלעכקייטן״ און אייערע „געזעצן״! אויב ס'איז דאָ אין דער געשיכטע אַ וואָסער עס איז געזעץ, איז דאָס דאָס, וואָס זאָגט, אַז דאָס, וואָס איז „אוממעגלעך״ אין איין צייט פאַר איין דור, קאָן אין אַן אַנדער צייט, פאַר אַן אַנדער דור נישט נאָר ווערן „מעגלעך״, נאָר אויך אַרויסטרעטן ווי אַ צווינגענדיקער „מוז״.

מיר דאַרפן דעריבער נישט נתפעל ווערן, ווען אַן אַפּיקואַן, פאָן-בערנהאַרדי, באַווייזט אונז, אַז דער אייביקער פרידן איז „אוממעגלעך״, ווייל ס'איז דאָ אַ געזעץ פון „קאַמף פאַר עקזיסטענץ״: ווען די בורזשואַזיע באַווייזט אונז, אַז דער סאָציאַליזם איז „אוממעגלעך״, ווייל דער מענטש איז „בטבע״ אַ בריאה, וואָס לעכצט נאָך פּריוואַט-אייגנטום: ווען מען זאָגט אונז, אַז לעבן ווי אַ נאַציאָנאַלער מעוט אין גלות איז „אוממעגלעך״, ווייל, לויט אַ געוויסן „געזעץ״, מוז אַ העכערע קולטור איינשלינגען אַ נידעריקערע: אַז אַן אייגן-לאַנד פאַר דאָס יידישע פאָלק איז „אוממעגלעך״, ווייל... איך ווייס שוין נישט, וועלכע „געזעצן״ דאָ שטייען אין וועג: אַז אויפבויען אַ שטאַרקע אימפּאָנירנדיקע יידישע אַגראַר-ווירטשאַפט „איז געווען אַ פאַנטאַזיע און וועט בלייבן אַ פאַנטאַזיע״, ווייל, „אַ פאָלק, וואָס איז פון הונדערטער יאָרן צוגעבונדן צום לעבן

פון שטאַט, קאָן זיך נישט אומקערן צוריק אין דאָרף: אז...

אָבער קאָן מען דען אויסרעכענען אַלע „אוממעגלעכקייטן" און „פאַנטאַזיעס", פאַר וועלכע עס קעמפט דער פּראָגרעס פון דער מענטשהייט און דער פּראָגרעס פון אונזער פאָלק?

אַנדערע אַרגומענטן רוקט, זייט מוחל, אַרויס אַנט־קעגן אונז. דער אַפּי־קויאַן־אַרגומענט פון „אוממעגלעך" און „פאַנטאַסטיש" איז, ווי די געשיכטע באַווייזט, אַ פאַנטאַסטי־שער, אוממעגלעכער אַרגומענט.

8־טער יאַנואַר, 1915.

# צו פאַרשטאַרקן די אָפּגעשוואַכטע הענט.

(איניקע ווערטער צו איניקע חברים פון דער פען).

אין אַלטער יידישער ספר וועגן דער געשיכטע פון אונזער פאָלק, דער „ספר הקבלה", ענדיקט זיך אומגעפער מיט אַזעלכע ווערטער (לײדער געדענק איך זיי נישט אויף אויסוועניק):

„און אין אונזער צייט האָבן געלעבט די משוררים איבן גבירול און יהודה הלוי, וואָס האָבן מיט זייערע לידער גע־שטאַרקט די אָפּגעשוואַכטע הענט. זאָל זיי גאָט דערמאָנען דערפאַר צו גוטן!" דער מחבר פון דעם „ספר הקבלה" איז געווען אַבראַהאַם איבן דאַוד (דער „ראב"ד הראשון"), דער זעל־ביקער איבן דאַוד, דער דענקער מיט דעם רעוואָלוציאָנערן קאָפּ, וועלכער האָט געפירט אַזאַ העפטיקן קאַמף אַנטקעגן דער גאַנצער פילאָסאָפישער ריכטונג, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די איבן גבירולס און די יהודה הלויס. דאָס איז געווען דער מאַן, וואָס האָט אָנגעוויזן דעם וועג, אויף וועלכן דער רמב"ם איז שפּעטער אַרויס מיט אַזאַ גלאַנץ און מיט אַזאַ טריאומף.

אין זיין פילאָזאָפישן חבור „האמונה הנשאה", „דער דערהאָבענער גלויבן", אין וועלכן ער זוכט אויפצובויען די יידישע רעליגיע אויף דעם יסוד פון יענע רעזולטאַטן, צו וועלכע עס איז געקומען דער פילאָזאָפישער געדאַנק פון זיין צייט, גרייפט ער אָן די וועלטאַנשויאונג פון דעם עלטערן דור און גראָבט אונטער דעם פונדאַמענט פון יענעם פילאָזאָפישן גלויבן, וואָס האָט געלעבט אין די הערצער פון די גבירולס און הלויס.

דערפאַר ווירקט אַזוי סימפּאַטיש דער סוף פון זיין היס־טאָרישן ווערק, דער וואַרעמער האַנט־דרוק, וועלכן ער גיט זיינע קעגנער פאַר זייער אויסגעצייכנטער נאַציאָנאַלער אַרבעט.

פאַרוואָס איך האָב מיך דערמאָנט אין דער לעצטער צייט אָן יענעם קליינעם ליטעראַרישן עפּיזאָד, קאָן איך אייך באמת

נישט זאָגן אויף קלאָר. הפנים, אַז נישט איין געדאַנק, נאָר עטלעכע האָבן געהאַט אַ וועלכע עס איז נאָנטע אָדער ווייטע שייכות צו אים און זיי האָבן אים אַרויסגעשלעפּט פאַר מיר פון דעם אומבאַוווּסטן זכרון.

די גבירולס און די הלויס האָבן געשטאַרקט די אָפּגע-שוואַכטע הענט, — זאָל זיי דערפאַר גאָט דערמאָנען צו גוטן...

וועט די שפּעטערדיקע געשיכטע פון אונזער פאָלק אויך אונזער דור יידישע שרייבער דערמאָנען צו גוטן? האָבן אויך מיר, אויב מיר האָבן נישט געקאָנט אויפטאָן קיין גרעסערס, חייניקסטנס „געשטאַרקט די אָפּגעשוואַכטע הענט?"

איך בין גריילעך מסופק אין דעם. איך האָב מורא צו זאָגן, אַז די געשיכטע וועט האָבן אַ רעכט נישט צו בענטשן אונז, נאָר נאָך אפשר צו מאַכן אונז דעם שאַרפסטן פאָרוואורף, אַז נישט נאָר האָבן מיר נישט געשטאַרקט די אָפּגעשוואַכטע הענט, נאָר מיר האָבן נאָך די אַנדערע געשטערט, וואָס האָבן זיי געוואָלט מאַכן שטאַרקער.

דער גאַנצער טאָן פון אונזער היגער יידישער פּובלי-ציסטיק איז אַ יאוש-טאָן. רעכנט איר אַראָפּ אַ פּאָר אויסנאַ-מען, זענען כמעט אַלע — קלאָג-מוטערס, מוסר-זאָגערס, חוזק-מאַכערס. לייענט איר זיי, דערהויבט אונזערע סאַטיריקער, קאָנט איר נישט אונטערדריקן דאָס געפיל פון חלשות. אַזאַ מין שפּלע, נידעריקע, שטיקנדיקע אַטמאָספער הערשט אין אונזער סאַטירע, און עס שמעקט מיט וואַנצן.

נישט אין דערינען ליגט די בייז, וואָס איינער קלאָגט אויף אונזער לאַגע, גיסט אויס זיין צאָרן אויף אונזערע פעלערן און שפּאָט אויס אונזערע שוואַכקייטן.

דאָס זענען נויטווענדיקע עלעמענטן פון יעדער געזונטער, ערלעכער פּובליציסטיק, צו וועלכער עס דאַרף אויך געהערן די מוטיקע בייסנדיקע סאַטירע. דאָס זענען אויך די וויכטיקסטע עלעמענטן פון יענע אייביקע ליטעראַרישע ווערק, וועלכע עס האָבן אונז איבערגעלאָזן בירושה אונזערע נביאים.

אויך די נביאים האָבן געקלאָגט אויף אונזער ביטערן גורל: זיי זענען אָבער נישט געווען קיין קלאָג-מוטערס. אויך

זיי האָבן מיט אַנגעברענטע אייזערנע קאַמען געריסן פּאַסן-ווייז פונם פאָלק פאַר זיינע זינד: זיי זענען אָבער נישט געווען קיין מוסר-זאָגערס. אויך זיי פלעגן נישט שפּאָרן קיין בייסנדיקן שפּאָט: זיי זענען אָבער נישט געווען קיין חוזק-מאַכערס.

פון דידאָזיקע געמיינהייטן און שוואַכקייטן האָט זיי אָפּגעהיט זייער גרויסער גלויבן, זייער הימל-הויכער אידעאַל, זייער אומענדלעכע ליבע צום פאָלק. און אָט דער גלויבן, דער אידעאַל, די ליבע, האָבן זיך קלאָר און שאַרף אַרויסגעוויזן אין די ריינע טרערן פון זייער געוויין, אין דעם לויטערן פייער פון זייער צאָרן און פון זייער קריטיק.

אין וואָס גלויבן אָבער אונזערע פּובליציסטן? וועלכער אידעאַל שוועבט פאַר פאַר זייער בליק? וואָס ליבן זיי און וואָס האַסן זיי אין דעם לעבן פון אונזער פאָלק? — איר וועט דאָס בשום אופן נישט אַרויסגעפינען פון אונזערע קלאָג-מוטערס, מוסר-זאָגערס און חוזק-מאַכערס.

און נאָך אַ זאַך. ווי שאַרף און שטרענג דער נביא פלעגט זיך נישט באַגיין מיטן פאָלק, — די קריטיק איז נאָר געווען איין זייט פון זיין פּראָפּאַגאַנדע. נאָך די שטראָף-רייד פלעגן אַלעמאָל קומען די טרייסט-רייד, די צערטלעכסטע ליבע צו דעם געשטראָפטן פאָלק (הבן יקיר לי אפרים!), די גלענצנדיקע שילדערונגען פון אַ רייכער, געבענטשטער צוקונפט.

דאָס איז געווען אַ פּסיכאָלאָגישע נויטווענדיקייט, — אַן אינעווייניקסטע באַדערפעניש פון דעם נביאס הארצן און אַ לעבנס-נויט פאַר דאָס גאַנצע פאָלק. וואָלט זיין נשמה נישט געווען פול מיט דער צאַרטסטער ליבע און, וואָלט ער נישט בעגלויבט אין דער לויכטנדיקער צוקונפט, וואָלט ער נישט געקאָנט נעמען אויף זיך די פּיינפולע שליחות, אויפצורייסן די וווּנדן פון פאָלק.

די צערטלונג און די טרייסט האָט דער נביא נישט געטאָרט באַהאַלטן אין זיך. ער האָט זיי געמוזט אַרויסזאָגן מיט דערזעלביקער קראַפט, מיט וועלכער ער האָט געשליידערט זיין פלאַמענדיקן צאָרן, אז נישט, וואָלט ער נישט געקאָנט אויס-

פירן די וויכטיקסטע פון זיין שליחות צום פאָלק: „צו שטאַרקן די שוואַך-געוואָרענע הענט".

עס איז נאָך נישטאָ אויף דער וועלט אַזאַ שטימונגס-פאָלק, ווי דאָס יידישע. געגוג שטימונגס-מענטש איז דער פּראַנצויז, געגוג אומרואיק און פאַרענדעריש איז אויך זיין נשמה, אָבער אויך זי איז נישט באַקאַנט מיט אַזוינע העפטיקע אומרודערונגען, מיט אַזוינע בליץ-שנעלע איבערבייטן, מיט אַזאַ אַרומוואַרפן זיך צווישן עקסטרעמען פון געפיל, ווי די, וועלכע עס לעבט איבער דער מוט פון דעם יידישן פאָלק.

אָטאָ ווייבינגער האָט אונז אָנגערופן אַ ווייבער-פאָלק. עס איז פיל אמת אין זיין כאַראַקטעריסטיק. אויך אויף אונז, ווי אויף דאָס ווייב, האָט די גרעסטע שליטה דאָס געפיל, דאָס האַרץ, און נאָך מער פאַר דאָס — די שטימונג. ווייבינגערס טעות איז אָבער באַשטאַנען איינמאָל אין דעם, וואָס ער האָט אַ טאָטאַל-פאַלשע ווערט-אָפּשאַצונג פון דעם פרויען-געמיט. דער עיקר אָבער אין דעם, וואָס ער האָט געזען נאָר די איין זייט פון דעם מעדאַל, דעם כאַראַקטער פון דעם „עמא פזיזא". דעם לייכטזיניקן פאָלק, און האָט נישט געזען די אַנדערע זייט פון אונזער ווידערשפּרוכפולן געמיט: דעם „עם קשה עורף", דאָס פאָלק מיט דעם האַרטן נאַקן.

יאָ, עס שטייט אין אונז פיל פון דעם פרויען-געמיט. נישט אומזיסט פאַרגלייכט אונז אַזוי אָפט דער נביא צו אַ פרוי. נישט אומזיסט איז אונזער ליבלינגס-געשטאַלט די מוטער רחל. אונזער האַרץ איז אָפטמאָל צאַרט און ווייך.

דאָס ווערט אָבער אויך צייטנווייז האַרט, ווי אַ קיזל-שטיין.

און דאָס אַלץ הענגט אָפּ פון דער שטימונג. עס פאַר-שווינדן פון אונז פּלוצלונג די שאָטנס פון אנגסט, און דעמאָלט איז אפשר נישטאָ קיין זאַך אין דער וועלט, פאַר וועלכער עס זאָל זיך קאָנען אָפּשטעלן אונזער העלדישער מוט.

דאָס האָבן אונזערע פירער פון לאַנג אָן געוווסט. עס וועט דיר קיין זאַך נישט זיין שווער, האָבן זיי געטענהט צום פאָלק, „רק חזק ואמץ", נאָר נעם זיך אַליין אין די הענט

און מאַך שטאַרק דיין געמיט, און צעלאָז זיך נישט אין צע-צערטלטער, נערוועזישער שוואַכקייט.

אָט פאַרוואָס עס איז גראָד פאַר אונזער פאָלק אַזוי וויכטיק דער שטענדיקער צורוף צו מוטיקייט און האָפענונג; אָט פאַרוואָס אונזער גרעסטע געפאַר ליגט אין דעם אייגענעם יאוש.

אונזער לעבן איז אַ טראַגישעס. אין די לעצטע דרייסיק יאָר פון אונזער געשיכטע האָבן מיר נישט געהאַט קיין איין-איינציקע בערואיקטע מינוט. איך ווייס נישט, אויב דער גאַנ-צער וועלט-קריג, דער איצטיקער, האָט געקאָנט אַדויסברענגען אַזויפיל אינעווייניקסטע ליידן, ווי די, וועלכע אונזער פאָלק האָט דורכגעלעבט אין די לעצטע דרייסיק יאָר. נאָכאַנאַנד ווערן מיר געצופט און געריסן. פּאָגראָמען, אויפגעשליצטע בייכער, אָנגעשטאָפּטע מיט פעדערן. אויף העלפט צעריסענע קליינע קינדער, אויגן מיט אַריינגעשלאָגענע טשוועקעס אין זיי. מאַרך פון יידישע קעפּ, אויסגעמישט מיט דעם שמוץ פון דער רינע. עמיגראַציע, — לויף, וווהין די פיס טראָגן; באַשפּיי-אונגען פון דעם יידישן נאָמען. אין שטויב צעטראָטענע ליכ-טיקע האָפענונגען. און דאָס אַלץ כסדר, אָן אַן אויפהער, לאָז זיין אויף איבערכאַפּן דעם אָטעם.

אַן אַנדער פאָלק, עס זאָל זיין אפילו פון שטאָל, וואָלט שוין פון אים קיין זכר נישט געבליבן. אָבער זעט, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אויפגעטאָן גראָד אין די לעצטע אונזערע גיהנום-יאָרן!

דער „בונד" און אונזער וווּנדערבאַרער פרייהייטס-קאַמף אין רוסלאַנד: ס׳איז דאָך נישט קיין פראַזע, ס׳איז דאָך דער פּורער אמת, אַז מיר זענען געווען דער אַוואַנגאַרד פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי. דער ציוניזם מיט זיינע אינסטיטוציעס, מיט זיין קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט. דער וווּנדערבאַרער אויפבלי פון דעם יידישן ישוב אין אַמעריקע מיט זיינע נצחונות אויף אַלע פעלדער פון דער מענטשלעכער טעטיקייט, אויך אויף אַזעלכע, וואָס ער האָט פון זיי פריער קיין ברעקל השגה נישט געהאַט. די ניי-העברעאישע ליטעראַ-

טור מיט אירע ביאליקס און טשערניכאָווסקיס. דער אמתער זעלטענער וואונדער פון דעם גאָניאלן וווקס, וועלכע די יידישע שפראך און די יידישע ליטעראטור האבן באוויזן. די געבורט פון דער יידישער קונסט. די באשאפונג פון דער טעאָרעטישער פובליציסטיק: די אחד-העמס, די דר. בירנבוימס, די דובנאָווס.

און דאָס אלץ מיט א מינימום אינטעליגענץ, וואָס איז נאָך ביי אונז געבליבן אינדערהיים. די „אנטלאָפענע" אינ-טעליגענץ האָט דערווייל איינגענומען די וויכטיקסטע פאָזיציעס אין דער אלגעמיין-מענטשלעכער קולטור, אומעטום אויף דער גאנצער וועלט.

און דאָס אלץ — אין דעם רעכטן מיטן בראַנד פון פאָגראָמען און נאציאָנאלע קאטאסטראָפעס. און מיט אזא פאָלק זענט איר נאָך נישט צופרידן! און צו אזא פאָלק אין אזא לאגע האָט איר נאָך טענות!

גרויס און אומצעשטערבאר זענען די כחות פון אונזער פאָלק. גרויס, אומדערקלערלעך גרויס זענען די וואונדער, וואָס יענע כחות באשאפן. און זיי וואָלטן נאָך גרעסערע וואונדער באוויזן, ווען זיי וואָלטן געקומען צום באוווסטזיין פון זייער אייגענער קראפט, ווען די שטימונג פון אָפהענגיקייט און אָפ-געלאָזטקייט וואָלט נישט פאראליזירט אונזער עפנטלעכע ארבעט.

און אין דעם זענען מיר אליין שולדיק. מיר, די מענטשן פון דער פען. מיר, די פּראָדוצירער און דערהאלטער פון אלערליי עפנטלעכע שטימונגען. מיר, וואָס קאָנען פארשארפן די שאָטנס פון אגגסט, וואָס לעבן אין דעם פאָלקס געמיט, וואָס קאָנען אָבער באוווסטערהייט נעמען זיך די איניציאַטיוו צו פארטרייבן יענע שאָטנס, אָנצופילן די נשמות פון דעם פאָלק מיט מוט, האָפענונג און גלויבן און „צו פארשטארקן די שוואך געוואָרענע הענט".

אלץ איינס, אין וואָס עס זאל נישט זיין אייער גלויבן, אלץ איינס, אויף וואָס איר זאלט נישט האָפן, — רופט דאָס פאָלק צו טאָט און מוט!

דר. ח. זשיטלאָווסקי

— און ווי איז, אַז מיר גלויבן נישט? — פרעגט איר.
— איר גלויבט נישט? איז — ה ו י ב ט  אָ ן  ג ל ו י ב ן!
און אויב איר קאָנט דאָס נישט, איז — הערט אויף צו שרייבן.
אָבער א סוף דאַרף ענדלעך געמאַכט ווערן צו אייערע היס-
טערישע געוויינען, צו אייער דענערווירנדיקן מוסר, צו אייער
חלשותדיקן חוזק!

30-טער אויגוסט, 1915